# די
# שקלאַפעריי פון אונזער צייט

## און אנדערע געקליבענע סאָציאַלע שריפטען

פון

## ל. נ. טאָלסטאָי

---

איבערזעצט אין אידיש

פון ש. יאַנאָווסקי

---

ארויסגעגעבען פון די

פ ר י י ע   א ר ב י י ט ע ר   ש ט י מ ע

ניו יאָרק, 1912

# אינהאַלטס-פערצייכניס

# פעטער קראפאטקין איבער טאלסטאי

יעדער איינער ווייס פון דער טיעפער ענדערונג, וועלכע איז פארגעקומען אין טאלסטאי'ס פונדאמענטאלע בעגריפע פון לעבען אין די יאהרען 1875—1878, ווען ער איז געווארען אלט א יאהר פופציג. איך דענק ניט, דאס אימיצער האט דאס רעכט צו רעדען עפענטליך וועגען דעם, וואס איז פארגעקומען אין די סאמע טיעפענישען פון איינעמס הארץ. אבער מיט דעם אליין, וואס טאלסטאי דערצעהלט אונז וועגען די אינערליכע דראמע און די קעמפפע, וועלכע ער האט דורכגעמאכט, האט ער אונז, אזוי צו זאגען, איינגעלאדען צו אונטערזוכען, צו ער איז גערעכט מיט זיינע ארגומענטען און מיט די שליסע, וועלכע ער האט געצויגען.

עס איז זאנדערבאר, ווען מען לייענט איבער די ערשטע ווערק פון טאלסטאי, ווי מען געפינט אין זיי שוין די אידעען, וועלכע ער האט פערטהיידיגט אזוי שטארק אין די לעצטע 30 יאהר פון זיין לעבען. פילאזאפישע פראגען און פראגען וועגען די מאראל־פרינציפען פון לעבען האבען איהם שוין אינ־טערעסירט פון זיין פריהער יוגענד. ווען ער איז געווען בלויז זעכצעהן יאהר אלט, האט ער שוין געלייענט פילאזאפישע ווערק און אין דער צייט פון זיינע אוניווערזיטעטס־יאהרען, און זאגאר אין די שטורמדיגע טעג פון זיינע ליידענשאפטען, האט זיך איהם געשטעלט די פראגע: „ווי דארף מען לעבען", אין איהר גאנצער וויכטיגקייט. זיינע אויטאביאגראפישע נאוועלען, בעזאנדערס זיין „יוגענד", טראגען שוין אין זיך די סליאדען פון יענער אונערקלערליכער ארבייט פון זיין מח, באטש, ווי ער האט עס ערקלערט אין זיין „ודוי", ער האט קיינמאל ניט געזאגט אזוי פיעל, וויפיעל עס איז געווען צו זאגען איבער דיזען געגענשטאנד. נאך מעהר, עס איז קענטיג, דאס באטש ער שילדערט זיין געדאנקענגאנג אין יענע יאהרען, אלס אזעלכען ווי פון א פילא־

זאָפּישען ניהיליסט, דאָך, אין דער ווירקליכקייט, האָט ער זיך קיינמאָל ניט צושיידט מיט דעם גלויבען פון זיין קינדהייט. ער איז אימער געווען א בעוואונדערער און א נאָכפאָלגער פון רוססאָ. אין זיינע ארטיקלען וועגען ערציהונג (געזאמעלט אין דעם 4טען בוך פון די צעהנטע מאָסקווער אויסגאבע פון טאָלסטאָי׳ס ווערק) געפינט מען א דיסקוסיאָן וועגען די מייסטע ברענענדיגע פראגען, וועלכע ער האָט בעהאנדעלט אין זיינע שפּעטערע יאהרן. דיעזע פראגען האָבען איהם זאָגאר דאן שוין אזוי שטארק געארט, דאָס, וועהרענד ער האָט אָנגעהאלטען זיין שולע אין יאסנאיא פּאָליאנא און איז געווען א פריעדענסריכטער — 1861—1862 — איז איהם געוואָרען אזוי עקעלדיג פאר די צווייזייטיגקייט פון זיין שטעלונג אלס א גוטער און פרומער לענדלאָרד, דאָס ער האָט געשריבען נאכהער: „איך וואָלט נאָך אפשר דאן געקומען צו דעם קריזיס, וועלכען איך האָב דערגרייכט פופצעהן יאהר שפּעטער, ווען עס וואָלט ניט געבליבען נאָך עטוואָס אין לעבען, וועלכעס האָט מיר פערשפּראָכען גליק און רעטונג, נעמליך: „דאָס פערהייראטהע לעבען“. אין אנדערע ווערטער, טאָלסטאָי איז שוין דאן געווען זעהר ניט ווייט פון אָבצוברעכען מיט דעם שטאנדפּונקט פון די פּריווילעגירטע קלאסען וועגען אייגענטהום און ארבייט, און צושטעהען צו דער גרויסער פּאָלקס־בעוועגונג, וועלכע האָט זיך אָנגעפאנגען אין רוסלאנד. דאָס וואָלט ער אויך וואהרשיינליך געטהאָן, ווען א נייע וועלט פון ליעבע, פון פאמיליען־לעבען און פאמיליען־אינטערעסען, וועלכע ער האָט אויפגענומען מיט דער געוועהנליכער פייערדיגקייט פון זיין ליידענשאפטליכער נאטור, וואָלט ניט פערשטארקט די פערבינדונגען וועלכע האָבען איהם געהאלטען פעסט ביי זיין אייגענער קלאס.

אויף די קונסט האָט געווים פיעל בייגעטראָגען אז זיין אויפמערקזאמקייט זאָל זיך אָבווענדען פון דער סאָציאלער פּראָבלעמע — וועניגסטענס פון איהר עקאָנאָמישער זייט. אין „קריעג און פריעדען“ האָט ער ענטוויקעלט די פילאָזאָפיע פון „די מאסען און העלדען“, א פילאָזאָפיע, וועלכע אין יענע יאָהרען האָט געפונען וועניגע צווישען די געבילדעטע מענשען אין

אייראָפּאַ, וועלכע זאָלען איהר אָננעהמען. צי דאָס איז געוועזן זיין פּאָעטישער זשעניע, וועלכער האָט פאַר איהם ענטפּלעקט די ראָלע, וואָס די מאַסען האָבען געשפּיעלט אין 1812, און האָט איהם געלערנט, דאָס זיי, —די מאַסען און ניט די העלדען— האָבען אויסגעפיהרט אַלע גרויסע זאַכען אין דער געשיכטע; צי דאָס איז געוועזן אַ וויטערע ענטוויקלונג פון די אידעען, וועלכע האָבען איהם בעגייסטערט אין זיין ארבייט פאַר די שולע אין יאַסנאַיאַ פּאָליאַנאַ, אין געגענזאַץ צו אַלע ערציהונגס־טהעאָריעס, וועלכע זיינען אויסגעארבייט געוואָרען פון דער קירכע און שטאַאט אין די אינטערעסען פון די פּריווילעגירטע קלאַסען, — יעדענפאַלס „קריעג און פריעדען" האָט איהם געגעבען אַ פּראָבלעמע, וועלכע איז געוועזן גרויס גענוג צו בעשעפטיגען אַלע זיינע געדאַנקען פאַר אַ סך יאָהרען. און שרייבענדיג דיעזעס מאָנומענטאַלע ווערק, אין וועלכען ער האָט געשטרעבט אַרויסצוברענגען אַ נייעם בעגריף פון געשיכטע, האָט ער געמוזט פיהלען, דאָס ער אַרבייט אין דער אמת׳ער ריכטונג. וואָס אַנבעטרעפט דאָס ווערק „אַנאַ קאַרענינאַ", וועלכעס האָט ניט געהאַט אַזאַ פילאָזאָפישען און רעפאָרמאַטאָ־רישען צוועק, האָט עס אָבער געוויס געמוזט געבען טאָלסטאָי׳ען די מעגליכקייט איבערצולעבען נאָך אמאָל, דורך די גאַנצע ליידענ־שאַפטליכקייט פון זיין פּאָעטישען שאַפען, דעם אויבערפלעכלי־כען און פוסטען לעבען פון די רייכע און צו שטעלען עס אין קאָנ־טראַסט מיט דעם לעבען פון די בויערן. און עס איז געוועזן דאַן, ווען ער האָט געענדיגט דיזעס ווערק, דאָס ער האָט אָנגעהויבען ריכטיג בעגרייפען, אויף וויפיעל זיין אייגענער לעבען איז להיפוך צו די אידעאַלען פון זיינע פריהערע יאָהרען.

אַ שרעקליכער קאַמפּף האָט געמוזט דאַן פאָרקומען אין דעם מח פון דעם גרויסען שרייבער. דער קאָמוניסטישער געפיהל, וועלכער האָט איהם געמאַכט דערצעהלען דעם פאַקט וועגען דעם זינגער אין ליוצערן, און צוגעבען צו דעם אַ שטאַרקע פערדאַמונג געגען די ציוויליזאַציאָן פון געלדזאַק; דער געדאַנקענשטראָם, וועלכער האָט דיקטירט זיין שטרענגע קריטיק געגען פּריוואַט־אייגענטהום אין דער „געשיכטע פון אַ פערד"; די אַנאַרכיסטי־

שע אידעען, וועלכע האָבען איהם געבראַכט אין זיינע ערציהונגס־ארטיקלען צו דער אָבלייקענונג פון אַ ציוויליזאַציאָן, וואָס איז געבויט אויף קאַפּיטאַליזמוס און שטאַאט; און, פון דער אנדערער זייט, זיין בעגריף פון פּערזענליכען אייגענטהום, וועלכען ער האָט געמאַטערט זיך צו פעראייניגען מיט זיינע קאָמוניסטישע נייגונגען; זיין מאַנגעל אין סימפּאַטהיע מיט די פּאַרטייען, וועלכע זיינען געוועזען אין קאַמפּף מיט דער רוסישער רעגיערונג און, אין דערזעלבער צייט, זיין טיעף־איינגעוואָרצעלטער האס צו דער זעלבער רעגיערונג — אַלע דיזע נייגונגען זיינען געווים געוועזען צווישען זיך אין אַ שטאַרקען קאַמפּף אין דעם קאָפּ פון דעם גרויסען שרייבער. דיזע אייביגע ווידערשפּריכע זיינען געוועזען אַזוי קלאָר, דאָס וועהרענד קורצזיכטיגע קריטיקער אין די „מאָסקווער גאַזעט“, פּערטהיידיגער פון לייב־אייגענשאַפט, האָבען געמיינט, אַז טאָלסטאָי האָט זיך אָנגעשלאָסען אָן זייער רעאַקציאָנערען לאַגער, האָט דער גרויסער רוסישער קריטיקער מיכאַילאָווסקי פּערעפענטליכט אין 1875 אַ רייהע מערקווירדיגע אַרטיקלען, אונטער'ן נאָמען: „די רעכטע און די לינקע האַנד פון גראַף טאָלסטאָי“, אין וועלכע ער האָט אָנגעוויזען אויף די צוויי מענשען, וועלכע זיינען געוועזען אין אַן אייביגען קאַמפּף אין דעם גרויסען שרייבער. אין דיזע אַרטיקלען, האָט דער קריטיקער, אַ גרויסער בעוואונדערער פון טאָלסטאָי, אַנאַליזירט די פּאָרטגעשריטענע אידעען, וועלכע ער האָט ענטוויקעלט אין זיינע אַרטיקלען וועגען ערציהונג, וועלכע זיינען צו יענער צייט געוועזען נאָך כמעט ווי אונבעקאַנט, און האָט זיי אוועקגעשטעלט אין געגענזאַץ צו די קאָנסערוואַטיווע אידעען, וועלכע ער האָט ענטוויקעלט אין זיינע שפּעטערע ווערק. אַלס אַן אונפּערמיידליכען רעזולטאַט, האָט מיכאַילאָווסקי פאָראויסגעזאָגט אַ קריזיס, צו וועלכען דער גרויסער שרייבער מוז קומען.

„איך וועל ניט ריידען“, האָט מיכאַילאָווסקי געשריעבען, „פון אַננאַ קאַרענינאַ, ערשטענס דערפאַר, ווייל עס איז נאָך ניט געענדיגט, און, צווייטענס, דערפאַר, ווייל מען מוז ריידען פון דעם אָדער זעהר פיעל אָדער גאָר ניט. איך וויל נור בעמערקען, דאָס אין דיזען ראָמאַן, פיעל אויבערפלעכליכער, אָבער טאַקע דערפאַר פיעל קלאָרער, ווי

ערגעץ אַנדערש — זעהט איינער די סליאַדען פון דער דראַמאַ, וועלכע שפּיעלט זיך אָב אין דער פּערפאַסער'ס נשמה. איינער פרעגט זיך אַליין, וואָס זאָל אַזאַ מענש טהאָן, ווי קען ער לעבען, ווי זאָל ער אויסמיידען יענעם סם פון זיין געוויסען, וועלכער רוקט זיך אימער אַריין אין די פּערגעניגענס פון אַ בעפריעדיגטע בעדירפניס? זיכער מוז ער, כאָטש אפשר גאַנץ אונבעוואוסט, זוכען אַ מיטעל, ווי צו מאַכען אַ סוף צו דער אינערליכער דראַמאַ פון זיין נשמה, אַראָבצולאָזען דעם פאָרהאַנג. אָבער ווי טהוט מען דאָס? איך דענק, דאָס ווען אַ געוועהנליכער מענש וואָלט געווען אין אַזאַ לאַגע, וואָלט ער געענדיגט אַלס זעלבסט־מערדער, אָדער אַלס שכור. אַ מענש אָבער פון אַ גרויסען ווערטה וועט זוכען אָן אַנדער אויסוועג, און אַזעלכע אויסוועגען זיינען דאָ אייניגע." (מיכאַילאָווסקי'ס ווערק, דריטער באַנד, זייטע 491.)

איינע פון די אויסוועגען, האָט מיכאַילאָווסקי אָנגעוויזען, וואָלט געווען צו שרייבען פאַר'ן פאָלק. געוויס. געוויס, זעהר ווענינע זיינען אַזוי גליקליך צו בעזיצען דעם טאַלענט און די פעהיגקייט דערצו:

„אָבער איינמאָל איז ער (טאָלסטאָי) איבערצייגט, דאָס די נאַציאָן בעשטעהט פון צוויי העלפטען, און דאָס זאָגאַר די אונשולדיגע פּער־געניגענס פון דער איין העלפט זיינען שעדליך פאַר די צווייטע — ווארום זאָל ער דאָן ניט אַוועקגעבען זיין געוואַלדיגען כח פאַר דיזע אויפגאַבע? עס איז זאָגאַר שווער זיך פאָרצושטעלען, דאָס אירגענד וועלכע אַנדערע אויפגאַבע זאָל קענען אינטערעסירען דעם שרייבער, וועלכער טראָגט אין זיין נשמה אַזאַ שרעקליכע דראַמאַ, ווי די, וועלכע טאָלסטאָי טראָגט. אַזוי טיעף און אַזוי ערנסט איז זי, אַזוי טיעף געהט זי צו די וואָרצלען פון יעדער ליטעראַרישער טהעטיגקייט, דאָס זי מוז ענדליך פערניכטען אַלע אַנדערע אינטערעסען... און איז עס ניט אַ געניגענדער הויכער צוועק אין לעבען, אימער צו דערמאָנען די „געזעלשאַפט“, דאָס איהרע פּערגעניגענס און פריידען זיינען ניט די פּערגעניגענס און פריידען פון דער גאַנצער מענשהייט, צו ערקלערען דיזער „געזעלשאַפט“ דעם אמת'ן זין פון דער ערשיינונג פון פאָרט־שריט, אויפצוּוואַקען, און זאָל עס נור זיין אין איינצעלנע, דעם געוויסען און דעם וואונש פאַר רעכט? און איז דען ניט דיזער פעלד ברייט גענוג פאַר פאָרטשריט?.... די דראַמאַ, וועלכע געהט אָן אין

גראַף טאָלסטאָי'ס נשמה, איז נור אַן השערה", ענדיגט מיכאַילאָווסקי, „אָבער די השערה איז גערעכטפערטיגט. אָהן איהר איז אונמעגליך צו פערשטעהן טאָלסטאָי'ען." (מיכאַילאָווסקי'ס ווערק, 3טער באַנד, זייטע 496.)

איצט ווייס מען שוין, ווי מיכאַילאָווסקי'ס השערה איז געווען טאַקע אַן אמת'ע נבואה. אין דיא יאהרען 1875—76, ווען טאָלסטאָי האָט געהאַלטען ביים ענדיגען „אַנאַ קאַרענינאַ", האָט ער געגצליך בעגריפען די פוסטקייט און די צוויייזייטיגקייט פון לעבען, וועלכען ער האָט ביז דאַן געפיהרט. „עטוואָס פרעמדעס האָט אָנגעהויבען פאַרקומען אין מיר," שרייבט טאָלסטאָי, „איך האָב אָנגעפאַנגען צו שפּירען מינוטען פון צוטומעלטקייט, פון אַן אויפהערונג פון לעבען, אזוי ווי איך וואָלט ניט געוואוסט ווי צו לעבען און וואָס צו טהאָן." „צו וואָס? וואָס קומט נאכהער?" זיינען געווען די פראַגען, וועלכע האָבען זיך איהם געשטעלט. „גוט," האָט ער געזאָגט צו זיך אליין, „דו וועסט האָבען פופצעהן־טויזענד אקער לאַנד אין סאַמאַראַ, דריי־טויזענד פערד — אָבער וואָס קומט ארויס דערפון? און איך בין געווען גאַנץ צומישט, איך האָב ניט געוואוסט, וואָס נאָכדעם צו טראַכטען." די ליטעראַרישע בעריהמטהייט האָט פערלאָרען פאַר איהם חן איצט, אַז ער האָט דערגרייכט די גרויסע הויכקייטען, צו וועלכע „קריעג און פריעדען„ האָט איהם געבראַכט. דער קליין בילדעל פון אַ מיעסטשאַנסקען פאַמיליען־גליק, וועלכען ער האָט געשילדערט אין אַ ראָמאַן פאַר זיין חתונה („פאַמיליען־גליק") האָט ער שוין איצט דורכגעמאַכט, און עס האָט איהם ניט מעהר צופריעדענגעשטעלט. אַ לעבען פון אויסגעלאַסענהייט, וועלכען ער האָט ביז דאַן געפיהרט, האָט פאַר איהם פערלאָרען יעדען רייץ און זין. „איך האָב געפיהלט," שרייבט ער אין זיין ודוי, „אַז דאָס, אויף וואָס איך בין געשטאַנען, האָט זיך צובראָכען, אַז עס איז גאַר ניט געבליבען אויף וואָס צו שטעהן; אַז דאָס, פאַר וואָס איך האָב געלעבט, האָט שוין מעהר ניט עקזיסטירט. מיין לעבען איז געקומען צו אַן אָבשטעל." די זאָגענאַנטע פאַמיליען־פליכטען האָבען פערלאָרען זייער אינטערעס. ווען ער האָט געטראַכט פון דער ערציהונג פון זיינע

קינדער, האָט ער זיך אַליין געפֿרעגט: „צו וואָס?“ און העכסט וואהרשיינליך האָט ער געפיהלט, דאָס אַלס פּאַמיעשטשיק, ווערט ער זיי קיינמאָל ניט קענען געבען אַ בעסערע ערציהונג, ווי זיין איינענע, וועלכע ער האָט פערדאַמט. און ווען ער האָט אַנגעהויבען דענקען פון דעם גליק פון די מאַסען, פלעגט ער פּלוצלונג זיך אַליין פרעגען: „וואָס איז עס מיין עסק?“

ער האָט געפיהלט, דאָס ער האָט גאָר ניט צו וואָס צו לעבען. ער האָט אפילו ניט געהאט קיינע פערלאַנגען, וועלכע ער זאָל קענען אַנערקענען, אַלס פערנינפטיג. „ווען אַ געטין וואָלט צו מיר דאַן געקומען און מיר פּאָרגעשלאָגען עטוואָס צו בעפריעדיגען מיין פערלאַנג, וואָלט איך ניט געוואוסט וואָס צו פערלאַנגען. איך האָב זאָגאר ניט געוואונשען צו וויסען דעם אמת, ווייל איך האָב זיך משער געווען, וואָס דער אמת איז. דער אמת איז געווען, דאָס דער לעבען אין אַן אונזין.“ ער האָט ניט געהאט קיין ציעל, קיין צוועק אין לעבען, און אַזאַ לעבען, מיט זיינע אונפערמיידליכע ליידען איז ניט ווערטה צו לעבען.

ער האָט ניט געהאט די מאָראַלישע טעמפּקייט, וועלכע איז נויטיג, אַז זיין גוט לעבען זאָל ניט פערגיפטעט ווערען פון דעם אַרומיגען עלענד. און דאָך, ווי שאָפּענהויער, האָט ער ניט געהאט דעם ווילען, וועלכער איז געווען נויטיג, אום צו ברענגען אין איינקלאַנג זיין פערשטאַנד און זיינע חושים. זעלבסט־פערניכטונג, טוידט איז איהם דאַרום אויסגעקומען אַלס דער בעסטער אויסוועג.

דאָך, טאָלסטאָי איז געווען צו אַ שטאַרקער מענש צו ענדי־גען זיין לעבען מיט זעלבסטמאָרד. ער האָט געפונען אַן אויסוועג און דיעזער אויסוועג איז איהם אַנגעצייגט געוואָרען דורך זיין צוריקקעהרען זיך צו דער ליעבע, וואָס ער האָט געפיהלט אין זיינע יונגע יאָהרען: די ליעבע צו די בויערען־מאַסען. „צי דאָס איז געווען דער רעזולטאַט פון אַ מאָדנער, אַזוי צו זאָגען, אַ פיזישער ליעבע צו די ווירקליכע ארבייטער,“ שרייבט טאָלסטאָי, „צי דאָס איז געווען עפּעס אַן אַנדער אור־זאַכע“, אָבער ער האָט פערשטאַנען ענדליך, דאָס ער מוז זוכען דעם זין פון לעבען צווישען די מיליאָנען, וועלכע ארבייטען זייער

גאנצען לעבען. ער האָט אָנגעהויבען אונטערזוכען מיט מעהר אויפמערקזאַמקייט ווי פריהער דעם לעבען פון דיעזע מיליאָנען, און ער האָט אָנגעהויבען צו ליעבע דיעזע מענשען. און וואָס מעהר ער איז אריינגעדרונגען אין זייער לעבען, פערגאַנגענעם און איצטיגען, דאָס מעהר האָט ער זיי געליעבט און דאָס לייכטער איז פאַר איהם געוואָרען דאָס לעבען. וואָס אַנבעטרעפט דאָס לעבען פון די מענשען פון זיין אייגענעם קרייז, די רייכע און געבילדעטע, שרייבט ער, „האָב איך ניט נור געפיהלט אַן עקעל צו דעם, נור עס האָט פערלאָרען יעדען זין אין מיינע אויגען.“ ער האָט פערשטאַנען, דאָס אויב ער האָט ניט געזעהן צו וואָס עס טויג דאָס לעבען, איז דאָס נור געווען זיין אייגענער לעבען, א לעבען פון אויסגעלאַסענהייט, וועלכער האָט פערפינסטערט פאַר איהם דעם אמת.

„איך האָב פערשטאַנען,“ שרייבט טאָלסטאָי, „אז מיין פראַגע: „וואָס איז לעבען?“ און מיין ענטפער: „אַן אונגליק“, זיינען גאַנץ ריכטיג. איך בין נור געווען אונגערעכט, אָנווענדענ־דיג עס אויף דעם לעבען אין אַלגעמיין. אויף די פראַגע: „וואָס איז לעבען?“ האָב איך געקראָגען אַן ענטפער: „אַן אונגליק און אַן אונזין“. און אזוי איז עס טאַקע געווען. מיין אייגענער לעבען, א לעבען, אָבגעגעבען צו ליידענשאַפטען, האָט ניט געהאַט קיין זין... אָבער דאָס איז נור געווען ריכטיג פאַר מיין אייגענעם לעבען, און ניט פאַר'ן לעבען פון אַלע מענשען. אָנפאַנגענדיג מיט די פויגעל און די ניעדריגסטע חיות, לעבען אַלע אום אויפ־צוהאַלטען דאָס לעבען און צו פערזיכערען א לעבען פאַר אַנדערע א חוץ פאַר זיך אַליין, ווערהענד איך, ניט נור האָב איך עס ניט געטהאָן פאַר אַנדערע, איך האָב עס זאָגאַר פאַר זיך אַליין ניט געטהאָן. איך האָב געלעבט ווי א פאַראַזיט, און שטעלענדיג זיך אַליין די פראַגע: „צו וואָס לעב איך?“ האָב איך געקראָגען אַן ענטפער: „פאַר גאָר ניט“.“

די איבערצייגונג, אַלזאָ, דאָס ער מוז לעבען, ווי די מאַסען לעבען, פערדיענענדיג אויף זיין לעבען, דאָס ער מוז פראַצעווען, דאָס אַזאַ לעבען איז דער איינציגער ענטפער אויף די פראַגע, וועלכע האָט איהם געבראַכט צו פערצווייפלונג, דער איינציגער

מיטעל, ווי צו רעטען זיך פון די ווידערשפּריכע, וועלכע האָבען געמאַכט שאָפּענהויער און פיעלע אַנדערע פּרעדיגען זעלבסט־פערניכטונג און פעסימיזמוס — דיעזע איבערצייגונג, אַלזאָ, האָט איהם געראַטעוועט, און האָט איהם צוריקגעגעבען די פּער־לאָרענע ענערגיע און דעם וואונש צום לעבען. אָבער דיזעלבע אידעע האָט בעגייסטערט טויזענדע אַנדערע פון דער רוסישער יוגענד אין יענע יאָהרען און האָט זיי געפיהרט אָנצוהויבען די גרויסע בעוועגונג „וו׳נאַראָד!“ „צום פאָלק: זיי דאָס פאָלק“.

טאָלסטאָי האָט אונז דערצעהלט אין זיין וואונדערבאַרען בוך: „די שקלאַפעריי פון אונזער צייט“ די איינדריקע, וועלכע עס האָבען געמאַכט אויף איהם די מאָסקוועער עלענדע אַרבייטער־קוואַרטאַלען אין 1881, און די ווירקונג, וועלכע זיי האָבען געהאַט אויף די ענטוויקלונג פון זיינע געדאַנקען. אָבער מיר ווייסען נאָך ניט, וועלכע פאַקטען און איינדריקע האָבען איהם געמאַכט אַזוי שטאַרק דערפיהלען אין 1875—1881 די גאַנצע פוסטקייט פון דעם לעבען, וועלכען ער האָט ביז דאַן געפיהרט. איז עס דען צו ריזיקאַליש, ווען איך גלויב, דאָס עס איז געוועזען גראַדע די בעוועגונג „צום פאָלק“, וועלכע האָט בעגייסטערט אַזוי פיעל רוסישע יונגע לייט צו געהן אין די דערפער און צו לעבען דאָרט דאָס לעבען פון פאָלק, וועלכע האָט אויך ענדליך געמאַכט טאָלסטאָי׳ען צו בעטראַכטען זיין לאַגע, אַלס פאַמיעשטשיק?

דאָס ער האָט געוואוסט פון דיעזער בעוועגונג, וועגען דעם איז ניטאָ דער מינדעסטער צווייפעל. דער פּראָצעס פון די נעשטשאיעוו־גרופּע אין 1871 איז געדרוקט געוואָרען מיט אַלע איינצעלהייטען אין די רוסישע צייטונגען און איינער האָט זאָגאַר אין די יוגענדליכע אונצייטיגע רעדען פון די אָנגעקלאָגטע געקאָנט גאַנץ גוט לייענען זייערע הויכע מאָטיווען און די גרויסע ליעבע צום פאָלק, וועלכע האָט זיי בעגייסטערט. דער פּראָצעס פון די דאָלגושינער גרופּען אין 1875 האָט געמאַכט אין דיעזער הינזיכט נאָך א טיעפערען איינדרוק; אָבער בעזאָנדערס דער פּראָצעס אין מערץ, 1877, פון יענע גרויסע העלדען פון די מיידלעך באַרדינאַ, ליובאַטאָוויטש, די שוועסטער סובאָטין, „די מאָסקוועער

פופציג“, ווי מען האָט זיי אַנגערופען אין די צירקלען, וועלכע, כאָטש אַלע פון רייכע פאַמיליען, האָבען דאָך געפיהרט אַ לעבען פון פאַבריק־מיידלעך, אין די שרעקליכע פאַבריק־קאַזאַרמעס, אַרבייטענדיג פיערצעהן און זעכצעהן שטונדען אַ טאָג, כדי צו זיין מיט די אַרבייטער און לערנען מיט זיי... און דאַן דער פּראָ־צעס פון די „הונדערט דריי און נייַנציג“ און פון וויערא זאַסו־ליטש אין 1878. ווי שטאַרק טאָלסטאָי האָט געמעגט ניט ליעב האָבען די רעוואָלוציאָנערען, האָט ער אָבער געמוזט פיהלען, לעזענדיג די בעריכטען פון דיעזע פּראָצעסען אין די צייטונגען, אָדער הערענדיג וואָס מען האָט גערעדט וועגען זיי אין מאָסקווע, און ער איז געווען אַן עדות פון דעם, וואָס פאַר אַן איינדרוק זיי האָבען געמאַכט אויפ׳ן עולם — ער, דער גרויסער אַרטיסט, האָט געמוזט פיהלען, דאָס דיעזע יוגענד איז פיעל נעהנטער צו דעם, וואָס ער איז אַליין געווען אין זיינע יונגע יאָהרען, אין 1864—1861, ווי צו די, צווישען וועמען ער האָט איצט געלעבט, די קאַטקאָווס און די פעטס און עהנליכע צו זיי. און דאַן, ווען ער האָט זאָגאַר גאַר ניט געוואוסט פון דיעזע פּראָצעסען און האָט גאָר ניט געהערט וועגען די „מאָסקווער פופציג“, האָט ער אָבער דאָך זיכער געלעזען טורגעניעוו׳ס „אונבעריהרטער באָדען“, וועל־כעס איז ערשיענען אין 1877, און ער האָט געמוזט פיהלען פון דיעזען ניט זעהר פאָלקאָמענעם בילד, וועלכער איז אַזוי וואַרעם אויפגענומען געוואָרען פון יונג־רוסלאַנד, וואָס דיעזער יונג־רוסלאַנד איז געווען.

ווען טאָלסטאָי איז יעמאָלט אין זיינע צוואַנציגער, וואָלט ער אפשר זיך אָנגעשלאָסען אָן דער בעוועגונג אין אַזאַ אָדער אַן אַנדער פאָרמע, ניט קוקענדיג אויף אַלערליי שטערונגען. אַזעלכער, ווי ער איז געווען, אין אַזאַ סביבה, און בעזאָנדערס מיט זיין מח, פיעל בעשעפטיגט מיט דער פראַגע: „וואו איז די פּרוזשינע, וועלכע זאָל בעוועגען די מענשליכע הערצער אין אַלגעמיין, און זאָל ווערען דער קוואַל פון אַ טיעפער מאָראַלישער רעפאָרם פון יעדען איינצעלנעם“, מיט אַזאַ פראַגע אין זיין קאָפּ, האָט ער געמוזט דורכמאַכען פיעלע קעמפּפע, איידער ער האָט גאַנץ בעוואוסטזיניג אָנגעהויבען געהן אויף דעם וועג, אויף

וועלכען עס איז געגאַנגען פאַר איהם מיט אַזאַ בעגייסטערונג די רוסישע יוגענד. ווייל אונזערע יונגע מענער און פרויען האָבען עס געטהאָן אויף דעם גרונד פון דער איינציגער ערקלע־רונג, אַז זיי זיינען שולדיג אַ חוב צום פאָלק, וועלעכר האָט ביז איצט פאַר זיי בעשאַפען אַלעס, וואָס זיי האָבען. דיעזער בעוואוסטזיין פון זייער „חוב צום פאָלק“ איז שוין געווען גענוג, אַז אונזערע יונגע מענער און פרויען זאָלען פערלאָזען זייערע רייכע היימען און זאָלען אָננעהמען דאָס איינפאַכסטע לעבען, קוים מיט עטוואָס אַנדערש פון דעם לעבען פון אַן ארבייטער און זיי האָבען איבערגעגעבען זיך מיט לייב און לעבען צום פאָלק. אָבער טאָלסטאָי — צוליעב פיעלע אורזאַכען, ווי ערציהונג, אומ־שטענדען, געוואוינהייט, עלטער און אפשר אויך די גרויסע פילאָזאָפישע פראַגען, וועלכע האָבען פערנומען זיין געדאַנק — האָט געמוזט דורכמאַכען די שווערסטע קעמפפע, איידער ער איז געקומען צו דעמזעלבען שלוס, כאָטש אויף אַן אַנדער וועג: דאָס הייסט, איידער ער האָט בעשלאָסען, דאָס ער איז אַ טרעגער פון אַ טהייל פון דעם געמליך־אונבעקאַנטען, וועמעס ווילען איז בעשטאַנען אין דעם, אַז יעדער זאָל ארבייטען פאַר דעם אַלגעמיינעם וואוילגעהן.*)

---

*) „דאָס, וואָס מאַנכע מענשען האָבען מיר געזאָגט, און איך האָב אַליין געמאַטערט זיך איינצורעדען — נעמליך, דאָס אַ מענש זאָל ווינשען גליק, ניט נור פאַר זיך אַליין, נור אויך פאַר אַנדערע, זיינע שכנים, און פונקט אַזוי פאַר אַלע מענשען, דאָס האָט מיך ניט צופריע־דענגעשטעלט. ערשטענס, האָב איך ניט געקאָנט מיט'ן גאַנצען האַר־צען ווינשען פאַר אַנדערע אַזוי פיעל גליק, ווי פאַר מיר אַליין; צוויי־טענס, און דאָס איז דאָס וויכטיגסטע, די אַנדערע, פונקט ווי איך, זיינען פערדאַמט צום אונגליק און טוידט און דארום זיינען איינפאַך נוצלאָז אַלע מיינע אנשטרענגונגען פאַר דעם גליק פון אַנדערע. איך בין געווען אין פערצווייפלונג“ — שרייבט טאָלסטאָי. דער בעגריעף, דאָס פערזענליכער גליק קען אַם בעסטען געפונען ווערען אין דעם גליק פון אַלע, האָט דאַן איהם געפעהלט, און דעם שטרעבען צו דעם גליק פון אַלע האָט ער געפונען פאַר אַ ניט־גענוגענדען צוועק אין לעבען.

אין דעם מאָמענט, ווען ער איז געקומען צו דיעזען בעשלוס, האָט ער אויך גלייך געהאַנדעלט אזוי. די שוויעריגקייטען, וועלכע ער האָט בעגעגענט אויפ׳ן וועג, איידער ער האָט געקענט פאָלגען דעם בעפעהל פון זיין געוויסען, האָבען געמוזט זיין זעהר גרויסע. מיר קענען קוים זיך מאַכען אַ בעגריף פון זיי. די סאָפיזמען, וועלכע ער האָט געהאַט צו בעקעמפּפען — איבער־הויפּט, ווען אַלע די, וועלכע האָבען פערשטאַנען די ווערדע פון זיין ריעזיגען טאַלענט, האָבען אָנגעהויבען פּראָטעסטירען געגען זיין פערדאַמונג פון די פריהערע ווערק זיינע — קענען מיר זיך אויך לייכט פאָרשטעלען. און מען מוז נור בעוואונדערען די מאַכט און קראַפט פון זיינע איבערצייגונגען, ווען ער האָט גענצ־ליך איבערגעאַנדערש דאָס לעבען, וועלכעס ער האָט ביז דאַן געפיהרט.

דאָס קליינע צימער, וועלכעס ער האָט פערנומען אין זיין רייכען פּאַלאַץ, איז גוט בעקאַנט דורך אַ וועלט־בעריהמטען פאָטאָגראַפישען בילד. טאָלסטאָי הינטער׳ן אַקער־אייזען, געמאָלט פון רעפּען, האָט געמאַכט זיין רונדרייזע איבער דער וועלט, און ער ווערט בעטראַכט פון דער רוסישער רעגיערונג אזוי געפעהרליך, דאָס מען האָט איהם ארויסגענומען פון דער עפענט־ליכע בילדער־אויסשטעלונג. בעגרענצענדיג זיין אייגענעם לעבען צו דאָס סאַמע נויטווענדיגסטע פון די איינפאַכסטע נאַהרונג, האָט ער געטהאָן זיין בעסט אַזוי לאַנג, ווי זיינע כחות האָבען עס איהם ערלויבט, צו פערדיענען דאָס נויטיגע וועניגע פאַר זיך דורך פיזישע ארבייט. און פאַר די לעצטע יאָהרען האָט ער געשריבען זאָגאַר מעהר, ווי ער האָט געשריבען אין די יאָהרען פון זיין העכסטער ליטעראַרישער פּרוכטבאַרקייט.

די ווירקונג פון דיעזען ביישפּיעל, וועלכען טאָלסטאָי האָט געגעבען דער מענשהייט, וויים יעדער. ער גלויבט אָבער, דאָס ער מוז אויך געבען די פילאָזאָפישע און רעליגיעזע גרינדע פאַר זיין אויפפיהרונג, און דאָס האָט ער געטהאָן אין אַ רייהע פון מערקווירדיגע ביכער.

געפיהרט פון דער אידעע, דאָס מיליאָנען איינפאַכע ארביי־

טער האָבען בעגריפען דעם אמת'ען זין פון לעבען און האָבען עס געפונען אין דעם לעבען אליין, וועלכען זיי בעטראַכטען אלס די אויפטהועכץ „פון דעם ווילען פון דעם בעשעפער פון דער וועלט", האָט ער אָנגענומען דעם איינפאַכען גלויבען פון די מאסען פון די רוסישע בויערן, כאָטש זיין געדאַנק האָט זיך געבאָרעט געגען דעם, און האָט מיט זיי צוזאַמען נאָכגעפאָלגט די אלע צערעמאָניעס פון פּראַוואָסלאַוויע. דאָך איז געווען אַ גרענעץ צו אזא נאָכגיעביגקייט פון זיין זייט. עס זיינען געווען אזעלכע גלויבענס און צערעמאָניעס, וועלכע ער האָט בשום אופן ניט געקענט אָננעהמען. ער האָט געפיהלט, אז פיעלעס וואָס ער זאָגט און טהוט אין דער קירכע, איז געגען זיין געוויסען. דאַן האָט ער זיך בעקענט מיט די צוויי סעקטאַנטישע בויערן, סוטאַיעוו און באַנדאַריאָוו, וועלכע ער האָט טיעף געאַכטעט, און ער האָט אויסגעפונען, דאָס אָנשליסענדיג זיך צו דער גריכישער אָרטאָדאָקסישער קירכע, העלפט ער די אלע העסליכע פערפאָלגונגען פון די סעקטאַנטען, און דאָס אויף אזא אופן איז ער אַ שותף צו דעם האַס, וועלכען אלע קירכען פיהלען איינע צו די אנדערע.

דאַן האָט ער זיך גענומען צו אַ פאָלשטענדיגען שטודיום פון קריסטענטהום, ניט קוקענדיג אויף די לעהרען פון די פערשיעדענע קירכען. אין אַ מערקווירדיג טיעף אויסגעאַרבייטען ווערק (אַ קריטיק פון דער דאָגמאַטישער טהעאָלאָגיע) האָט ער בעוויעזען, ווי גרונד־פערשיעדען עס זיינען די פערטייטשונגען פון די קירכען פון דעם אמת'ען זין פון די ווערטער פון יעזוס. און דאַן האָט ער אויסגעאַרבייט, גאַנץ אונאַבהענגיג, אַ פערטייטשונג פון דער קריסטליכער לעהרע, וועלכע איז זעהר ענהליך צו די פערטייטשונגען פון די אלע פריהערע גרויסע בעוועגונגען — אין דעם נייַנטען יאהרהונדערט אין ארמעניען — נאכהער פון ווייקליף און פון די ערשטע אנאבאפּטיסטען, בעטאָנענדיג אָבער מעהר פון אלץ די לעהרע פון ניט ווערען זיך געגען דאָס בייזע.

## טאָלסטאָי׳ס פערטייטשונג פון קריסטענטהום.

די אידעען, וועלכע טאָלסטאָי האָט לאנגזאם ענטוויקעלט, זיינען ערקלערט אין דריי בעזונדערע ווערק: 1) די דאָגמאַטישע טהעאָלאָגיע, די הקדמה פון וואָס איז בעסער בעקאַנט אלס די ודוי, און איז אָנגעשריבען געוואָרען אין 1882. 2) „וואָס איז מיין גלויבען“ (1884), און 3) „וואָס איז אלזאָ צו טהאָן?“ (1886), צו וואָס עס דארף צוגעלעגט ווערען „דער קעניגרייך פון גאָט איז אין אייך אליין“, אָדער קריסטענטהום ניט אלס מיסטישע לעהרע, נור אלס א נייער בעגריף פון לעבען (1900) און מעהר פון אלץ, א קליין ביכעלע „די קריסטליכע לעהרע“ (1902), וועלכעס איז געשריבען אין קורצע פאראגראפען, און ענטהאלט א פולע און בעשטימטע ערקלערונג פון טאָלסטאָי׳ס רעליגיעזע אנזיכטען. פיעלע אנדערע ווערק, וועלכע בעהאנדלען דעמזעלבען געגענשטאנד, ווי „דאָס לעבען אין די לעהרע פון קריסטוס“, „מיין ענטפער אויף דעם סינאָד׳ס חרם“, „וואָס איז רעליגיאָן“, „וועגען לעבען“ א. ז. וו., זיינען ארויסגעגעבען געוואָרען דעמזעלבען יאָהר. דיזע ביכער שטעלען מיט זיך פאָר טאָלסטאָי׳ס ארבייט פאר די לעצטע צוואנציג יאהר, און וועניג־סטענס פיער פון זיי („די ודוי“, „מיין גלויבען“, „וואָס איז צו טהאָן“ און „די קריסטליכע לעהרע“) מוזען געלייענט ווערען אין דער אָנגעוויזענער אָרדנונג פון דעם, וועלכער וויל וויסען די רעליגיעזע און מאָראלע בעגריפע פון טאָלסטאָי און זיך ארויס־פלאָנטערען פון די צומישעניש, וועלכע ווערט מאנכעס מאָל ייִרקלערט אלס טאָלסטאָיאיזמוס

דיעזע ווערקע שטעלען מיט זיך פאָר דעם מערקווירדיגסטען פערזוך פון א ראציאָנאלע פערטייטשונג פון קריסטענטהום, וואָס איז אמאָל פון אימיצען פאָרגענומען געוואָרען. ביי טאָלסטאָי׳ען ווארפט פון זיך אראָב דער קריסטענטהום זיין גאנצען מיסטיציזמוס, און ער ווערט א ריין גייסטיגע לעהרע וועגען דעם וועלט־גייסט, וועלכער פיהרט דעם מענשען צו א העכערען לעבען, א לעבען פון גלייכהייט און פון פריינדליכע

פערהעלטניסע מיט אלע מענשען. ווען טאָלסטאָי נעהמט אָן דעם קריסטענטהום, אלס דעם פונדאמענט פון זיין גלויבען, איז עס ניט דערפאר, ווייל ער בעטראַכט עס, אלס א געטליכע ענט־פלעקונג, נור ווייל זיין לעהרע, אָבגערייניגט פון אלדאָס בייז, וואָס איז צו איהם צוגעלעגט געוואָרען דורך די קירכען, ענטהאלט אין זיך „די סאמע לייזונג פון דעם לעבענס־פּראָבלעם, ווי דאָס איז געגעבען געוואָרען מעהר אָדער וועניגער קלאָר פון די בעסטע מענשען סיי פאר און סיי נאָך דעם, ווען קריסטענטהום איז ערשיענען — א רייהענפאָלגע, וועלכע ציהט זיך פון משה, ישוע און קאָנפוציוס, צו די ערשטע גריכען, בודדהא און סאָקראטעס, ביז צו פאסקאל, ספינאָזא, פיכטע, פייערבאך און אלע אנדערע, אָפט אונבעמערקטע און אונבעקאנטע, וועלכע, ניט אָננעהמענדיג קיין לעהרע אויף דעם בלויזען גלויבען, האָבען געלערנט אונז און גערעדט צו אונז מיט'ן גאנצען הארצען וועגען דעם זין פון לעבען.“ (אין דער פאָררעדע צום בוך „די קריסטליכע לעהרע“, אין אן אנדער עהנליכען זאץ גיט ער צו נאָך צוויי נעמען פון מארקוס אָרעליוס און לאָאָ־טזע, אלס די גרויסע לעהרער פון דער מענשהייט) ווייל „קריסטענטהום גיט אן ערקלערונג פון דעם זין פון לעבען“, און איז א לייזונג פון דעם ווידערשפּרוך צווישען דעם שטרעבען נאָך וואוילגעהן אין לעבען און דעם בעוואוסטזיין, אז דאָס קען ניט דערגרייכט ווערען. („קריסטליכע לעהרע“, 13טען פאראגראף) — „צווישען דעם וואונש פאר גליק און לעבען פון איין זייט און דעם אלץ גרעסער ווערענדען בעוואוסט־זיין פון אונגליק און טוידט פון דער אנדערער זייט.“

וואָס אנבעטרעפט די דאָגמאטישע און מיסטישע טהיילען פון קריסטענטהום, וועלכע ער בעטראכט אלס צוצעפּענישען צו דער ווירקליכער לעהרע פון קריסטוס, מאכט ער פאָלגענדע בעמערקונג: „עס איז שרעקליך צו זאָגען עס, אָבער מאנכעס מאָל האָב איך דעם געדאנק: ווען די לעהרע פון קריסטוס צוזאמען מיט דער לעהרע פון דער קירכע, וועלכע איז אָנגעוואַק־סען אויף איהר, וואָלט גאָר ניט עקזיסטירט — וואָלטען די, וואָס רופען זיך איצט קריסטען, געווען פיעל נעהנטער צו די לעהרען פון קריסטוס, ד. ה., צו אן אינטעליגענטען בעגריף וועגען לעבען,

ווי זיי זיינען עס איצט. די מאָראַלישע לעהרען פון אַלע נביאים פון דער מענשהייט וואָלט ניט געבליבען פערשלאָסען פאר זיי.“

אוועקלעגענדיג אָן א זייט אַלע מיסטישע און מעטאַפיזישע בעגריפע, וועלכע מען האָט צונויפגעפלאָנטערט מיט קריסטענ־טהום, קאָנצענטרירט ער זיין גאַנצע אויפמערקזאַמקייט אויף די מאָראַל פון דער קריסטליכער לעהרע. איינער פון די מעכטיגע מיטלען — זאָגט ער — דורך וועלכע מענשען ווערען געשטערט צו לעבען א לעבען אין איינקלאַנג מיט דיזער לעהרע, איז דער „רעליגיעזער שווינדעל“. „די מענשהייט בעוועגט זיך לאַנגזאַם, אבער אונאונטערבראָכען צו אַן אַלץ העכערען און העכערען בעגריף פון דעם אמת׳ען זין פון לעבען און צו דער איינאָרדנונג „פון לעבען אין איינקלאַנג מיט דיזען בעגריף.“ אָבער אין זיין פּראָגרעסיווען גאַנג בעוועגען זיך ניט אַלע מענשען מיט גלייכער שנעלקייט און די „ווענינגער פיהלענדע האַלטען זיך נאָך אַלץ ביי די אַלטע בעגריפע און אָרדנונג פון לעבען, און מאַטערען זיך עס אויפצוהאַלטען“. דאָס פיהרען זיי אָם מייסטען מיט דער הילפע פון דעם רעליגיעזען שווינדעל, וועלכער „בעשטעהט אין דער אבזיכטליכער צונויפמישונג פון גלויבען מיט אבערגלויבען און אין דעם אונטעררוקען איינעם אנשטאַט דעם צווייטען“. דער איינציגער מיטעל צו בעפרייען זיך פון דיזען שווינדעל איז „צו פערשטעהן און צו גדענקען, דאָס דער איינציגער אינסטרומענט, וועלכען דער מענש האָט פאַר די דערגרייכונג פון וויסען, איז דער שכל און דאָס דעריבער יעדע לעהרע, וואָס בעהויפּטעט עטוואָס וואָס איז געגען שכל, איז פּשוט נאַרעריי“. טאָלסטאָי, ביי יעדער געלעגענהייט, האַלט פאַר נויטיג צו בעטאָנען די וויכטיגקייט פון מענשליכען פערשטאַנד.

א צווייטע גרויסע שטערונג פאַר די פערשפּרייטונג פון דער קריסטליכער לעהרע, זעהט טאָלסטאָי אין דעם אַלגעמיינעם גלויבען פון דער אונשטערבליכקייט פון דער נשמה, אַזוי ווי מען פערשטעהט עס איצט. אין דיזער פאָרמע לייקענט ער עס פּאָל־שטענדיג אָב. אָבער מיר קענען — זאָגט ער — געבען א טיעפערען זין צו אונזער לעבען, מאַכענדיג איהם פון נוצען צום מענשען, דורך צונויפגיסען אונזער לעבען מיט דעם לעבען פון

דער וועלט; און כאָטש דיזע אידעע מעג אויסזעהען ווענינער אנציהענד, ווי די אידעע פון דער אונשטערבליכקייט פון דער נשמה פון יעדען בעזונדער, „כאָטש קליין, איז זי אָבער זיכער".

רעדענדיג פון גאָט, נעהמט טאָלסטאָי מאנכעס מאָל אָן אַ פאנטהעאיסטישע שטעלונג, און ער רעדט פון גאָט אלס ד אָ ס לעבען, אָדער אלס ליעבע, אָדער אלס דער אידעאל, וועלכען דער מענש פיהלט אין זיך; אָבער אין זיין לעצטע ווערק (די קריסטליכע לעהרע) ערקלערט ער, אז גאָט מיינט „דער אלוועלטליכער וואונש נאָך גליק, וועלכער איז דער קוואל פון לעבען". „אזוי איז, לויט דער קריסטליכער לעהרע, גאָט דער עצם פון לעבען, וועלכען דער מענש פיהלט אי אין זיך און אי אין דער גאנצער וועלט אָרום איהם, אלס דעם וואונש צום גליק". יעדער דענקענדער מענש — לעגט טאָלסטאָי צו — קומט צו אַן עהנליכען שלום, נאָכדעם ווי זיין ראציאָנעלער געוויסען האָט ערוואכט אין אַ געוויסען עלטער, און אין דער וועלט אָרום דעם מענשען איז דערזעלבער וואונש קלאָר אין אלע בעזונדערע וועזענס, פון וועלכע יעדער איינער שטרעבט צו זיין אייגענעם וואוילגעהן. דיזע צוויי ווינשע קומען זיך צוזאמען צו איין קלאָרען צוועק — בעשטימטען, דערגרייכבארען און גענוסרייכען פאר'ן מענשען, דארום קומט ער צום שלוס, אז בעאָבאכטונג, טראדיציאָן (רעליגיעזע) און פערשטאנד, אלע דריי צוזאמען וויייזען איהם, דאָס דער גרעסטער גליק פון מענשען, צו וועלכען אלע שטרעבען קען נור דערגרייכט ווערען דורך אַ פאָלשטענדיגע פעראייניגונג צווישען די מענשען". אלע דריי וויייזען איהם, דאָס די וויכטיגסטע ארבייט פאר די ענטוויקלונג פון דער מענש־הייט, אין וועלכער ער האָט צו נעהמען אַן אנטהייל, איז „דאָס איינפיהרען פון איינינקייט און הארמאָניע אנשטאט צוטהיילונג און מחלוקות". „די אינערליכע טענדענץ פון יענעם גייסטיגען וועזען — ליעבע, וועלכע איז אין דעם פראָצעס פון געבורט אָן אין איהם, צווינגט איהם אין דיזעלבע ריכטונג".

איינינקייט און הארמאָניע און אונאויפהערליכע אנשטרענ־גונג צו פערברייטען זיי, וואָס דאָס מיינט ניט נור די גאנצע ארבייט, וואָס פאָדערט זיך, אום צו לעבען פאר זיך, נור אויך די

ארבייט צו פערמעהרען דאָס גליק פון אנדערע, דיזע אַלזאָ זיינען די צוויי ענדליכע טענער, אין וועלכע די אַלטע סתירות, די אַלע שטורמס, וועלכע האָבען מעהר ווי צוואַנציג יאָהר געבושעוועט אין דעם געמוטשעטען מוח פון דעם גרויסען אַרטיסט, אַלע די רעליגיעזע עקסטאַזען און די אַלע ראַציאָנאַלע צווייפעל, וועלכע האָבען בעוועגט זיין העכערע אינטעליגענץ, זוכענדיג דעם אמת, האָבען ענדליך געפונען זייער לייזונג אויף די העכסטע מעטאַ־פיזישע הויכקייטען: דער שטרעבען פון יעדען לעבענדען וועזען פאַר זיין אייגענעם וואוילגעהן, וועלכעס איז עגאָאיזמוס און ליעבע צו גלייכער צייט, ווייל דאָס איז זעלבסטס־ליעבע, און ראַציאָנאַלע זעלבסט־ליעבע מוז אריינגעהמען אַלע שטרעבונגען פון דעמזעלבען מין. דיעזע שטרעבונג נאָך דעם אינדיווידועלען גליק דורך זיין נאַטור גופא האָט שוין די נייגונג ארומצונעהמען אַלעס, וואָס עקזיסטירט. „ער צושפרייט זיינע גרענעצען נאַטיר־ליך דורך ליעבע, פריהער פאַר זיין פאַמיליע, איינעמס ווייב און קינדער — דאַן פאַר פריינד, דאַן פאַר איינעמס לאַנדסלייט, אבער ליעבע איז ניט צופריעדען מיט דעם, און זי האָט די נייגונג ארומצונעהמען אַלע...“

דעם צענטראַל־פונקט אין דער קריסטליכער לעהרע זעהט טאָלסטאָי אין ניט־וועהרען־זיך געגען דאָס בייזע. וועהרענד די ערשטע יאָהרען נאָך זיין גייסטיגען קריזיס האָט ער געפּרעדיגט פאָלשטענדיגען ניט־וועהרען־זיך געגען דאָס בייזע, אין פולען איינקלאַנג מיט דעם ווערטערליכען און בעשטימטען זין פון קריסטוס׳עס לעהרע, — אַ לעהרע, ווען זי ווערט גענומען אין שייכות מיט דעם זאַץ וועגען די רעכטע און לינקע באַק, מיינט ניט קיין אַנדער זאַך, ווי אונטערוואַרפען זיך אין רעזיגנאַציאָן. דאָך האָט ער געמוזט באַלד איינזעהען, דאָס אזא מין לעהרע איז ניט נור ניט אין איינקלאַנג מיט זיין אויבען־געשילדערטען גאָטעס־בעגריף, נור אז דאָס מיינט איינפאַך צו העלפען און אונטערשטיצען דאָס בייזע. דיעזע לעהרע ענטהאַלט אין זיך גראַדע דיעזע פריווילעגיע צו טהון בייז, וואָס איז אימער געפּרע־דיגט פון די שטאַאַט־רעליגיאָנען אין די אינטערעסען פון די הערשענדע קלאַסען, און טאָלסטאָי האָט עס געמוזט דערפיהלען.

ער דערצעהלט אונז, ווי ער האָט איינמאָל געטראָפען אין אן אייזענבאהן דעם גובערנאַטאָר אן דער שפּיצע פון אן אבטהיילונג פון סאָלדאטען, וועלכע זיינען געווען בעוואָפענט מיט ביקסען און פאַרבערייטעט מיט א גאנצען וואָגען פון ריטער. זיי זיינען געפאָהרען צו שמייסען די בויערן פון א דאָרף אום דורכצופיהרען א געזעץ פון אמת'ע רויבעריי, וועלכע די רעגיערונג האָט אָנגענו־מען צו גונסטען די פּאָמיעשטשיקעס און עטוואָס וואָס איז געווען גאַנץ קלאָר געגען גערעכטיגקייט. ער שילדערט מיט זיין גוט־בעקאַנטער מאָלערקראַפט, ווי אזוי אין זייער געגענוואַרט האָט א „ליבעראָלע" דאמע עפענטליך, אויפ'ן קול, און מיט שטארקע ווערטער פערדאמט דעם גובערנאַטאָר און די אָפיציערען, און ווי זיי האָבען זיך געשעהמט. דאן שילדערט ער, ווי אזא מין עקספעדיציאָן האָט אָנגעפאנגען איהר ארבייט: די בויערען, מיט אן אמת־קריסטליכער רעזיגנאציאָן, פלעגען זיך איבער־צלם'ען מיט א ציטערנדער האנד, אוועקלעגען זיך אויף דער ערד, אום צו ווערען געמאַטערט און געשמיסען, ביז די הארץ פון אָפּפער האָט אויפגעהערט צו שלאָגען, און דאָך די אָפיציערען זיינען אויף דאָס מינדעסטע ניט געריהרט געוואָרען פון דיעזער קריסטליכער אונטערגעבונג. וואָס טאָלסטאָי האָט געטהאָן, ווען ער האָט זיך בעגעגענט מיט דיעזער עקספעדיציאָן, דאָס ווייסען מיר ניט; ער דערצעהלט עס אונז ניט. ער האָט וואהרשיינליך גע'טענה'ט מיט די אָנפיהרער און האָט אודאי געראטהען די סאָלדאטען ניט צו פאָלגען — דאָס הייסט, צו רעבעלירען. יעדענפאלס, ער האָט געמוזט פיהלען, דאָס א פּאסיווע שטעלונג אין דעם פאל פון אזא גרויזאמקייט — דער ניט־ווערען־זיך געגען דעם — וואָלט געמיינט גאָר א הסכמה צו דיעזער גרויזאמקייט. דאָס וואָלט געמיינט גאָר אונטער־שטיצען עס. נאָך מעהר, א פּאסיווע האלטונג געגען בייזעס איז אזוי פרעמד צו דער סאמע נאטור פון טאָלסטאָי, דאָס ער האָט ניט געקענט בלייבען פאר א לענגערע צייט א נאָכפאָלגער פון אזא לעהרע, און ער האָט באלד געענדערט די פערטייטשונג פון דיזען קריסטליכען געבאָט אין דעם זין: „ווערר זיך ניט געגען בייזעס דורך געוואלט". אלע זיינע שפּעטערע ווערק זיינען שוין

דארום גענוען פול מיט א ליידענשאפטליכען וועהרען־זיך געגען די פערשיעדענע פארמען פון געמיינהייט, וועלכע ער האט געזעהן ארום זיך. שטענדיג און אונאונטערבראכען הויבט ער אויף זיין מעכטיגע שטימע געגען דאס בייזע און די בייזע מענשען. ער איז נור געגען פיזישע געוואלט אין קאמפף מיט דאס בייזע, ווייל ער דענקט, אז דאס ברענגט שאדען.

די אנדערע פונקטען פון דער קריסטליכער לעהרע, לויט טאלסטאי פערטייטשט זיי זיינען: זייט ניט אין כעס, אדער, לכל הפחות האלט זיך איין פון כעס אזוי פיעל, ווי איהר קענט. בלייבט טריי צו דער איין פרוי, מיט וועמען איהר האט זיך פער־איינעגט, און מיידט אויס אלעס, וואס רייצט אויף ליידענשאפט; שווערט אייך ניט, וואס לויט טאלסטאי מיינט: פערבינדט זיך קיינמאל ניט אייערע הענד מיט א שבועה. מאכען איינעם שווערען איז דער מיטעל, וואס ווערט געברויכט פון אלע רעגיע־רונגען, אום צו בינדען די מענשען און זייערע געוויסענס צו טהון דאס, וואס מען הייסט זיי; און ענדליך: ליעבט אייערע שונאים, אדער ווי טאלסטאי ערקלערט עס אין איינינע ווערק: משפט קיינמאל און פערפאלגט קיינמאל ניט א צווייטען געריכטליך.

דיעזע פינף כללים גיט טאלסטאי די ברייטעסטע פער־טייטשונג און פון זיי אלע ציהט ער א שלום פאר פרייען קאמו־ניזמוס. ער בעווייזט מיט א גאנצען אוצר פון ארגומענטען, דאס צו לעבען פון דער ארבייט פון אנדערע און אליין ניט ארבייטען, מיינט צו צוברעכען א געזעץ פון דער נאטור; אז דאס איז די הויפט־אורזאכע פון דעם סאציאלען איבעל און אויך פון כמעט אלע פערזענליכע אונגליקען און צרות. ער ווייזט, ווי אזוי די איצטיגע קאפיטאליסטישע ארגאניזאציאן פון ארבייט איז פונקט אזוי שלעכט, ווי שקלאפעריי און פאנטשיזנע זיינען אמאל געווען.

ער פערלאנגט די פעראיינפאכונג פון לעבען — אין נאהרונג, אין קליידונג און אין וואוינונג — וואס דאס איז אימער דער רעזולטאט, ווען איינער נעהמט זיך צו פיזישע ארבייט און בעזאנדערס צו לאנד־ארבייט, און ער ווייזט וואס

פאר א נוצען עס וואַלטען דערפון געהאט זאַגאר די רייכע און די לעדיג־געהער פון דער איצטיגער צייט. ער ווייזט, ווי אזוי די אַלע איבלען פון דער איצטיגער שלעכטער רעגיערונג קומען ארויס דערפון, וואָס די סאמע מענשען, וועלכע פּראָטעסטירען געגען די שלעכטע רעגיערונג מאכען אַלע אנשטרענגונגען צו ווערען א טהייל פון דערזעלבער רעגיערונג.

און פונקט אזוי אויסדריקליך ווי ער פּראָטעסטירט געגען די קירכע, אזוי פּראָטעסטירט ער אויך געגען דעם שטאאט, אַלס דעם איינציגען מיטעל צו מאכען א סוף צו דער איצטיגער שקלאפעריי, וואָס איז ארויפגעצוואונגען געוואָרען אויף די מענשען פון דיזער אינסטיטוציאָן. ער גיט אן עצה די מענשען צו ענטזאגען זיך צו האָבען עפּעס צו טהון מיט'ן שטאאט. און ענדליך, בעווייזט ער מיט א גרויסען רייכטהום פון ביישפּיעלע, אין וועלכע זיין ארטיסטישער כח זעהט זיך אין זיין גאנצער מאכט, דאָס דער חשק פון די רייכע קלאסען צו רייכטהום און לוקסוס, — א חשק, וועלכער האָט ניט קיינע גרענעצען, און קען גאָר ניט האָבען קיין גרענעץ — איז דאָס, וואָס האלט אויף די שקלאפעריי, אַלע דיזע אונגאָרמאַלע צושטענדע פון לעבען און אַלע דיזע פאלשע לעהרען, וועלכע ווערען איצט פערשפּרייט פון שטאאט און קירכע אין די אינטערעסען פון די הערשענדע קלאסען.

פון דער אנדערער זייט, ווען ער רעדט נור פון גאָט אָדער פון אונשטערבליכקייט, איז זיין שטענדיגער וואונש צו ווייזען, דאָס ער נויטיגט זיך ניט אין די אַלע מיסטישע און מעטאפיזישע ווערטער און אויסדריקע, וועלכע ווערען געברויכט געוועהנליך אין אזעלכע פעלע. און כאָטש זיין שפּראך איז געבאָרגט פון רעליגיעזע ווערק, ברענגט ער אָבער ארויס די ראציאָנאַליסטישע פערטייטשונג פון די רעליגיעזע בעגריפע. פּאָרזיכטיג טהיילט ער אָב פון דער קריסטליכער לעהרע אַלעס דאָס, וואָס קען ניט אָנגענומען ווערען פון די נאָכפאָלגער פון אנדערע רעליגיאָנען, און מאכט דערמיט זעהר בולט אַלעס, וואָס איז געמיינשאפטליך אַלע פּאָזיטיווע רעליגיאָנען ; אַלעס, וואָס איז איינפאך מענש־

ליך אין זיי, און וואָס דער פערשטאַנד קען בענעהמען, און וואָס קען דאַרום אָנגענומען ווערען פון גלויביגע און אונגלויביגע.

אין אנדערע ווערטער, אויף וויפיעל ער האָט שטודירט אין דער לעצטער צייט די לעהרען פון פערשיעדענע מאָראַל־פילאָזאָ־פען, אויף אַזוי פיעל האָט ער זיך גענומען די מיה פעסטצושטעלען די עלעמענטען פון אַן אַלוועלטליכער רעליגיאָן, אין וועלכער אַלע מענשען זאָלען זיך קענען פעראייניגען — אַ רעליגיאָן, אָבער, וועלכע האָט אין זיך גאָר ניט איבערנאַטירליכעס, גאָר ניט, וואָס דער פערשטאַנד און דאָס וויסען דאַרפען פערוואַרפען, נור אַזאַ, וואָס זאָל האָבען אין זיך אַ מאָראַל־לעהרע פאַר אַלע מענשען, אויף וואָס פאַר אַ שטופע פון אינטעלעקטועלער ענטוויקלונג זיי זאָלען זיך ניט געפינען.

האָבענדיג אַלזאָ אָנגעפאַנגען אין 1875—77 דערמיט, וואָס ער האָט זיך אָנגעשלאָסען אָן דער פּראַוואָסלאַווער קירכע — אין דעם זין, ווי דער רוסישער בויער פערשטעהט עס, איז ער ענדליך געקומען אין דער קריסטליכער לעהרע צו דער אויפ־שטעלונג פון אַ מאָראַלישער פילאָסאָפיע, וועלכע, לויט זיין מיי־נונג, קען ווערען אָנגענומען פון דעם קריסט, דעם איד, דעם מוסול־מאַן, דעם בודהיסט און פונקט אַזוי אויך פון דעם נאַטור־פילאָזאָף — אַ רעליגיאָן, וועלכע ענטהאַלט אין זיך בלויז די הויפּט־עלעמענטען פון אַלע רעליגיאָנען, נעמליך: אַ פעסט־שטעלונג פון איינעמס פערהעלטניסע צו דער וועלט אין איינ־קלאַנג מיט דעם איצטיגען וויסען און אַן אנערקענונג פון דער גלייכהייט פון אַלע מענשען.

אויב דיעזע צוויי עלעמענטען, איינער פון וועלכע געהערט צו דעם קעניגרייך פון וויסענשאַפט און דער צווייטער צום געביעט פון מאָראַל, זיינען גענוג צו בילדען אַ רעליגיאָן, און דאַרפען ניט קיין הינטערגרונד פון מיסטיציזמוס — דאָס איז אַ פראַגע, וועלכע איז אויסער די גרענעצען פון דיזער אָבהאַנדלונג.

# די שקלאַפעריי פון אונזער צייט

## ערשטער קאפיטעל.

### די אַרבייטס־שטונדען פון די פראַכט־לאָדערס אין מאָסקווא.

מיינער א בעקאַנטער, אַן אָנגעשטעלטער אויף דער מאָסקווער־קורסקער אייזענבאהן, האָט ריידענדיג מיט מיר, דער־מאָנט דעם פאַקט דאָס די מענשען, וועלכע לאָדען אָן די פראַכט, אַרבייטען צו 36 שטונדען מיט אַמאָל.

כאָטש איך האָב געהאַט פאָלשטענדיגען צוטרויען צו דעם מאַן, וואָס האָט עס מיר דערצעהלט, איז עס מיר אָבער דאָך אונמעגליך געווען צו גלויבען. איך האָב געמיינט, אַז ער האָט א טעות, אָדער דאָס ער טרייבט איבער, אָדער איך האָב איהם שלעכט פערשטאַנען.

אָבער דער מאַן האָט דערצעהלט וועגען די אומשטענדען, אונטער וועלכע דיעזע אַרבייט ווערט געטהאָן, מיט אַזא פינקט־ליכקייט, אַז צווייפלען איז געווען אונמעגליך. ער האָט מיר דער־צעהלט, אַז אַזעלכע פראַכט־אָנלאָדער זיינען דאָ צוויי הונדערט און פופציג אויף דער קורסקער סטאַציאָן אין מאָסקווע. זיי ווערען אַלע צוטהיילט אין פאַרטיעס פון פינף, און זיי אַרבייטען אַלע פון שטיק, קריגענדיג פון איין רובעל ביז צו איין רובעל פופצעהן קאָפּיקעס פאַר יעדע טויזענד פוד סחורה, וואָס ווערט ערהאַלטען אָדער אָוועקגעשיקט.

זיי קומען אין דער פריה, אַרבייטען דעם גאַנצען טאָג און די גאַנצע נאַכט ביין אויפלאָדען די וואַגאָנען, און ווען די נאַכט איז צו ענדע, הויבען זיי ווידער אָן אָנצולאָדען און דאַן אַרביי־

טען זיי א צווייטען טאָג. אזוי, דאָס אין צוויי טעג האָבען זיי נור איין נאכט צו שלאָפען.

זייער ארבייט בעשטעהט פון אויסלאָדען און שלעפּען פּעק פון זיעבען, אכט און ביז צו צעהן פּוד. צוויי מענשען לאָדען אָן די פּעק אויף די רוקענס פון די אנדערע דריי, וועלכע טראָגען זיי. ביי אזא ארבייט פערדינען זיי וועניגער, ווי א רובעל א טאָג. זיי ארבייטען אונאונטערבראָכען, ניט האָבענדיג קיינמאָל קיין אָברוה.

דיעזעס, וואָס דער מאן האָט מיר דערצעהלט, איז געווען אזוי פול מיט איינצעלהייטען, אז צווייפלען אין דעם האָב איך ניט געקאָנט. דאָך האָב איך בעשלאָסען צו זעהן עס מיט מיינע אייגענע אויגען, און איך בין אוועק צו דער סטאַציאָן.

געפינענדיג דאָרט מיין בעקאנטען, האָב איך איהם געזאָגט, אז איך בין געקומען זעהן דאָס, וועגען וואָס ער האָט מיר דערצעהלט.

— קיינער, ווען איך דערצעהל עס, גלויבט עס ניט, — האָב איך איהם געזאָגט.

ניט ענטפערנדיג מיר, האָט דער בעקאנטער מיינער צו־גערופען איינעם פון שפּייכלער: ניקיטאַ, קום אהער!

פון טהיר איז ארויס א הויכער, דארער ארבייטער אין א צוריסענעם ראָק.

— ווען האָסטו אָנגעהויבען ארבייטען?

— ווען? נעכטען אין דער פריה.

— און וואו ביזטו געווען לעצטע נאכט?

— איך האָב אויסגעלאָדעוועט, נאטירליך.

— האָסטו געארבייט דורך די גאנצע נאכט? — האָב איך געפרעגט.

— געוויס האָבען מיר געארבייט.

— און ווען האָסטו היינט אָנגעהויבען צו ארבייטען?

— מיר האָבען אָנגעהויבען אין דער פריה. ווען אנדערש זאָלען מיר אָנהייבען?

— ווען זיי לאָזען אונז געהען, דאן ענדיגען מיר!

די פיער אנדערע ארבייטער פון זיין פּארטיע זיינען צו־

געשטאַנען צו אונז. זיי זיינען אַלע געווען אָנגעטהאָן אין צוריסענע רעקלעך, אָהן אויבער־רעק, כאָטש עס איז געווען זעהר קאַלט.

איך האָב אָנגעהויבען זיי פרעגען וועגען זייער ארבייט, און ווי עס ווייזט אויס, האָב איך זיי געמאַכט שטארק זיך וואונ־דערן איבער דעם אינטערעס, וואָס איך האָב גענומען אין אַזאַ איינפאַכער און נאַטירליכער זאַך (ווי עס האָט זיי אויסגעזעהען) ווי זייער זעקס־און־דרייסיג שטונדיגע ארבייט.

זיי זיינען אַלע געווען דאָרף־מענשען. מייסטענס מיינע אייגענע לאַנדסלייט פון טולאַ. מאַנכע אָבער זיינען געווען פון אָריאָל, אַנדערע פון וואָראָנעזש. זיי האָבען געלעבט אין מאָסקווע אין קווארטירען, מאַנכע פון זיי מיט זייערע פאַמיליען, אָבער די מייסטע — אָהן זיי. די יעניגע, וועלכע זיינען געקומען אַהער אַליין, שיקען זייערע פערדיענסטען אַהיים, אין דאָרף.

זיי עסען ביי זייערע קאָנטראַקטאָרס. זייער שפּייז קאָסט זיי צעהן רובעל אַ מאָנאַט. זיי עסען אימער פלייש, און קוקען ניט אויף די פאַסט־טעג. זייער ארבייט האַלט זיי אימער בע־שעפטיגט מעהר ווי 36 שטונדען נאָכאַנאַנד, ווייל עס נעהמט זיי מעהר, ווי אַ האַלבע שטונדע צו קומען הין און צוריק פון און צו זייער וואוינונג; און אַ חוץ דעם, ווערען זיי אָפט געהאַלטען ביי דער ארבייט איבער זייער בעשטימטע צייט.

צאָהלענדיג פאַר זייער אייגענע שפּייז, פערדיענען זיי ביי אַזאַ דורכאַנאַנדיגער 36־שטונדיגער ארבייט 25 רובעל אַ מאָנאַט.

אויף מיין פראַגע, ווארום טהוען זיי אַזאַ קאַטאָרזשנע ארבייט, האָבען זיי געענטפערט:

— וואָס דען זאָל מען טהון?

— אָבער ווארום ארבייטען 36 שטונדען נאָכאַנאַנד? קען דען די ארבייט אַנדערשט ניט איינגעאָרדענט ווערען?

— מיר טהוען דאָס, וואָס מען הייסט אונז.

— יאַ, אבער ווארום פאָלגט איהר?

— מיר פאָלגען, ווייל מיר מוזען זיך ערנעהרען. „אויב דו גלייכסט ניט, טו רוק זיך“. ווען איינער איז נור אַ שטונדע

שפּעט, הייסט מען איהם באַלד געהן, און עס זיינען דאָ צעהן אַנדערע מענשען, פערטיג צו פערנעהמען זיין פּלאַץ.

די מענער זיינען אַלע געווען יונגע; נור איינער איז געווען עטוואָס עלטער, אפשר פערציג. זייערע פּנים'ער זיינען געווען מאָגערע, און אַלע האָבען זיי געהאַט אויסגעלאָשענע, מיעדע אויגען, אַזוי ווי די מענשען וואָלטען געווען שכור. דער דאַרער אַרבייטער, צו וועמען איך האָב צוערשט גערעדט, האָט מיך בעזאָנדערס איבערראַשט מיט דער מידינגקייט פון זיין בליק. איך האָב איהם געפרעגט, אויב ער האָט היינט ניט געטרונקען?

— איך טרינק ניט. — האָט ער געענטפערט מיט דער ענט־שלאָסענהייט, מיט וועלכער עס ענטפערן אימער די מענשען, וועלכע טרינקען טאַקע ניט.

— און איך רויכער ניט. האָט ער צוגעלעגט.

— טרינקען די אַנדערע? — האָב איך געפרעגט.

— יא מען ברענגט עס אַהער.

— די אַרבייט איז ניט קיין לייכטע, און אַ טרונק מאַכט אימער איינעם זיך פיהלען שטאַרקער. — האָט געזאָגט דער עלטערער אַרבייטער.

דיעזער מאַן האָט יענעם טאָג געטרונקען, אָבער מען האָט גאָר ניט געקענט אָנזעהען.

נאָך מעהר אַביסעל רייד מיט די אַרבייטער, בין איך אַוועק זעהען, ווי די אַרבייט געהט צו.

פאַרבייגעהענדיג לאַנגע רייהען פון אַלערליי סאָרטען סחורה, בין איך צוגעקומען צו איינציגע אַרבייטער, וועלכע האָבען לאַנגזאַם געשטופּט אַן אָנגעלאָדענעם וועגעל. איך האָב שפּעטער זיך דערוואוסט, אַז די מענשען האָבען אַליין אַוועקצושטעלען אַן אַ זייט די וועגעלעך און האַלטען די פּלאַטפאָרם ריין פון שנעע, פאַר וואָס זיי ווערען גאָר ניט בעצאָהלט. אַזוי איז עס ערקלערט אין די „תנאים“. דיעזע אַרבייטער זיינען געווען פּונקט אַזוי אָבגעריסען און אויסגעמאָגערט, ווי די, מיט וועמען איך האָב גערעדט. ווען זיי האָבען געבראַכט דעם וועגעל אויף זיין פּלאַץ, בין איך צו זיי צוגעגאַנגען און זיי געפרעגט, ווען זיי האָבען אָנגעהויבען אַרבייטען, און ווען זיי האָבען געגעסען מיטאָג.

זיי האָבען מיר דערצעהלט, אז זיי האָבען אָנגעהויבען ארביי־טען אום זיעבען אין דער פריה, און האָבען נור־וואָס אָבגעגעסען. די ארבייט האָט זיי ניט געלאָזען פריהער עסען.

— און ווען געהט איהר אוועק?

— ווי אמאָל. אמאָל ניט פאַר צעהן. — האָבען גערענט־פערט די מענשען, אַזוי ווי בעריהמענדיג זיך מיט זייער אויס־דויער־קראַפט. זעהענדיג מיין אינטערעס אין זייער לאַגע, האָבען זיי זיך ארומגעשטעלט ארום מיר, און, וואהרשיינליך, האַלטענדיג מיך פאַר אַן אינספּעקטאָר, האָבען אייניגע פון זיי, רעדענדיג אַלע צוזאַמען, מיר מיטגעטהיילט דאָס, וואָס, ווי עס האָט אויס־געזעהען, איז פאַר זיי דאָס וויכטיגסטע, נעמליך: דאָס דער צימער, אין וועלכען זיי וואָלטען זיך אמאָל געקענט אָנוואַרימען און כאַפּען אַ שטונדע שלאָף צווישען דער טאָג־ און נאַכט־ארבייט, איז געוועזען צו ענג. אַלע האָבען אויסגעדריקט זייער אונצופריעדענהייט מיט דיעזער ענגשאַפט.

— עס קענען דאָרט זיין אפשר הונדערט מענשען, און עס איז ניטאָ וואו זיך אוועקצולעגען — אפילו אונטער די פּאָליצעס איז עס אנגעפּיקעוועט. — האָבען גערעדט די אונצופריעדענע שטימען — טהוט אַליין אַ קוק, עס איז ניט ווייט פון דאַנען.

מאַנכע פון די ארבייטער זיינען אריין אין צימער מיט מיר, און זיי האָבען איינער דעם אַנדערען איבערגעשלאָגען מיט זייערע קלאַגען איבער די ענגשאַפט.

דיזע מענער, וועלכע אין אַ צוואַנציג־גראַדיגען פראָסט, אָהן אויבעררעק, טראָגען אויף זייערע רוקענס צעהן־פודיגע משאות אין דעם משך פון 36 שטונדען; וועלכע עסען מיטאָג און וועטשערע ניט ווען זיי דאַרפען האָבען נאַהרונג, נור ווען זייער אויבערזעהער ערלויבט עס זיי; וועלכע לעבען אונטער אומ־שטענדען, וועלכע זיינען פיעל ערגער ווי די פון שלעפּפערד — עס האָט אויסגעזעהן משונה'דיג צו הערען דיזע מענשען קלאָגען זיך אויף די ענגשאַפט אין צימער, וואו זיי וואַרימען זיך אָן. אָבער כאָטש דאָס האָט מיר אין אָנפאַנג אויסגעזעהן אזוי מאָדנע, דאָך ארייננעהענדיג אין זייער לאַגע, האָב איך פערשטאַנען, וואָס פאַר אַ געפיהל פון פּיין עס מוזען פיהלען דיזע מענשען,

וועלכע האָבען קיינמאָל ניט גענוג שלאָף, און וועלכע זיינען אימער האלב־פערפראָרען, ווען אנשטאט אָבצורוהען און זיך אביסעל אָנצואווארימען, מוזען זיי קריכען אויף דער שמוציגער פאָדלאָגע אונטער די פּאָליצעס, אין א פערשטיקטער און איבער־געפיהרטער לופט, פון וואָס זיי ווערען נאָך שוואכער און צו־בראָכענער.

נור, אפשר, אין יענער עלענדער שטונדע פון אַן אומזיסטי־גען פערזוך צו געפינען רוה און שלאָף, בעגרייפען זיי שמערצליך די גאַנצע שוידערליכקייט פון זייער 37־שטונדיגער ארבייט, און דאָס איז עס, ווארום זיי זיינען בעזאָנדערס אויפגערעגט פון אזא שיינבאר אונבעדייטענדער קליינינקייט, ווי די ענגשאפט אין זייער רוהע־צימער.

האָבענדיג געזעהען עטליכע פּארטיעס ביי דער ארבייט, און האָבענדיג גערעדט מיט נאָך מעהר פון די מענער און אויסגעהערט די געשיכטע פון זיי אלע, בין איך אוועקגעפאָהרען אהיים, ווערענדיג איבערצייגט, אז דאָס, וואָס מיין בעקאַנטער האָט מיר דערצעהלט, איז געווען אמת.

עס איז געווען אמת, דאָס פאר די בלויזע עקזיסטענץ האָבען מענער, וואָס האלטען זיך פאר פרייע מענשען, געהאלטען פאר נויטיג זיך אָבצוגעבען צו אַן ארבייט, צו וועלכער אין די צייטען פון פאנשטשיזנע וואָלט קיין שקלאפענהאלטער, ווי גרויזאם ער זאָל ניט זיין, ניט געצוואונגען קיינעם פון זיינע שקלאפען. אבער ווארום שקלאפען־האלטער? קיין אייגענטהימער פון פערד וואָלט ניט געלאָזען אזוי ארבייטען זיינע פערד, און ניט צוליעב קיין אַנדער זאַך, נור ווייל ער וואָלט ניט געוואָלט פערקירצען דאָס לעבען פון א חיה, וואָס האָט פאר איהם א געוויסען ווערטה.

## צווייטער קאפּיטעל.

### אונזער גלייכגילטיגקייט וועהרענד מענשליכע לעבענס געהען אין ניוועץ.

צו צווינגען מענשען צו ארבייטען 37 שטונדען נאָכאנאַנד אָהן שלאָף, איז א חוץ דעם, וואָס איז גרויזאַם, איז עס אויך ניט עקאָנאָמיש. און דאָך אזא ניט־עקאָנאָמישע פערשווענדונג פון מענשליכע לעבענס געהט אָן שטענדיג ארום אונז.

אנטקעגען די הויז, אין וועלכער איך לעב, איז א זיידען־פאבריק, געבויט מיט די לעצטע טעכנישע פערבעסערונגען. ארום דריי־טויזענד פרויען און זיעבען־הונדערט מענער ארבייטען און לעבען דאָרט. ווי איך זיץ אזוי איצט אין מיין צימער, הער איך דעם אונאויפהערליכען גערויש פון דער מאשינערי, און איך וויים — ווייל איך בין דאָרט געוועזן — וואָס דיזער גערויש בעטייט. דריי־טויזענד פרויען שטעהען פאר צוועלף שטונדען טעגליך ביי די שפּינדלעך, צווישען א פערטויבענדען טומעל, דרעהענדיג און אָבדרעהענדיג, אראַנזשירענדיג די זיידען־פאָדעמס, אום צו מאכען זייד. אלע דיעזע פרויען (א חוץ די יעניגע, וואָס זיינען נור־וואָס געקומען פון דאָרף) האָבען א ניט־געזונדען אויסזעהען. די מייסטע פון זיי פיהרען א שלעכטען, אָן אונמאָראַלישען לעבען. כמעט אלע, צי פערהייראַט, צי ניט, אזוי באלד ווי עס ווערט ביי זיי א קינד געבוירען, שיקען זיי עס אָב אָדער אין דאָרף אָדער אין די פינדלינג־הויז, וואו 80־פראָצ. פון זיי שטאַרבען. אויס מורא צו פערליערען זייערע פּלעצער, נעהמען אויף די מאַמעס זייער ארבייט אויף מאָרגען אָדער אין א טאָג שפּעטער נאָך זייער האָבען דאָס קינד. אזוי, דאָס אין דעם משך פון צוואַנציג יאהר, לויט מיין וויסען, האָבען צעהנדליגע טויזענדע מאַמעס רואינירט און רואינירען אויך

איצט זייערע לעבענס און די לעבנעס פון זייערע קינדער, כדי צו בעשאפען סאמעט און זיידען־שטאָפען.

איך האָב בעגעגענט נעכטען א בעטלער, א יונגען מאַן אויף קוליעס, שטארק געבויט, אָבער צוקריפעלט. ער פלעגט ארבייטען מיט א שטאָפ־וועגעלע, אָבער ער האָט זיך אויסגעליטשט און זיך צושעדיגט. ער האָט אויסגעגעבען אלעס, וואָס ער האָט פערמאָגט, אויף דאָקטוירים און היילענדע בויערען פרויען, און איז פאר די לעצטע אכט יאָהר היימלאָז, בעטלענדיג זיין ברויט, און קלאָגט זיך אויף דעם, וואָס גאָט שיקט אויף איהם ניט דעם טויט.

ווי פיעלע זיינען עס דאָ אזעלכע קרבנות פון לעבען, פון וועלכע אָדער מיר ווייסען גאָרניט אָדער פון וועלכע מיר ווייסען יא, נור מיר בעמערקען עס קוים, האלטענדיג זיי פאר אונפערמיידליך ?

איך וויים פון מענשען, וועלכע ארבייטען ביי די שמעלץ־אויוועגס פון א טולער אייזענגיסעריי, וועלכע, אום צו האָבען איין זונטאג פריי יעדע צוויי וואָכען, ווערען ארבייטען פאר פיער־און־צוואנציג שטונדען, ד. ה., נאָכדעם ווי זיי האָבען אָבגעארבייט א גאנצען טאָג, ווערען זיי ווייטער ארבייטען א גאנצע נאכט. איך האָב געזעהען דיזע מענשען, זיי אלע טרינקען בראנפען, אום אויפצוהאלטען זייער ענערגיע און, נאַטירליך, ווי די פראכט־לאָדער, ברענגען זיי אוים שנעל ניט נור די פראָצענט, נור דעם קאפיטאל פון זייערע לעבענס.

און וואָס מכח דעם ניוועץ־געהען פון לעבענס, וועלכע זיינען בעשעפטיגט ביי ארבייטען, וועלכע אלע גיבען צו, אז זיי זיינען שעדליך: ביי שפיעגלען, ביי קאָרטען, ביי שוועבעלעך, צוקער, טאבאק און גלאָז, אין מינען אָדער ביי דעם שמוץ־רייניגען ?

עס זיינען דאָ ענגלישע סטאטיסטיקס, וואָס ווייזען, דאָס דער דורכשניטליכער לעבען פון מענשען פון די העכערע קלאסען איז פינף־און־פופציג יאָהר, ווערענד דער דורכשניט פון לעבען צווישען ארבייטער ביי אונגעזונדע בעשעפטיגונגען איז ניין־און־צוואנציג יאָהר.

וויסענדיג דאָס (און מיר מוזען עס וויסען) דארפען מיר דאָך, וועלכע בענוצען זיך מיט דער ארבייט, וואָס קאָסט מענש־

ליבע לעבענס, ניט קענען געניסען א מינוט פון פריערען (סיידען מיר זיינען חיות), אבער דער פאקט איז, דאָס מיר, וועלכע זיינען גוט אָב, די ליבעראלען און די הומאניסטען, וועלכע פיהלען אזוי שטארק די ליידען ניט נור פון מענשען, נור אויך פון חיות, מאכען אונאויפהערליך געברויך פון אזא ארבייט, און מיר זעהען אלץ צו ווערען מעהר און מעהר רייך, ד. ה., צו ציהען אלץ מעהר און מעהר נוצען פון אזא ארבייט. און מיר בלייבען פאל־שטענדיג רוהיג.

למשל, האָבענדיג זיך דערוואוסט פון די 37־שטונדען ארבייט פון די פראכט־לאָדער און פון זייער שלעכטען צימער, שיקען מיר אהין גלייך אַן אינספעקטאָר (וועלכער קריגט א גוטען געהאלט) און מיר פערבאָטען מענשען צו ארבייטען מעהר, ווי צוועלף שטונדען, איבערלאָזענדיג די ארבייטער, וועלכע ווערען אויף אזא אופן בערויבט פון א דריטעל פון זייערע פערדיענסטען, צו ערנעהרען זיך אזוי גוט ווי זיי קענען, און מיר צווינגען די אייזענבאהן־קאָמפאניע אויסצובויען א גרויסען און בעקוועמען צימער פאר די ארבייטער. דאן מיט פאָלשטענדיג רוהיגע געווי־סענס געהען מיר אַן און ערהאלטען אונזערע געהאלטען, דיווידענ־דען, רענט פון הייזער, לאנד און אזוי ווייטער. דערוויסענדיג זיך, אז די פרויען און מיידלעך אין די זיידען־פאבריקען, לעבענ־דיג ווייט פון זייערע פאמיליען, רואינירען זייערע לעבענס און די פון זייערע קינדער; אין דאָס א גרויסע העלפט פון די וואש־פרויען, וועלכע פרעסען אונזערע געקראָכמאלעטע העמדער, און פון די זעצער, וועלכע זעצען אונזערע ביכער און צייטונגען, מיט וועלכע מיר פערווייל'ען אונזער צייט, קריגען שווינדזוכט — טהוען מיר נור א קוועטש מיט די פלייצעס און זאָגען, דאָס עס טהוט אונז זעהר לייד דאָס עס איז אזוי, אָבער דאָס מיר קענען גאָרניט טהון, אום דאָס צו ענדערען. און מיט רוהיגע געוויסענס געהען מיר אָן אין קויפען זיידענשטאָף, אין טראָגען געקראָכ־מאלעטע העמדער און אין לייענען אונזערע פריהמאָרגען צייטונ־גען. מיר זיינען שטארק פעראינטערעסירט אין די שטונדען פון די, וועלכע העלפען אין די קראָמען, און נאָך מעהר וועגען די לאנגע שטונדען פון אונזערע קינדער אין די שולען; מיר פער־

באָטען שטרענג די פורמאַנעס צו מאַכען זייערע פערד צו שלעפּען צו שווערע משאות, און מיר אָרגאַניזירען זאָגאַר דאָס פיה־שלאַכטען אין שלאַכטהייזער, כדי די פיה זאָל עס פיהלען אזוי ווענינ ווי מעגליך. אבער ווי מערקווירדיג בלינד מיר ווערען אזוי שנעל, ווי עס האַנדעלט זיך ווענען יענע מיליאָנען פון אַרבייטער, וועלכע געהען אונטער לאַנגזאַם, און אָפט שמערצפול, אַלע ארום אונז, ביי אַרבייטען, די פרוכט פון וועלכע מיר געברויכען פאַר אונזער בעקוועמליכקייט און פערגניגען!

## דריטער קאפיטעל.

### די רעכטפערטיגונג פון אונזער סיסטעם דורך די וויסענשאפט.

דיזע וואונדערבארע בלינדקייט, וועלכע בעפאלט מענשען פון אונזער צירקעל, קען נור ערקלערט ווערען דורך דעם פאקט, דאס ווען מענשען פיהרען זיך אויף שלעכט, וועלען זיי אימער ערפינדען א פילאזאפיע פון לעבען, וועלכע זאל מאכען אויסזעהען זייער שלעכטע אויפפיהרונג גארניט שלעכט, נור בלויז אלס א רעזולטאט פון אונפערמיידליכע געזעצע, וועלכע זיינען אויסער זייער קאנטראלע. אין די פריהעריגע צייטען איז אזא בליק פון לעבען געפונען געווארען אין דער לעהרע, דאס עס איז דא אן אונפערשטענדליכער און אונפערענדערליכער ווילען פון גאט, וועלכער האט בעשטימט פאר מאנכע מענשען א ניעדריגען גראד פון לעבען און שווערע ארבייט, און פאר אנדערע א הויכען גראד פון לעבען און דעם גענוס פון די גוטע זאכען פון לעבען.

וועגען דעם איז אן אונגעהויער גרויסע צאהל פון ביכער פערפאסט און אן אונצעהלבארע צאהל פון דרשות געפרעדיגט געווארען. דיזער געדאנק איז בעארבייט געווארען פון אלע מעגליכע שטאנדפונקטען. עס איז בעוויעזען געווארען, אז גאט האט בעשאפען פערשיעדענע סארטען מענשן: שקלאפען און הערען, און דאסביידע דארפען זיין צופריעדען מיט זייערע ראלען. עס איז וייטער בעוויעזען געווארען, אז די שקלאפען וועלען עס האבען בעסער אין דער קומענדער וועלט; און נאכהער איז אנגעוויזען געווארען, דאס כאטש די שקלאפען זיינען שקלאפען און דארפען בלייבען אזעלכע, דאך וואלט זייער לאגע ניט געווען קיין שלעכטע, ווען זייערע הערען זאלען נור זיין פריינדליך צו זיי. דאן, די סאמע לעצטע ערקלערונג, נאך דער

בעפרייאונג פון די שקלאפען, איז געווען, דאָס דער רייכטהום איז פערטרויט געוואָרען פון גאָט צו מאַנכע מענשען, כדי זיי זאָלען קענען אַ טהייל פון דעם פערוועגדען אויף גוטע מעשים, און דערפאר איז עס גאָר ניט קיין שלעכטע זאַך, וואָס מאנכע זיינען רייך און די אנדערע זיינען אָרים.

דיזע ערקלערונגען האָבען צופריעדענגעשטעלט די רייכע און די אָרימע (בעזאָנדערס די רייכע) פאר א לאנגע צייט. אבער עס איז געקומען דער טאָג, ווען דיזע ערקלערונג איז געוואָרען ניט־צופריעדענשטעלענד, בעזאָנדערס פאר די אָרימע, וועלכע האָבען אָנגעהויבען פערשטעהען זייער לאגע. דאַן זיינען נויטיג געוואָרען נייע ערקלערונגען. און פונקט אין דער ריכטיגער צייט זיינען זיי בעשאפען געוואָרען. דיזע נייע ערקלערונגען זיינען געקומען אין דער געשטאַלט פון וויסענשאַפט. די פּאָליטישע עקאָנאָמיע, וועלכע האָט ערקלערט, דאָס זי האָט ענטדעקט די געזעצע, וועלכע רעגולירען די צוטהיילונג פון דער ארבייט און די צוטהיילונג פון די ארבייטס־פּראָדוקטען צווישען די מענשען. דיזע געזעצע, לויט דער וויסענשאַפט, זיינען: דאָס די צוטהיי־לונג פון דער ארבייט און דער גענוס פון די פּראָדוקטען העננען אָב פון נאכפראגע און אָנבאָט, פון קאפּיטאַל, רענט, וויידזשעס פאר ארבייט, ווערטהען, פּראָפיטען און אזוי ווייטער; אין אל־געמיין, אז עס זיינען אונפערענדערליכע געזעצע, וועלכע רעגיע־רען איבער דעם מענשענס עקאָנאָמישע טהעטיגקייטען.

באלד זיינען אויף דיזער טהעמאַ אָנגעשריעבען געוואָרען אזוי פיעל ביכער און אזוי פיעל רעדען זיינען געהאלטען געוואָ־רען, וויפיעל ביכער און לעקטשורס עס זיינען געשריעבען און געפּרעדיגט געוואָרען אויף די פריהערדיגע טהעמאַ. און נאָך אלץ אָהן אַן אויפהער בערג פון פּאמפּלעטען און ביכער ווערען געשריעבען און רעדען ווערען געהאלטען. און אלע דיזע ביכער און רעדען זיינען אזוי דונקעל און אונפערשטענדליך, ווי די אלע רעליגיעזע ביכער און דרשות און אויך זיי, ווי די פריהעריגע רעליגיעזע ביכער און דרשות, דערגרייכען פּאָלשטענדיג זייער בעשטימטען צוועק, ד. ה., זיי געבען אזאַ ערקלערונג פון דער עקזיסטירענדער אָרדנונג, וועלכע רעכטפערטיגט מאַנכע מענשען

זיך רוהיג צוריקצוהאלטען פון ארבייט און אויסצונוצען די ארבייט פון אנדערע מענשען.

דער פאקט, דאס פאר די אונטערזוכונג פון דיזער פאלשער וויסענשאפט איז גענומען געוואָרען, אום צו ווייזען די אלגעמיינע אָרדנונג פון זאכען, ניט די לאגע פון די מענשען אין דער גאנצער וועלט, אין דער גאנצער היסטאָרישער צייט, נור די לאגע פון א פאָלק אין א קליין לאנד, אין גאנץ אויסנעהמליכע אומשטענדען — ענגלאנדביים ענדע פון דעם אכטצעהנטען און ביים אָנפאנג פון דעם נייִנצעהנטען יאהרהונדערט — דיזער פאקט האָט ניט אויף דאס מינדעסטע געשטערט אָנצונעהמען אלס ריכטיג די רעזולטאטען, צו וועלכע די אונטערזוכונג איז געקומען. און דיזע אננאהמע אלס א ריכטיגע ווערט אויך גאָר ניט געשטערט פון דעם, וואָס די, וועלכע שטודירען דיזע וויסענשאפטען, האלטען אין איין שטרייטען צווישען זיך און זיינען גאנץ אונפעהיג צו קומען צו א געוויסע פערשטענדניס וועגען דעם, וואָס מיינט עס רענט, מעהרווערטה, פראָפיטען און אזוי ווייטער. נור איין איינ־ציגע פונדאמענטאלע שטעלונג פון דיזער וויסענשאפט איז אנערקענט פון אלעמען, און דאס איז, אז די שיכות צווישען מענשען ווערען בעשטימט ניט דורך דעם וואָס מענשען האלטען פאר רעכט אָדער אונרעכט, נור דורך דעם וואָס איז גוט און ניצליך פאר די יעניגע, וועלכע פערנעהמען א פאָרטהיילהאפטע שטעלע אין דער געזעלשאפט.

עס ווערט אָנגענומען אלס אן אונצווייפעלהאפטע ווארהייט, דאָס אויב אין א געזעלשאפט יאווען זיך פיעלע גנבים און רויבער, וועלכע נעהמען אוועק פון די ארבייטער די פרוכט פון זייער ארבייט, פאסירט עס ניט דערפאר, ווייל די גנבים און רויבער האָבען געהאנדעלט שלעכט, נור ווייל אזוי זיינען די עקאָנאָמישע געזעצע, וועלכע קענען נור לאנגזאם געענדערט ווערען דורך דעם פראָצעס פון עוואָלוציאָן, וועלכער ווערט אָנגעצייגט פון דער וויסענשאפט. און דערפאר, לויט דער לעהרע פון דיזער וויסענ־שאפט, קענען די מענשען, וואָס געהערען צו דעם קלאס גנבים און רויבער אָדער איבערנעהמער פון די גע׳גנב׳עטע זאכען, גאנץ

רוהיג אָנגעהן מיט דעם געברויך פון די זאכען, וואָס זיי האָבען נעקראָגען דורך גנבה און רויב.

און כאָטש די מאיאָריטעט פון די מענשען אין אונזער וועלט ווייסען ניט וועגען די איינצעלהייטען פון דיזער בערוהיגענדער וויסענשאפט מעהר, ווי זיי האָבען געוואוסט וועגען די איינצעל־הייטען פון די רעליגיעזע ערקלערונגען, וועלכע האָבען גערעכט־פערטיגט זייער לאגע, דאָך ווייסען זיי אלע, אז אזעלכע ערקלע־רונגען זיינען דאָ; דאָס וויסענשאפטליכע מענער, קלוגע מענער האָבען בעוויזען איבערצייגענד, און געבען אָן בעווייזע, דאָס די עקזיסטירענדע אָרדנונג איז אזעלכע ווי זי בעדאַרף זיין, און דאָס דערפאר מעגען מיר לעבען רוהיג אין דיזער אָרדנונג, און גאָרניט נעהמען זיך די אומזיסטע מיה צו ענדערען איהר.

נור אויף אזא אופן קען איך זיך ערקלערען די וואונדערליכע בלינדקייט פון די גוטע מענשען פון אונזער געזעלשאפט, וועלכע ווינשען גאַנץ ערנסט דאָס גליק פון חיות, און דאָך פערשלינגען זיי מיט רוהיגע געוויסענס די לעבענס פון זייערע ברידער־מענשען.

## פיערטער קאפיטעל.

---

### וועגען דעם, וואָס די עקאָנאָמישע וויסענשאַפט בעהויפּטעט אַז אלע לאַנד־אַרבייטער מוזען ווערען פעקטאָרי־הענד.

די לעהרע, דאָס עס איז גאָט׳ס ווילען, אַז מאַנכע מענשען זאָלען זיין די אייגענטהימער פון אַנדערע, האָט צופריעדענ־געשטעלט די מענשען פאַר אַ זעהר לאַנגע צייט. אָבער יענע לעהרע, רעכטפערטיגענדיג גרויזאַמקייט, האָט פעראורזאַכט אַזאַ גרויזאַמקייט, וועלכע האָט ארויסגערופען אַ קאַמפף, און דאָס האָט געמאַכט מענשען צווייפלען אין דעם אמת פון דיזער לעהרע.

אַזוי איז איצט מיט דער לעהרע, דאָס עס געהט אָן אַן עקאָנאָמישע ענטוויקלונג, געפיהרט פון אונפערמיידליכע געזעצע, און דערפאַר מוזען מאַנכע מענשען אָנזאַמלען קאַפּיטאַל, און אַנדערע מוזען אַרבייטען זייער גאַנצען לעבען, אום צו פער־גרעסערען דיזען קאַפּיטאַל, פאַרבעררייטענדיג זיך דערוייל אויף די פערשפּראָכענע קאָמונאַליזירונג פון די פּראָדוקציאָנס־מיטלען. דיזע טהעאָריע, מאַכענדיג מאַנכע מענשען צו זיין נאָך מעהר גרויזאַם צו אַנדערע, הייבט אויך אָן (בעזאָנדערס צווישען די איינפאַכע מענשען, וועלכע זיינען נאָך שטומפּף געמאַכט געוואָרען דורך דיזע וויסענשאַפט) ארויסצורופען געוויסע צווייפעל.

למשל, איהר זעהט די פּראַכט־לאָדער, פערניכטענדיג זייערע לעבענס מיט אַ זיעבען־און־דרייסיג שטונדיגער ארבייט, אָדער פרויען אין פאַבריקען, אָדער וואַש־פרויען, אָדער שריפטזעצער, אָדער אלע יענע מיליאָנען פון מענשען, וועלכע לעבען אונטער שווערע אוננאַטירליכע אומשטענדען פון אַ מאָנאָטאָנער, אַב־שטומפּפענדער, שקלאַפישער ארבייט, און איהר פרעגט נאַטיר־

ליך: וואָס האָט געבראַכט דיזע מענשען צו אַזאַ צושטאַנד? און ווי קענען זיי בעפרייט ווערען דערפון? און די וויסענשאַפט ענטפערט, דאָס דיזע מענשען זיינען אין דיזער לאַגע, ווייל דער אייזענבאַהן געהערט צו דער קאָמפּאַניע, די זיידען־פאַבריק צו יענעם העררן, און די אַלע מילען, פעקטאָריעס, דרוקערייען און וועשערייען צו די קאַפּיטאַליסטען; און דאָס דיזער צושטאַנד וועט ווערען ריכטיג, ווען די אַרבייטער וועלען בילדען יוניאָנס, קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפטען, וועלען סטרייקען און נעהמען אַן אַנטהייל אין דער רעגיערונג און מעהר און מעהר אויפטרייסלען די באָסעס און די רעגיערונג, ביז די אַרבייטער וועלען צוערשט קריגען קירצערע אַרבייטס־שטונדען און גרעסערע וויידזשעס, און ענדליך, די אַלע ווערקצייגע און מאַשינען אין זייערע הענד. און דאַן — וועט אַלעס זיין פיין. דערוווייל געהט אַלעס צו, ווי עס בעדאַרף זיין, און עס איז ניטאָ קיין נויטווענדיגקייט עטוואָס צו ענדערען.

דיזער ענטפער מוז אויסקוקען אַן אונגעלערענטען מענשען און בעזאָנדערס אונזער רוסישען פאָלק זעהר ווילד. צוערשט, ניט אין פערהעלטנים צו די פּראַכט־לאָדער, ניט צו די פאַבריק־פרויען און ניט צו די אַלע מיליאָנען פון אַנדערע אַרבייטער, וועלכע ליידען פון שווערער, אונגעזונדער, אַבשטומפּפענדער אַרבייט, ערקלערט גאָר ניט דער עגטפער מכח דעם געזעץ פון די פּראָדוקציאָנס־מיטלען. די פּראָדוקציאָנס־מיטלען פאַר לאַנד־אַרבייט פון די יעניגע מענשען, וועלכע אַרבייטען איצט ביי דער באַהן, זיינען ניט פערכאַפּט געוואָרען פון די קאַפּיטאַליסטען. זיי האָבען לאַנד און פערד און אַקער־אייזענס און אַלעס דאָס, וואָס איז נויטיג צו אַקערען די ערד. אויך דיזע פרויען, וואָס אַרבייטען אין דער פאַבריק, זיינען ניט נור ניט געצוואונגען דערצו דורך דעם, וואָס מען האָט ביי זיי צוגענומען זייערע ווערקצייג, נור, אומגעקעהרט, זיי האָבען (און מייסטענס געגען דעם וואונש פון די עלטערע מיטגליעדער פון זייערע פאַמיליען) פערלאָזען זייערע היימען, וואו זייער אַרבייט איז שטאַרק נויטיג, און וואו זיי האָבען געהאַט פּראָדוקציאָנס־מיטלען.

מיליאָנען אַרבייטער אין רוסלאַנד און אין אַנדערע לענדער

זיינען אין אַן עהנליכער לאַגע, אַזוי דאָס די אורזאַכע פון דער עלענדער לאַגע פון די ארבייטער קען ניט געפונען ווערען אין דעם, וואָס די קאַפּיטאַליסטען האָבען פערכאַפּט די פּראָדוק־ציאָנס־מיטלען. די אורזאַכע מוז זיין אין דעם, וואָס עס טרייבט זיי פון די דערפער. דאָס איז ערשטענס. צווייטענס, די בעפרייאונג פון די ארבייטער פון דיזער לאַגע (זאָגאַר אין יענער ווייטער צוקונפט, אין וועלכע די וויסענשאַפט זאָגט זיי צו פרייהייט) קען ניט אויסגעפיהרט ווערען ניט דורך די פער־קירצונג פון די ארבייטס־שטונדען, ניט דורך העכערען די ווייזדשעס און ניט דורך דעם צוזאָג צו קאָמונאַליזירען די פּראָדוקציאָנס־מיטעל.

דאָס אַלעס קען ניט פערבעסערען זייער לאַגע. ווייל דעם ארבייטערס עלענד אויף דער באַהן, אין דער זיידענפאַבריק און אין יעדער פאַבריק — בעשטעהט ניט אין די לענגערע אָדער קירצערע ארבייטס־שטונדען (לאַנד־ארבייטער ארבייטען מאַנ־כעס מאָל אַכטצעהן שטונדען אַ טאָג, און אַמאָל 32 שטונדען נאָכאַנאַנד, און זיי בעטראַכטען זייערע לעבענס גליקליך), אויך איז עס ניט די ניעדריגע ווייזדשעס, און אויך ניט דאָס, וואָס די באַהן און די פעקטאָרי זיינען ניט זייערע. זייער עלענד בע־שטעהט אין דעם, וואָס זיי מוזען ארבייטען אונטער שעדליכע, ניט־נאַטירליכע פערהעלטניסע, אָפט געפעהרליכע און לעבענס־פערניכטענדע און צו לעבען אַ קאַזאַרמע לעבען אין שטאָדט — אַ לעבען פול מיט נסיונות און זינד, — און צו טהון געצוואונ־גענע ארבייט אויף אַנאַנדער מענשענס בעפעהל.

אין דער לעצטער צייט זיינען די ארבייטס־שטונדען שוין פערקירצט געוואָרען, און די ווייזדשעס זיינען געהעכערט געוואָרען. אָבער דיזע פערקירצונג פון די ארבייטס־שטונדען און דיזע העכערונג פון די ווייזדשעס האָט ניט פערבעסערט די לאַגע פון די ארבייטער, אויב מען זאָל ניט נעהמען אין אַנ־בעטראַכט זייערע מעהר לוקסוריעזע געוואוינהייטען — זייגער־לעך מיט קייטען, זיידענע טיכלעך, טאַבאַק, בראַנפען, פלייש, ביער א. ז. וו. — נור זייער אמת׳ען וואוילזיין, ד. ה., זייער געזונד און מאָראַל, און מעהר פון אַלץ זייער פרייהייט.

אין דער זיידען־פאבריק, מיט וועלכער איך בין בעקאנט, איז די ארבייט מיט צוואנציג יאהר צוריק מייסטענס געטהאן געוואָרען פון מענער, וועלכע האָבען געארבייט פערצעהן שטונדען א טאָג, האָבען פערדיענט דורכשניטליך 15 רובעל א מאָנאט און האָבען אָבגעשיקט דאָס געלד, מייסטענס, צו זייערע פאמיליען אין דאָרף. איצט ווערט די גאנצע ארבייט אויפגעטהאָן פון פרויען, מאנכע פון וועלכע פערדיענען אזוי פיעל ווי 25 רובעל א מאָנאט (איבער 15 רובעל אין דורכשניט) און מייסטענס שיקען זיי עס ניט אָב אהיים, נור פערברענגען אלעס, וואָס זיי פערדיענען אויף פוץ, שכרות און זינד. די פערקירצונג פון די ארבייטס־שטונדען פערגרעסערט נור די צייט, וואָס זיי פער־ברענגען אין שענק.

דאָס זעלבע פאסירט ביז צו א גרעסערען אָדער קלענערען גראַד אין אנדערע פאבריקען. איבעראל, ניט אכטענדיג אויף דער פערקירצונג פון דער ארבייטס־צייט און די העכערונג פון דעם ארבייטס־לוין, איז די געזונדהייט פון די ארבייטער ערגער, ווי די פון די לאנד־אבייטער, דער דורכשינטס־לעבען איז קירצער, און די מאָראל ווערט אויפגעאָפפערט, ווי עס קען גאָר אנדעש ניט זיין, ווען מענשען ווערען אוועקגעריסען פון די פער־העלטניסע, וועלכע העלפען צו א מאָראלישען לעבען: פאמיליען־לעבען און א פרייע, פערשיעדענארטיגע און פערנינפטיגע לאנד־ארבייט.

עס איז זעהר מעגליך ריכטיג, ווי מאנכע עקאָנאָמיסטען בעהויפטען, דאָס מיט קירצערע ארבייטס־שטונדען, מעהר וויידזשעס און פערבעסערטע סאניטארע פערהעלטניסע אין די פעקטאָרים, ווערען די געזונדהייט און די מאָראל פון די ארביי־טער שטארק פערבעסערט אין פערגלייך מיט דער פריהעריגער לאגע. עס איז אויך מעגליך, דאָס אין דער לעצטער צייט און אין מאנכע פלעצער איז די לאגע פון די ארבייטער אין אויסער־ליכע פערהעלטניסע בעסער פון דער לאגע פון דער לאנד־בעפעל־קערונג. אָבער דאָס איז דערפאר (און נור אין מאנכע פלעצער), ווייל די רעגיערונג און די געזעלשאפט, בעאיינפלוסט דורך די בעהויפטונגען פון דער וויסענשאפט, טהוען אלעס, וואָס איז

מעגליך אום צו פערבעסערען די לאגע פון די פאבריק־ארבייטער אויף דעם חשבון פון דער לאנד־בעפעלקערונג.

אויב די לאגע פון די פאבריק־ארבייטער אין מאנכע פלעצער איז (כאטש נור אין אויסערליכקייטען) בעסער, ווי די פון דער לאנד־בעפעלקערונג, צייגט עס נור, דאס איינער קען מיט אלער־ליי בעגרענצונגען מאכען דאס לעבען טרויעריג אונטער זאגאר די בעסטע אויסערליכע פערהעלטניסע; און עס צייגט אויך, אז עס איז ניטא אזא לאגע אזוי אונגאטירליך און שלעכט, צו וועלכער מענשען זאלען זיך ניט קענען צופאסען, אויב זיי פער־בלייבען אין איהר פאר מאנכע דורות.

דער עלענד פון דער לאגע פון א פעקטארי־האנד און אין אלגעמיין פון א שטאדט־ארבייטער בעשטעהט ניט אין זיינע לאנגע שטונדען און קליינער בעלוינונג, נור אין דעם פאקט, דאס ער איז בערויבט פון די נאטירליכע פערהעלטניסע פון לעבען און בעריהרונג מיט דער נאטור, און איז געטריעבען צו געצוואונגענער און מאנאטאנער ארבייט לויט דעם ווילען פון א צווייטען.

און דערפאר קען ניט זיין דער ענטפער אויף די פראגען, ווארום פעקטארי־ און שטאדט־ארבייטער זיינען אין א מיזעראב־לער לאגע, און ווי דיזע קען פערבעסערט ווערען, — אז דאס קומט פון דעם, ווייל די קאפיטאליסטען האבען פערכאפט די פראדוקציאנס־מיטלען, און דאס די לאגע פון די ארבייטער וועט בעסער ווערען דורך די פערקירצונג פון די ארבייטס־שטונדען, דורך העכערע ווייד זשעס און דורך דעם, וואס די פראדוקציאנס־מיטלען וועלען ווערען אלגעמיינער אייגענטהום.

דער ענטפער אויף דיזע פראגען מוז בעשטעהן אין דעם אנווייזען אויף די אורזאכען, וועלכע האבען אבגעריסען די ארבייטער פון די נאטירליכע פערהעלטניסע פון לעבען אין בעריהרונג מיט דער נאטור, און האבען זיי געטריעבען אין די פעקטארי־שקלאפעריי, און אין אנווייזען מיטלען צו בעפרייען די ארבייטער פון דער נויטווענדיגקייט צו פערלאזען א פרייען לעבען אויפ׳ן לאנד און צו געהן אין שקלאפעריי אין די פאבריק.

און דערפאר די פראגע, ווארום די שטאדט־ארבייטער זיינען

אין אן עלענדער לאגע, שליסט, פאר אלץ, איין די פראגע: וועלכע אורזאכען האבען זיי געטריעבען פון די דערפער, וואו זיי און זייערע אבות האבען געלעבט און וואלטען געקענט לעבען, וואו, אין רוסלאנד, אזעלכע, ווי זיי, לעבען נאך? און וואס איז עס, וואס האט זיי געטריעבען, געגען זייער ווילען, אין די פעקטארים אריין?

אויב עס זיינען דא ארבייטער, ווי אין ענגלאנד, בעלגיען אדער דייטשלאנד, וועלכע האבען פאר גאנצע גענעראציאנען געלעבט אלס פעקטארי־ארבייטער, איז אפילו זיי לעבען ניט אזוי מיט זייער פרייען ווילען, נור ווייל זייערע טאטעס און זיידעס און עלטער־זיידעס זיינען אויף א געוויסען אופן געווען געצוואונגען אויסצובייטען דאס לאנד־לעבען, וועלכעס זיי האבען געליעבט, אויף א לעבען, וועלכעס האט זיי אויסגעזעהן שווער אין די שטעדט און אין די פעקטארים. צוערשט זיינען די מענשען אבגעריסען געווארען פון לאנד דורך געוואלט, זאגט קארל מארקס, זיינען ארויסגעווארפען געווארען פון זייערע נחלאות און געבראכט געווארען צום וואנדערען. און דאן, דורך גרויזאמע געזעצע זיינען זיי געפייניגט געווארען מיט צוואנגען, מיט רויט־הייסע אייזענס, און זיי זיינען געשמיסען געווארען, אום צו צווינגען זיי זיך צו אונטערווארפען צו דער לאגע פון בלייבען געדונגענע ארבייטער. דערפאר איז די פראגע, ווי צו בעפרייען די ארבייטער פון זייער עלענד, דארף, דאכט זיך, איינעם פיהרען צו דער פראגע, ווי אבצושאפען יענע אורזאכען וועלכע האבען שוין מאנכע מאל געטריעבען און טרייבען אויך יעצט און סטראשענען צו טרייבען די אלע אנדערע בויערען פון דער לאגע וועלכע זיי האבען געהאלטען און האלטען פאר גוט, און האבען געטריעבען און טרייבען זיי צו אזא לאגע, וועלכע זיי האלטען פאר שלעכט.

די עקאנאמישע וויסענשאפט, כאטש זי צייגט אן פארביי־געהענדיג די אורזאכען וועלכע האבען געטריעבען די בויערען פון די דערפער, אינטערעסירט זיך ניט מיט דער פראגע, ווי אבצו־שאפען די אורזאכען, נור זי צילעוועט איהר גאנצע אויפמערק־זאמקייט צו דער פערבעסערונג פון דעם ארבייטער'ס לאגע אין

די עקזיסטירענדע פאבריקען, אננעהמענדיג, אז די לאגע פון די ארבייטער אין דיזע פעקטארים איז שוין עטוואס אונפערענדער־ליכעס, עטוואס, וואס דארף אויף יעדען פרייז אויפגעהאלטען ווערען פאר די יעניגע, וועלכע זיינען שוין אין די פעקטארים, און מוז דערגרייכט ווערען פון די יעניגע וועלכע האבען נאך ניט פערלאזען די דערפער און די ארבייט אויפ׳ן לאנד.

נאך מעהר, די עקאנאמישע וויסענשאפט איז אזוי זיכער, דאס אלע בויערען מוזען אונפערמיידליך ווערען פעקטארי־ארבייטער אין די שטעדט, דאס כאטש אלע חכמים און פאעטען פון דער וועלט האבען אימער אוועקגעשטעלט דעם אידעאל פון מענשליכען גליק צווישען די פערהעלטניסע פון ערד־ארבייט — כאטש אלע די ארבייטער, וועמעס געוואוינהייטען זיינען ניט קארומפירט, האבען אימער געהאלטען פאר בעסער און האלטען נאך איצט פאר בעסער לאנד־ארבייט ווי אירגענד אנאנדערע — כאטש פאבריק־ארבייט איז אימער אונגעזונד און מאנאטאן, ווערענד ערד־ארבייט איז זעהר געזונד און פערשיעדענארטיג— כאטש ערד־ארבייט איז פריי, דאס הייסט, דער בויער ארבייט און רוהט לויט זיין פרייען ווילען, ווערענד פעקטארי־ארבייט, אפילו ווען די פעקטארי געהערט צו איהם, איז אימער א געצוואונגענע, אבהענגיג פון די מאשינען — כאטש פעקטארי־ארבייט איז א תפל און ערד־ארבייט איז דער עיקר, און אהן איהר קען קיין פעקטארי ניט עקזיסטירען — דאך די עקאנאמישע וויסענשאפט בעהויפטעט, דאס אלע מענשען פון לאנד ווערען ניט נור ניט געשעדיגט דורך דעם איבערגאנג פון לאנד אין שטאדט, נור דאס זיי ווינשען עס גאר אליין און שטרעבען גאר דערצו.

## פינפטער קאפיטעל.

### ווארום געלערנטע עקאנאמיסטען בעהויפטען דאס וואס איז פאלש.

ווי בעשיינפערליך אונגערעכט עס איז די בעהויפטונג פון די מענער פון וויסענשאפט, דאס דער גליק פון דער מענשהייט בעשטעהט געראדע אין דעם, וואס איז טיעף אבשטויסענד פאר די מענשליכע געפיהלען — אין מאנאטאנער, געצוואונגענער פאבריק־ארבייט — דאך די וויסענשאפטס־מענער האבען אונפערמיידליך געמוזט מאכען דיזע בעשיינפערליך־אונגערעכטע בעהויפטונג, פונקט ווי די טהעאלאגען פון אמאל האבען געמוזט אונפערמיידליך מאכען פונקט אזא אונגערעכטע בעהויפטונג, דאס די שקלאפען און זייערע הערען זיינען ברואים, וועלכע זיינען גאנץ פערשיעדען איינע פון די אנדערע אין זייערע סאמע נאטורען, און דאס די אונגלייכהייט פון זייער שטעלונג אין דיעזער וועלט וועט בעלוינט ווערען אין דער קומענדער.

די אורזאכע פון דיזער אזוי־קלאר־אונגערעכטער בעהויפטונג איז, דאס די יעניגע, וועלכע האבען פארמולירט און פארמולירען נאך איצט די געזעצע פון דער וויסענשאפט געהערען צו די רייכע קלאסען, און זיי זיינען אזוי צוגעוועהנט צו די עקזיסטירענדע פערהעלטניסע, דאס זיי קענען גאר ניט צולאזען צו זיך דעם געדאנק, דאס די געזעלשאפט וואלט געקענט עקזיסטירען אונטער אנדערע אומשטענדע.

דער לעבענס־פערהעלטניס, צו וועלכען די מענשען פון די רייבערע קלאסען זיינען צוגעוועהנט, איז די גרויס־פראדוקציאן פון פערשיעדענע זאכען, וועלכע זיינען נויטיג פאר זייער בעקוועמליכקייט און פערגעניגען; און דיעזע זאכען קען מען נור

האָבען, ווען עס זיינען דאָ גרויסע פאַבריקען, און ווען די ארבייט איז אַזוי אָרגאַניזירט, ווי זי איז עס איצט. און דערפאַר, ווען די וויסענשאַפטס־מענער דיסקוטירען איבער די פערבעסערונג פון דעם ארבייטער'ס לאַגע, האָבען זיי, די וויסענשאַפטס־מענער, וועלכע געהערען צו די רייכע קלאַסען, אין זינען נור אַזעלכע פער־בעסערונגען, וועלכע וועלען ניט אָבשאַפען דעם איצטיגען סיס־טעם פון פאַבריק־ארבייט, און צוזאַמען דערמיט די אַלע בעק־וועמליכקייטען, וועלכע זיי געניסען.

אפילו די מעהרסטענס פאָרטגעשריטענע עקאָנאָמיסטען — די סאָציאַליסטען, וועלכע פאָדערען די פאָלשטענדיגע קאָנטראָלע איבער די פּראָדוקציאָנס־מיטלען פאַר די ארבייטער — ערוואַר־טען, אַז עס וועלען פּראָדוצירט ווערען די זעלבע אָדער כמעט די זעלבע זאַכען, ווי איצט אין די איצטיגע פאַבריקען און מיט דער איצטיגער צוטהיילונג פון דער ארבייט.

דער אונטערשיעד, ווי זיי שטעלען עס זיך פאָר, וועט נור בעשטעהן אין דעם, וואָס אין דער צוקונפט וועלען ניט נור זיי אליין, נור אַלע מענשען, געניסען די בעקוועמליכקייטען פון לעבען. זיי שטעלען זיך דונקעל פאָר, דאָס, ווען די פּראָדוקציאָנס־מיטלען וועלען קאָמונאַליזירט ווערען, וועלען אויך זיי, די וויסענ־שאַפטס־מענער און די הערשענדע קלאַסען אין אַלגעמיין, טהאָן וועלכע עס איז ארבייט, אָבער מייסטענס, אַלס מענעדזשערס, מוסטער־מאַכער, וויסענשאַפטס־מענער און ארטיסטען. אויף די פראַגע: ווער עס וועט מוזען טראָגען אַ מויל־שלאָס און מאַכען ווייס־בליי? ווער עס וועלען זיין די פייער־לייט? די קויהלען־גרעבערס, די אָבטריט־ראַמער? איז אָדער זיי שווייגען, אָדער זיי זאָגען נביאות, אַז דיזע זאַכען וועלען אַזוי פערבעסערט ווערען, דאָס זאָגאַר די שמוציגסטע און די שווערסטע ארבייט וועט פערשאַפען פערגעניגען. אַט אַזוי שטעלען זיי זיך עס פאָר די צוקינפטיגע עקאָנאָמישע צושטענדע, סיי אין די אוטאָפּיס־טישע, ווי דאָס ווערק פון בעלאַמי, און סיי אין די וויסענשאַפט־ליכע ווערק.

לויט זייערע טהעאָריען, וועלען אַלע ארבייטער זיך אָנשלי־

סען אָן יוניאָנס, אין קערפּערשאַפטען, און וועלען קולטיווירען צווישען זיך דורך יוניאָנס און סטרייקס דעם געפיהל פון סאָלי־דאַריטעט ; זיי וועלען אויך אנטהייל נעהמען אין פּאָליטיק, ביז זיי וועלען דערגרייכען דעם בעזיץ פון אַלע פּראָדוקציאָנס־מיטלען, ווי אויך דאָס לאַנד. און דאַן וועלען זיי ווערען אַזוי גוט גענעהרט, אזוי גוט געקליידעט, און וועלען געניסען אַזעלכע פער־געניגענס אין זייערע פייערטעג, דאָס זיי וועלען פיעל מעהר גליי־כען דאָס לעבען אין שטאדט, צווישען מויערן און רויכערנדע קוי־מענס, דאָס זיי וועלען פיעל בעסער גלייכען די מאַנאָטאָנע מאשין־ארבייט, רעגולירט פון גלאָק, איידער די פערשיעדענאַר־טיגע, געזונדע און פרייע לאַנד־ארבייט.

כאָטש דיזע ערוואַרטונג איז פּונקט אזוי אונוואהרשיינליך, ווי די ערוואַרטונג פון די טהעאָלאָגען וועגען א הימעל, וואָס די ארבייטער וועלען געניסען אויף יענער וועלט אין בעלוינונג פאַר זייער שווערען גורל דאָ, דאָך געלערענטע און געבילדעטע מענ־שען פון אונזער געזעלשאפט גלויבען אין דיזע זאָנדערבארע לעהרע, פּונקט ווי פריהער קלוגע און געלערענטע מענשען האָבען געגלויבט אין א הימעל פאַר די ארבייטער אויף „יענער“ וועלט.

און געלערענטע מענשען און זייערע שילער — מענשען, וועלכע געהערען צו די רייכע קלאַסען — גלויבען עס, ווייל זיי מוזען עס גלויבען. עס שטעהט פאַר זיי דיזע דילעמאַ : אָדער זיי מוזען איינזעהן, דאָס אַלעס, מיט וואָס זיי בענוצען זיך אין זייער לעבען, פון די אייזענבאַהנען ביז די לוסיפער־שוועבעלעך און סיגאַרעטען, שטעלט מיט זיך פאַר ארבייט, וועלכע קאָסט די לעבענס פון פיעלע פון זייערע ברידער־מענשען, און דאָס זיי, וועלכע האָבען קיין חלק ניט אין דיזער ארבייט אויסער דאָס, וואָס זיי געברויכען איהר, זיינען דערפאַר אונעהרליכע מענשען ; אָדער זיי מוזען גלויבען, דאָס אַלעס, וואָס עקזיסטירט, איז פאַר דעם אַלגעמיינעם נוצען, און איז אין איינקלאַנג מיט די אונ־פערענדערליכע געזעצע פון דער עקאָנאָמישער וויסענשאפט. אָט אין דעם ליעגט די אינערליכע פּסיכאָלאָגישע אורזאַכע, וואָס צווינגט מענער פון וויסענשאפט — מענער קלוגע און געבילדע־

טע, אָבער ניט אמת אויפגעקלעהרטע — צו בעהויפּטען מיט
אַזאַ פעסטקייט און איינגעשפּאַרטקייט אַזאַ בעשייַנפּערליכע אונ־
וואַהרהייט, דאָס די אַרבייטער, צוליעב זייער אייגענעם וואויל־
זיין, זאָלען פערלאָזען אַ גליקליכען און געזונדען לעבען אין בע־
ריהרונג מיט דער נאַטור, און דאָס אויסבייטען אויף די שטאָדט־
פאַבריקען, וואו זיי רואינירען זייערע קערפּער און נשמות.

## זעקסטער קאפּיטעל.

### דער באַנקראָט פון דעם סאָציאַליסטישען אידעאַל.

אָבער אז מען זאָל שוין אפילו צוגעבען די בעהויפּטונג, — כאָטש זי איז אַזוי אונבעגרינדעט און אזוי להיפך די פאַקטען פון דער מענשליכער נאַטור, — דאָס עס איז בעסער פאַר מענשען צו לעבען אין די שטעדט און צו טהאָן געצוואונגענע מאַשין־ארבייט, איידער צו לעבען אין די דערפער און ארבייטען פריי ביי פערשיעדענע האַנד־מלאכות, בלייבט אָבער אין דעם אידעאַל גופא, צו וועלכען די מענער פון וויסענשאַפט זאָגען אונז די עקאָנאָמישע ענטוויקלונג פיהרט, אַן אונלייזבארער ווידערשפּרוך. דער אידעאַל איז, דאָס די ארבייטער, וועלכע זיינען געוואָרען בעלי־בתים פון דער פּראָדוקציאָן, דארפען האָבען די אַלע בעק־וועמליכקייטען און פערגעניגענס, וועלכע זיינען איצט דער חלק פון בלויז די רייכע. זיי וועלען אַלע האָבען גוטע קליידונג, גוטע וואוינונג און גוטע נאַהרונג, און זיי וועלען אַלע שפּאַצירען אויף עלעקטריש־בעלויכטענע אַספאַלט־גאַסען, און וועלען בעזוכען טהעאַטערע, קאָנצערטען, און וועלען לעזען צייטונגען און ביכער און וועלען פאָהרען אין אָטאָמאָבילס, און אזוי ווייטער. אָבער, אז יעדער זאָל האָבען געוויסע זאכען, מוז דאָך די פּראָדוקציאָן פון דיזע זאכען ווערען פערטהיילט און פאָלגליך מוז אויך בע־שלאָסען ווערען, ווי לאַנג יעדער ארבייטער האָט צו ארבייטען.

ווי קען דאָס בעשלאָסען ווערען?

די סטאַטיסטיקס קענען ווייזען (כאָטש זעהר ניט פאָל־שטענדיג) וואָס מענשען פאָדערען אין א געזעלשאַפט, וועלכע איז געשמידעט אין די קייטען פון קאַפּיטאַל, פון קאָנקורענץ און פון מאַנגעל. אָבער קיינע סטאַטיסטיקס קענען ניט ווייזען, ווי־פיעל עס איז נויטיג און וועלכע זאכען זיינען נויטיג, אום צו

בעפריעדיגען די פאָדערונג אין א געזעלשאפט, וואו די פּראָדוק־ ציאָנס־מיטלען וועלען געהערען צו דער געזעלשאפט גופא, ד. ה., וואו די מענשען וועלען זיין פריי.

די פאָדערונגען אין אזא געזעלשאפט קענען ניט ערקלערט ווערען בעשטימט, און זיי וועלען אימער גיט דער ערך איבער־ שטייגען די מעגליכקייט פון צופריעדען שטעלען זיי. יעדער וועט וועלען האָבען אלעס, וואָס די רייכסטע בעזיצען איצט, און דער־ פאר איז עס גאנץ אונמעגליך פעסטצושטעלען די פומע פון זאכען, וואָס אזא געזעלשאפט פאָדערט.

נאָך מעהר, ווי אזוי וועלען מענשען געמאכט ווערען צו ארבייטען, ביי זאכען, וועלכע איינע האלטען פאר נויטווענדיג און די אנדערע בעטראכטען פאר איבעריג, אָדער זאָגאר שעדליך ?

אויב עס זאָל געפונען ווערען פאר נויטיג פאר יעדען צו ארבייטען, זאָגען מיר, זעקס שטונדען א טאָג, אום צופריעדענ־ צושטעלען די פאָרדערונגען פון דער געזעלשאפט, טו ווער, אין א פרייער געזעלשאפט, קען צווינגען איינעם צו ארבייטען דיזע זעקס שטונדען, אויב ער ווייס, אז א טהייל פון דער צייט ווערט פערשווענדעט אויף די בעשאפונג פון זאכען, וועלכע ער האלט פאר אונגויטיג אָדער זאָגאר שעדליך ?

עס איז ניט מעגליך אָבצולייקענען, דאָס אונטער די איצ־ טיגע פערהעלטניסע ווערען די העכסט־פערשיעדענארטיגע זאכען פראָדוצירט מיט גרויסער עקאָנאָמיע פון אָנשטרענגונג, א דאנק דער מאשינעריע, און בעזאָנדערס א דאנק דער פערטהיילונג פון דער ארבייט, וועלכע איז העכסט־פאָלקאָמען ; און דאָס דיזע זאכען ברענגען די פאבריקאנטען א זעהר גוטען פראָפיט, און דאָס מיר געפינען זיי פאר זעהר בעקוועם און אנגענעהם פאר אונזער געברויך. אָבער דער פאקט, דאָס דיזע זאכען זיינען גוט געמאכט, און ווערען בעשאפען מיט א קלײנער פערשווענדונג פון כח, דאָס זיי זיינען זעהר פראָפיטאבעל פאר דעם פאבריקאנט און פאר אונז זעהר אנגענעהם, בעווייזט נאָך ניט, דאָס פרייע מענשען, ניט געצוואונגענערהייט, וועלען אלץ אָנגעהן מיט דער בעשאפונג פון דיזע זאכען. עס איז קיין צווייפעל, דאָס קרופּ, מיט דער איצטיגער ארבייט־צוטהיילונג, מאכט וואונדערבארע

קאנאָנען זעהר שנעל און זעהר קינסטליך. א. ב. בעשאפט זעהר שנעל און שעהן זיידענשטאָף; ג. ד. מאכט זעהר גוטע פאר־פומען, פוידערס, אום צו פערשאָנעווען דעם קאָליר פון פנים; און וו. ז. מאכט טהייערען שנאפס. און קיין צווייפעל, אז סאי די פאבריקאנטען און סאי די געברויכער פון דיזע זאכען האָבען פון זיי שטארק הנאה. אָבער קאנאָנען, פארפומען און פוידערס און שנאפס ווערען פערלאנגט פון די, וועלכע ווילען קריגען די קאָנטראָלע איבער דעם כינעזישען מארק, אָדער וועלכע ווילען זיך אָנ'שכור'ן, אָדער וועלכע זיינען שטארק פעראינטערעסירט אין דעם קאָליר פון זייער הויט. אָבער עס וועלען דאן זיין מאנכע, וועלכע וועלען דענקען, אז די פראָדוקציאָן פון אזעלכע זאכען איז שעדליך. און עס וועלען אימער זיין מענשען, וועלכע וועלען דענקען, דאָס — א חוץ דיזע זאכען — אויסשטעלונגען, אקאדעמיען, ביער און פלייש זיינען ניט נויטיג און זאָגאר שעדליך. ווי אזוי וועלען דיזע מענשען געמאכט ווערען צו נעהמען אנטהייל אין דער פראָדוקציאָן פון אזעלכע זאכען?

אָבער, ווען מען זאָל שוין זאָגאר געפינען א מיטעל צו מאכען אלע איינפערשטאנען צו פראָדוצירען געוויסע זאכען (כאָטש עס איז ניטאָ אזא מיטעל, און עס קען ניט זיין אזעלכער, אויסער צוואנג), ווער אָבער, אין א פרייער געזעלשאפט, אָהן דער קאפיטאליסטישער פראָדוקציאָן, קאָנקורענץ און איהר געזעץ פון נאכפראגע און אָנבאָט, וועט בעשליסען וועלכע זאכען זיינען בילכער? וועלכע דארפען געמאכט ווערען צוערשט און וועלכע נאכהער? דארפען מיר צוערשט בויען די סיבירישע אייזענבאהן און בעפעסטיגען פאָרט ארטהור און דאן אויס־פלאסטערען די גאסען אין אונזער שטעדטעל, אָדער פערקעהרט? וואָס זאָל קומען צוערשט: עלעקטרישע בעלייכטונג אָדער די בעוואסערונג פון די פעלדער? און דאן קומט אנאנדער פראגע, וואָס איז אונלייזבאר מיט פרייע ארבייטער: וועלכע מענער זאָלען טהון וועלכע ארבייט? געווים וועלען אלע בעסער שניי־דען היי אָדער מאָלען, ווי הייצען דעם אויוועז אָדער אויסרייניגען שמוץ. ווי, ביי דער בעשטימונג פון דער ארבייט, וועלען מענשען געמאכט ווערען צו קומען צו אן איינפערשטענדניס?

קיינע סטאטיסטיקס קענען ניט פערענטפערן דיזע פראגען. די לייזונג קען נור זיין א טהעאָרעטישע: עס קען געזאָגט ווערען, אז עס וועלען זיין מענשען, וועמען עס וועט געגעבען ווערען די מאכט צו רעגולירען אלע דיזע ענינים. מאנכע מענשען וועלען בעשליסען, און אנדערע וועלען פאָלגען.

אבער א חוץ די פראגען פון צוטהיילונג און פיהרונג פון דער פראָדוקציאָן און פון אויסוועהלען די ארבייט, ווען אלע פראָדוקציאָנס־מיטעל וועלען ווערען קאָמונאליזירט, וועט זיין נאָך אנאנדערע און זעהר וויכטיגע פראגע: ווי ווייט זאָל געהן די צוטהיילונג פון דער ארבייט אין א סאָציאליסטיש־אָרגאניזיר־טער געזעלשאפט. די איצט־עקזיסטירענדע ארבייט־צוטהיילונג ווערט בעשטימט דורך די בעדירפניסע פון די ארבייטער. אן ארבייטער איז נור איינפערשטאנען צו לעבען זיין גאנצען לעבען אונטער דער ערד, אָדער צו מאכען א הונדערטען טהייל פון א זאך זיין גאנצען לעבען, אָדער צו בעוועגען זיינע הענד ארויף און אראָב צווישען דעם געפילדער פון דער מאשינערי, זיין גאנצען לעבען, ווייל, ווען ער זאָל זיך ענטזאגען דערפון, וועט ער ניט האָבען פון וואנען צו לעבען. אָבער עס קען דאָך נור זיין דורך צוואנג, דאָס אן ארבייטער, וועלכער איז דער אייגענ־טהימער פון די פראָדוקציאָנס־מיטלען, זאָל געמאכט ווערען איינצואוויליגען צו ארבייטען אונטער אזעלכע אָבשטומפפענדע און גייסט־פערניכטענדע ארבייטס־אומשטענדען, ווי די אונטער וועלכע מענשען ארבייטען איצט. ארבייט־צוטהיילונג איז אָהן צווייפעל זעהר פראָפיטאבעל און גאנץ נאטירליך פאר מענשען. אבער, ווען מענשען זיינען פריי, איז די ארבייט־צוטהיילונג נור מעגליך ביז צו א געוויסען, זעהר בעשטימטען גראד, וועלכער איז שטארק איבערשטיעגען געוואָרען אין אונזער געזעלשאפט.

אויב איין בויער בעשעפטיגט זיך הויפטזעכליך מיט שטיוועל־מאכעריי און זיין פרוי וועבט, און אנאנדער בויער אקערט, און א דריטער איז א שמיעד, און זיי אלע, האָבענדיג געקראָגען א ספּעציעלע געשיקטקייט אין זייער אייגענע ארבייט, בייטען זיך אין דעם, וואָס זיי האָבען פראָדוצירט — איז ארבייט־צוטהיילונג ניצליך פאר אלע, און פרייע מענשען וועלען

נאַטירליך צוטהיילען זייער ארבייט אויף אזא אופן. אבער אַן ארבייט־צוטהיילונג, ביי וועלכע איינער מאכט א הונדערט־חלק פון א זאַך, אָדער א הייצער־ארבייט אין 140 גראד (פאַה־רענהייט) פון היץ, אָדער ער ווערט דערשטיקט פון שעדליכע גאזען — אזא ארבייט־צוטהיילונג איז שעדליך, ווייל כאָטש זי העלפט דער פּראָדוקציאָן פון אונבעדייטענדע זאכען פערניכטעט זי אָבער דאָס, וואָס איז דאָס טהייערסטע — דאָס לעבען פון מענשען, און דארום, אזא ארבייט־צוטהיילונג, ווי זי עקזיסטירט איצט, קען נור עקזיסטירען דאָרט, וואו עס איז דאָ צוואַנג. ראָדבערטוס זאָגט, דאָס די קאָמונאַלע צוטהיילונג פון דער אר־בייט פעראייניגט די מענשהייט. דאָס איז אמת, אבער דאָס איז נור די פרייע צוטהיילונג — אזא, וועלכע מענשען נעהמען אָן פרייוויליג — וועלכע פעראייניגט.

אויב מענשען בעשליסען צו מאכען א וועג, און איינער גראָבט, א צווייטער דערלאַנגט די שטיינער, א דריטער צוברעכט זיי, און אזוי ווייטער, — אזא סאָרט צוטהיילונג פעראייניגט מענשען.

אבער, ווען אונאבהענגיג פון זייערע פערלאנגען, און אמאָל געגען זייער פערלאַנגען, ווערט געבויט א סטראַטעגישע אייזענ־באהן, אָדער אַן אייפעל־טהורם, אָדער אזעלכע דומהייטען, וועלכע פילען אָן די פּאַריזער אויסשטעלונג, און איין ארבייטער איז געצוואונגען צו קריגען אייזען, א צווייטער צו גראָבען קוילען, א דריטער צו שמעלצען, א פיערטער צו הייבען בוימער און א פינפטער צו זעגען זיי, ניט האָבענדיג זאָגאַר דעם מינ־דעסטען בעגריף צו וואָס מען דאַרף די זאכען וועלכע זיי מאַכען, אזא צוטהיילונג פון דער ארבייט, ניט נור וואָס זי פעראייניגט ניט די מענשען, נור זי צוטהיילט זיי נאָך.

און דערפאר, מיט קאָמונאַליזירטע פּראָדוקציאָנס־מיטלען, ווען מענשען זיינען פריי, וועלען זיי אָננעהמען נור די ארבייט־צוטהיילונג, ווען געמס גוטע רעזולטאַטען פאר די ארבייטער וועלען איבערוועגען די שלעכטע. און אזוי ווי יעדער מענש האַלט נאַטירליך פאר גוט די אויסברייטונג און די פערפיעל־

פאכונג פון זיינע טהעטיגקייטען, וועט אזא ארבייט־צוטהיילונג, ווי זי עקזיסטירט איצט, נאטירליך, זיין אונמעגליך אין א פרייער געזעלשאפט.

צו גלויבען, אז מיט דער קאָמונאליזירונג פון די פּראָדוקציאָנס־מיטלען וועט קומען אזא איבערפלוס פון זאכען, ווי דער, וועלכער ווערט איצט בעשאפען דורך א געצוואונגענע ארבייט־צוטהיילונג, איז פונקט ווי צו גלויבען, דאָס נאָך דעם בעפרייאונג פון די לייב־איינענע בויערען וועלען נאָך אימער עקזיסטירען, ווי פריהער, די היימישע אָרקעסטערס, טהעאטערע, היימיש־געמאכטע קארפעט און לייסעס און די קינסטליך־געפלאנצטע גערטנער, וועלכע זיינען אָבגעהאנגען פון דער ארבייט פון די לייב־איינענע. אלזאָ, דער גלויבען, דאָס ווען דער סאָציאליסטישער אידעאל וועט פערווירקליכט ווערען, וועט יעדער זיין פריי, און וועט צו דערזעלבער צייט האָבען צו זיין געברויך אלעס, אָדער כמעט אלעס וואָס עס האָבען איצט די רייכע, דיזער גלויבען האָט אין זיך א קלאָרען, א בעשיינפערליבען ווידער־שפרוך.

## זיעבעטער קאפיטעל.

### קולטור אדער פרייהייט.

.... די געשיכטע ווידערהאָלט זיך: עס פּאַסירט איצט דאָס זעלבע, וואָס איז פאָרגעקומען אין דער צייט פון פאַנסטשיזנע. פונקט ווי יעמאָלט האָבען די גרעסטע טהייל פּריצים, ווען זיי האָבען זאָגאר אנערקענט די לאַגע פון די לייב־אייגענע אלס ניט זעהר קיין גוטע, נור פאָרגעשלאָגען אזעלכע אומענדערונגען, וועלכע זאָלען ניט אָנריהרען די הויפּט־אינטערעסען פון דעם פּריץ, אזוי אויך איצט שלאָגען פאָר די מענשען פון די וואָהל־האבענדע קלאַסען, אנערקענענדיג די לאַגע פון די ארבייטער אלס א זעהר ניט קיין אנגענעהמע, נור אזעלכע מיטעל און פּלענער, וועלכע זאָלען זעהר ווענינ שטערען זייער אייגענע גוטע לאַגע.

פּונקט ווי יעמאָלט האָט דער גוטער פּריץ גערעדט פון א „פּאָטערליכע“ הערשאפט, אזו, ווי גאָגאָל, האָט ער געראַטהען אלע אנדערע פּריצים צו זיין גוט און צו זאָרגען פאָר זייערע בויערען, אָבער עס איז איהם גאָר אויפ׳ן געדאַנקען ניט געקומען פריי צו לאָזען די בויערען גאָר אין גאַנצען, האַלטענדיג עס פאַר שעדליך און געפעהרליך, אזוי אויך איצט ראַטהען די וואָהל־האבענדע מענשען פון אונזער צייט די פאַבריקאַנטען צו דענקען עטוואָס מעהר פון זייערע ארבייטער, אָבער עס פאַלט זיי גאָר ניט איין צו פאָדערען די אומענדערונג פון די איצטיגע אָרדנונג אויף אזא אופן, אז דער ארבייטער זאָל קענען ווערען פריי.

און פּונקט ווי יעמאָלט האָבען די ליבעראַלע מענשען, אנער־קענענדיג די לאַגע פון פאַנסטשיזניקעס אלס אונפערענדערליך, האָבען געפאָדערט פון דער רעגיערונג, אז זי זאָל נור בעגרענעצען די הערשאפט פון די פּריצים און האָבען סימפּאַטיזירט מיט די

בויערען־אויפשטענדע, אזוי איז אויך מיט די ליבעראלען פון אונזער צייט: אנערקענענדיג די איצטיגע אָרדנונג אלס עטוואָס אייביגעס, פאָדערען זיי נור פון די רעגיערונג, זי זאָל אָנטהאָן א צוים אויף די קאפיטאליסטען, און זיי סימפאטיזירען מיט יוניאָנס, מיט סטרייקס, און איבערהויפּט מיט דער ארבייטער־בעוועגונג. און פונקט ווי יעמאָלט האָבען די פאָרטגעשריטענסטע מענשען געפאָדערט די בעפרייאונג פון דעם מוזשיק, אָבער אין דעם פראָיעקט האָבען זיי נאָך איהם אלץ געלאָזען אָבהענגיג פון די לאנד־אייגענטהימער, אזוי אויך איצט פאָדערען די פאָרט־געשריטענסטע מענער די בעפרייאונג פון ארבייטער פון קאפיטא־ליסט, די פערגעזעלשאפטליכונג פון אלער ארט ווערקצייג, אָבער דערביי לאָזען זיי איהם נאָך אלץ אלס שקלאף פון די צוטהיילונג פון דער ארבייט, וועלכע, נאָך זייער מיינונג, מוז און טאָר ניט אומגעענדערט ווערען.

די לעהרע פון די עקאָנאָמישע וויסענשאפט, וועלכע עס געהען נאָך די אלע געלעהרטע און געבילדעטע מענשען, שטעלט זיך פאָר ביי אן אויבערפלעכליכען בליק אלס עטוואָס זעהר ראדיקאלעס, ווייל זי ענטהאלט אין זיך אטאקעס אויף די רייכע קלאסען פון דער געזעלשאפט, אין איהר עצם אָבער איז דיעזע לעהרע זעהר קאָנסערוואטיוו.

אזוי אָדער אנדערש, אלע מענער דער וויסענשאפט, און אויך אלע וואָהלהאבענדע קלאסען פון דער געזעלשאפט ווילען בשום אופן ניט צוגעבען, אז עס קען און דארף זיך אומענדערען די איצטיגע סיסטעמע פון פערטהיילונג פון דער ארבייט, וועלכע גיט די מעגליכקייט פאר די פראָדוקציאָן פון גרויסע מאסען פון זאכען, מיט וועלכע זיי בענוצען זיך. די איצטיגע עקזיסטירענדע אָרדנונג רופען זיי אָן קולטור, און זיי זעהען אין דיעזע קולטור: אין די אייזענבאהנען, טעלעגראפען, טעלעפאָנען, פאָנאָגראפען, רענטגען־שטראהלען, קליניקס, אויסשטעלונגען, און איבערהויפּט אין אלע מיטלען פון בעקוועמליכקייט — עטוואָס הייליגעס, דאָס זיי לאָזען זאָגאר ניט צו דעם געדאנק וועגען אן אומענדערונג, וועלכע זאָל אָנריהרען דעם קלענסטען טהייל פון דיעזע עראָבע־

רונגען... אלעס מעג מען אומבייטען נאָך די לעהרע פון דיעזער וויסענשאַפט, נור ניט דאָס, וואָס טראָגט איצט דעם נאָמען פון קולטור. און דאָך ווערט דאָך אַלע מאָל אויגענשיינליכער, דאָס דיעזע קולטור קען נאָר עקזיסטירען דורך די געצוואונגענהייט פון דעם ארבייטער צו ארבייטען. אָבער די וויסענשאַפטס־מענער זיינען אזוי זיכער, דאָס די קולטור איז דער גרעסטער גליק, דאָס זיי זאָגען זיך: „מעג די גערעכטיגקייט אונטערגעהן, אָבער די קולטור מוז בלייבען.“ און ניט נאָר וואָס זיי ריידען, זיי האנדלען אויך אזוי. אלעס קען מען אומענדערען אין דער פראַקטיק און אין דער טהעאָריע, נור ניט די קולטור, ניט דאָס, וואָס ווערט געמאכט אין די פאבריקען און ווערט פערקויפט אין די מאגאזינען.

איך דענק אָבער, דאָס מענשען געבילדעטע, מענשען מיט עטוואָס געפיהל פון ליעבע פאר זייער שכן, דארפען דענקען און האנדלען פונקט פערקעהרט.

שעהן איז די עלעקטרישע בעלייכטונג, טעלעפאָנען, אויס־שטעלונגען און די אלע גאָרטענס פון ארקאדיע מיט זייערע קאָנ־צערטען און פאָרשטעלונגען, און די אלע סיגארען און די שעהנע שוועבעלעך־פושקעס, און די שטעקעלעך, און די בייסיקלעך ... נור מעגען זיי אלע איינזינקען, אויב פאר זייער בעשאפונג פאָדערט זיך אז ניין און ניינציג הונדערטעל פון די מענשען זאָלען זיין אין שקלאפעריי און זאָלען טויזענדערווייז אונטערגעהן אין די פאבריקען, וואָס זיינען נויטיג פאר די בעשאפונג פון דיעזע זאכען!

אויב צוליעב דעם, דאָס לאָנדאָן אָדער פעטערבורג זאָלען קענען בעלויכטען ווערען דורך עלעקטריציטעט, אום מען זאָל קענען אויפבויען שעהנע געביידען פאר אַן אויסשטעלונג, אָדער עס זאָלען זיין שעהנע פארבען, אָדער מען זאָל גיך און פיעל פאבריצירען שעהנע שטאָפען, אויב צוליעב דעם איז נויטיג, דאָס עס זאָלען האָבען כרת יאָהרען כאָטש די קלענסטע צאָהל מענ־שען, טו זאָלען בעסער לאָנדאָן און פעטערבורג בעלויכטען ווערען פון גאז אָדער, מיינטוועגען, אויל, זאָל ניט זיין קיין אויסשטע־

לונג, קיין שעהנע פּארבען, קיין שעהנע שטאָפען, נור עס זאָל קיין שקלאַפעריי ניט זיין, און אזוי פיעל מענשען זאָלען ניט שטארבען פאר זייער צייט.

אמת־געבילדעטע מענשען װעלען אימער מרוצה װערען זיך צוריקצוקעהרען צו פאָהרען מיט א פוהר, און זאָגאר צו גראָבען די ערד מיט העלצער און מיט די הענד, איידער צו פאָהרען איבער די אייזענבאהנען, װעלכע רויבען די לעבענס פון אזוי פיעל מענשען, און נור דארום, װייל עס לוינט בעסער פאר די בעזיצער פון די באהנען צו בעלוינען די פאמיליען פון די געטויטעטע מיט עטװאָס, איידער צו מאכען דעם װעג אזוי, אז די באהנען זאָלען ניט דארפען פערניכטען מענשען־לעבענס, װי דאָס קומט פאָר איבעראל. דער אמת־געבילדעטער װעט ניט זאָגען: „לעבען זאָל די קולטור און — מעג די גערעכטיגקייט אונטערגעהן“, נור פערקעהרט: „לעבען זאָל די גערעכטיגקייט, און מעג די קולטור אונטערגעהן.“

אָבער די קולטור, די ניצליכע קולטור װעט גאָר ניט אונטערגעהן. די מענשען װעלען אין קיין פאל ניט דארפען זיך צוריקקעהרען צום גראָבען די ערד מיט די הענד און צו בעלייכטונג מיט קינעלעך (שפענדלעך). ניט אומזיסט האָט די מענשהייט אין דער צייט פון שקלאַפעריי געמאכט אזעלכע גרויסע פאָרטשריטע אין דער טעכניק.

װען מענשען װעלען נור פערשטעהן, אז מען טאָר זיך ניט בענוצען פאר דעם אייגענעם פערגעניגען מיט דעם לעבען פון מענשען, װעלען זיי קענען די אלע ערפאָלגען פון דער טעכניק אזוי אָנװענדען, דאָס זיי זאָלען ניט דארפען פערניכטען די לעבענס פון זייערע ברידער, זיי װעלען קענען אזוי איינאָרדנען דעם לעבען, אום זיך צו בענוצען מיט די אלע אויסגעאַרבייטע װערקצייג, דורך װעלכע די נאַטור איז בעהערשט געװאָרען, און מיט װעלכע מען מעג זיך בענוצען, ניט פערשקלאפענדיג אין דער זעלבער צייט זייערע ברידער.

# אכטער קאפיטעל.

## שקלאפעריי עקזיסטירט צווישען אונז.

לאמיר זיך פארשטעלען א מענשען פון א גאנץ פרעמדע וועלט, א מענשען, וואס האט קיין אהנונג ניט פון אונזער געשיכטע, אונזערע געזעצע, אונזערע מנהגים, ארונטערקומען אויף אונזער ערד, און ווייזענדיג איהם דעם לעבען אונזערען אין אלע זיינע ערשיינונגען, זאל מען איהם פרעגען — אין וואס זעהט ער דעם הויפט־אונטערשיעד אין דעם לעבען פון די מענשען פון אונזער וועלט?

דעם הויפט־אונטערשיעד, אויף וועלכען אזא מענש וועט אנווייזען, וועט זיין דער, דאס אייניגע — א גאנץ קליינע צאהל פון מענשען — מיט ריינע, ווייסע הענד, עסען גוט, טהוען זיך אן שעהן, וואוינען גראס, ארבייטען זעהר ווייניג און לייכט, אדער אפט טאקע גאר ניט, און זיי האלטען נור אין איין אמוזירען זיך, אויסגעבענדיג אויף זייערע שמחות, בעלער און אלערליי אנדערע פערגעניגענס מיליאנען פון שווערע ארבייטס־טעג פון אנדערע מענשען, די אנדערע, די מעהרצאהל פון די מענשען, זיינען אימער בלאטיג, זיינען אנגעטהאן אין טראנטעס, וואוינען אין ארעמע שטיקענדע צימערען, עסען דאס ערגסטע, און פון פריהען מארגען ביז שפעט אין דער נאכט און אפט גאנצע נעכט, ארביי־טען זיי אויף די, וועלכע ארבייטען גאר ניט, און האלטען זיך אימער אין איין אמוזירען.

אויב צווישען די איצטיגע הערען און שקלאפען איז שווער צו מאכען אזא קענטיגען אונטערשיעד, ווי דער, וועלכער האט אמאל אבגעטהיילט די אמאליגע שקלאפען פון זייערע הערען און ווען צווישען די שקלאפען פון אונזער צייט זיינען איצט דא אזעלכע, וועלכע זיינען נור שקלאפען פאר א צייט,

און דאָן ווערען זיי אַליין די הערדען, אָדער אַזעלכע, וואָס זיינען הערדען און שקלאַפען צו גלייבער צייט — דאָך דיעזע צונויפמישונג קען דאָך ניט בלינד מאַכען די מענשען, אום ניט צו זעהן, אַז אונזער געזעלשאַפט איז געטהיילט אין שקלאַפען און הערדען, פונקט אַזוי גוט, ווי אַ מעת־לעת ווערט צוטהיילט אויף טאָג און נאַכט, טראָץ דעם, וואָס אין דעם מעת־לעת גיט אַ מאָמענט, ווען עס איז נאָך ניט קיין נאַכט, און דאָך איז עס שוין ניט מעהר טאָג.

ווען ביי דעם הערר פון אונזער צייט איז שוין ניטאָ אַ שקלאַף איוואַן, ווענמען ער זאָל קענען בעפעהלען ריין מאַכען זיין שמוציגען אָבטרעט, זיינען דערפאַר דאָ דריי דאָלאַרדיגעס, אין וועלכע הונדערטע פון איוואַנעס נויטיגען זיך, און דער שקלאַפען־האַלטער פון אונזער צייט קען אויסקלייבען דעם בעסטען פון די הונדערטע פון איוואַנעס, און בעגליקען איהם דערמיט, דאָס פון אַלע אַנדערע האָט ער איהם אויסגעקליבען צו רייניגען זיין אָבטרעט.

די שקלאַפען פון אונזער צייט זיינען ניט נאָר די פאַבריק־אַרבייטער, וועלכע, אום צו עקזיסטירען, מוזען זיך פערקויפען מיט ל י י ב און ל ע ב ע ן צו די בעזיצער פון די פאַבריקען, נור עס זיינען אויך שקלאַפען כמעט אַלע לאַנד־אַרבייטער, וואָס אַרבייטען אונערמיעדליך אויף פרעמדע פעלדער פרעמדע קאָרן, אויפזאַמלענדיג איהם אין פרעמדע שייערען, אָדער, די וואָס בעאַרבייטען זייערע אייגענע פעלדער אום צו בעצאָהלען די באַנקירען די פּראָצענטען אויף זייערע אייביג־שטייגענדע שולדען, — אַזעלכע שקלאַפען זיינען אויך די אַלע, אָהן אַ שיער און אָהן אַ צאָהל דיענער, לאַקייען, קוכערס, דיענסטמיידלעך, הויז־האַלטערס, קוטשערס, בעדער, וועלכע זייער גאַנצען לעבען טהוען זיי זאַכען, וואָס זיינען ניט געאייגנעט פאַר אַ מענשליכען וועזען, און ערפילען פליכטען, וואָס זיינען זיי צו־ווידער.

שקלאַפעריי עקזיסטירט ביי אונז איז פולער קראַפט. אָבער מיר זיינען זיך ניט בעוואוסט איבער דעם, פונקט אַזוי גוט, ווי מענשען האָבען ניט פערשטאַנען די שקלאַפעריי פון לייב־אייגענטהום ביי די ענדע פון אכצעהנטען יאָהרהונדערט.

די מענשען פון יענער צייט האָבען געדענקט, דאָס די לאַגע פון די יעניגע, וועלכע מוזען בעארבייטען די לאַנד פאַר די הערען, און פאָלגען זיי אין אַלעמען, איז געווען אַ נאַטירליכע, אונפערמיידליכע עקאָנאָמישע בעדינגונג פון לעבען, און זיי האָבען דאָס ניט אָנגערופען מיט דעם נאָמען שקלאַפעריי. פונקט דאָס זעלבע פּאַסירט איצט: די מענשען פון אונזער צייט האַלטען די לאַגע פון די ארבייטער פאַר נאַטירליך, פאַר אונפערמיידליך, און דאָס ווערט גאָר ניט בעטראַכט פון זיי אַלס שקלאַפעריי.

און פונקט, ווי צו ענדע פון אַכצעהנטען יאָהרהונדערט האָבען מענשען ביסלעכווייז אָנגעהויבען צו פערשטעהן, אַז דאָס, וואָס האָט פריהער געשיינט צו זיין אַ נויטווענדיגע, אַן אונפערמיידליכע לעבענס־פאָרמע, איז ניט גוט, איז אונגערעכט, איז פערברעכעריש און מוז אומגעענדערט ווערען, אַזוי אויך הויבען אָן די מענשען פון אונזער צייט צו פערשטעהן, דאָס די לאַגע פון די געדונגענע, פון די ארבייטער, איז ניט אַזאַ, ווי זי האָט בעדאַרפט זיין, און דאַרף ווי עס איז אַנדערש ווערען.

די שקלאַפעריי פון אונזער צייט הויבט אָן פערשטאַנען צו ווערען נור פון די פאָרטגעשריטענסטע מענשען פון אונזער געזעלשאַפט, די מעהרצאָהל איז אָבער נאָך אימער איבערצייגט, דאָס ביי אונז איז ניטאָ אַזאַ זאַך, ווי שקלאַפעריי.

אויכער פיעלע אַנדערע אורזאַכען, וואָס פערבלענדען זיי, עקזיסטירט נאָך אַן אומשטאַנד, וואָס לאָזט זיי איבער אין זייער בלינדהייט: מיר האָבען דאָך אייגענטליך ניט לאַנג אָבגעשאַפט די שקלאַפעריי אין רוסלאַנד און אין אַמעריקאַ. אין אמת'ן אָבער איז דיעזע אָבשאַפונג פון שקלאַפעריי געווען בלויז אַן איבערבייטונג פון די אַלט־געוואָרענע פאָרמע פון שקלאַפעריי, אויף אַ נייע, אַ פעסטע, וועלכע האָט אַריינגענומען אין זיך אַ פיעל גרעסערע צאָהל מענשען. די אָבשאַפונג פון פאַנסטשיזנע אין רוסלאַנד און פון די שקלאַפעריי אין אַמעריקאַ איז געווען עהנליך צו דעם, וואָס די טאַטאַרען האָבען געטהאָן מיט זייערע געפאַנגענע, ווען זיי האָבען אויסגעקלעהרט אויפצושניידען זיי די פיאַטעס פון די פיס, און אָנשיטען דאָרט זאַמד און שטיינער. האָבענדיג אויסגעפיהרט אויף זיי דיעזע אָפּעראַציע,

האָבען זיי אראָבגענומען דאן פון זיי די קייטען. די אָבשאַפונג פון פאַנסטשיזנע אין רוסלאנד און נעגער־שקלאַפעריי אין אמע־ריקא, האָט ניט נאָר ניט אָבגעשאַפט די שקלאַפעריי; ניט נאָר האָט זי ניט פערניכטעט איהר סאמע וועזען, נאָר זי האָט ערשט אויפגעבליהט, ווען די שטיינער אין די צוהאַקטע פּיאַטעס האָבען אָנגעריסען גרויסע מכות און מען האָט געקענט זיין זיכער, דאָס אויך אָהן קייטען וועלען די געפאַנגענע ניט ענטלויפען און וועלען ארבייטען. די נאָרד־שטאאטען אין אמעריקא האָבען אזוי מוטהיג געפאָדערט די פערניכטונג פון די אלטע שקלאַפעריי, ווייל ביי זיי איז שוין די נייע שקלאַפעריי — די שקלאַפעריי פון געלד — געווען אין פולען שוואונג. די זידליכע־שטאאטען האָבען אָבער נאָך ניט געזעהן קיין קלאָהרע סמנים פון די אָנקומענדע נייע שקלאַפעריי און דארום האָבען זיי ניט געוואָלט אָבשאַפען די אַלטע.

ביי אונז אין רוסלאנד איז נור דאן אָבגעשאַפט געוואָרען פאַנסטשיזנע, ווען דאָס גאַנצע פּרוכטבארע לאַנד איז שוין געווען פערכאַפט פון די פּריצים. און ווען מען האָט די בויערען געגעבען לאַנד, האָט מען אויף זיי אָנגעלעגט די צאָהלונג פון טאַקסעס, וועלכע האָבען פערנומען די שטעלע פון לאַנד־שקלאַפעריי. אין אייראָפּאַ זיינען די טאַקסעס, וואָס האָבען געהאַלטען דאָס פאָלק אין געבונדענהייט, נור דאן אָבגעשאַפט געוואָרען, ווען מען האָט איהם געראויבט פון דאָס לאַנד, אוועקגעריסען פון זיין לאַנד־ארבייט, און מען האָט איהם געצוואונגען צו ווערען אָבהענגיג פון דעם קאַפּיטאַליסט; נור דאן האָט מען אָבגעשאַפט די טאַקסע אויף ברויט אין ענגלאַנד. איצט הויבט מען אָן אראָבצונעהמען די טאַקסעס פון די ארבייטער אין דייטשלאַנד און אין אנדערע לענדער, און מען מאַכט די רייכע זיי צו צאָהלען נור דארום, ווייל די מעהרצאָהל פון פאָלק געפינט זיך אין די געוואַלד־מאַכט פון די קאַפּיטאַליסטען. איין מיטעל פון שקלאַפעריי ווערט אָבגעשאַפט, ווען אַן אנדערער, אַ נייער, האָט שוין פערנומען זיין פּלאַץ. און ווען ניט איין מיטעל, איז אַ צווייטער און אָפט עטליכע צוזאַמען ווערען אָנגעווענדעט אום צו האַלטען דאָס פאָלק אין שקלאַפעריי. דאָס הייסט, מען שטעלט איהם אין אַזאַ לאַגע, דאָס

די וועגינע האָבען די פולע מאַכט, די פולע געוואַלד איבער די פּיעלע, דאָס הייסט, אַז אין אונזער געזעלשאַפט עקזיסטירט שקלאַפעריי ניט אין דעם בילדליכען זין פון וואָרט, נור טאַקע אמת׳ע, איינפאַכע שקלאַפעריי.

# ניינטער קאפיטעל.

## וואס איז שקלאפעריי.

אין וואס בעשטעהט די שקלאפעריי פון אונזער צייט? וועלכע זיינען עס די כחות, וועלכע מאכען מאנכע מענשען פאר די שקלאפען פון אנדערע? אויב מיר פרעגען אלע ארבייטער אין רוסלאנד און אין איירָאפּא און אין אמעריקא — גאנץ גלייך ביי וואס זיי ארבייטען — וואס האט זיי געמאכט אויסקלייבען די לאגע, אין וועלכער זיי לעבען? וועלען זיי אלע ענטפערען, דאס זיי זיינען געבראכט געווארען דערצו: אדער, ווייל זיי האבען ניט געהאט קיין לאנד, אויף וועלכען זיי וואלטען געקענט און געוואונשען צו לעבען און צו ארבייטען (דאס וועט זיין דער ענטפער פון אלע רוסישע ארבייטער, און פון זעהר פיעלע פון די איירָאפּעאישע). אדער דאס שטייערען, דירעקטע און אינ־דירעקטע זיינען געפאָדערט געווארען פון זיי, וועלכע זיי האבען נור געקענט בעצאהלען, פערקויפענדיג זייער ארבייט, אדער דאס זיי זיינען פערבליעבען ביי דער פאבריק־ארבייט, ווייל זיי זיינען געפאנגען געווארען פון די פיעלע לוקסוס־געוואוינהייטען, וועלכע זיי האבען אנגענומען, און וועלכע זיי קענען נור בעפריעדיגען, פערקויפענדיג זייער ארבייט און זייער פרייהייט.

די ערשטע צוויי בעדינגונגען — דער מאנגעל אין לאנד און די טאקסען — טרייבען די מענשען צו געצוואונגענע אר־בייט, וועהרענד די דריטע — זיינע גרעסערע און אונבעפריע־דיגטע בעדירפניסע — פערנארען איהם און האלטען איהם ביי איהר.

מיר קענען זיך פארשטעלען, אז דאס לאנד קען בעפרייט ווערען פון די פרעטענזיע פון די פריוואט־אייגענטהימער, דורך דעם פלאן פון הענרי דזשארדזש, און דאס דאן וועט די ערשטע

אורזאכע, וואָס טרייבט מענשען צו שקלאפעריי, אָבגעשאפט ווערען. מיר קענען אויך, א חוץ דעם סינגעל־טעקס פּלאַן, פאָר־שטעלען זיך די דירעקטע אָבשאפונג פון טאקסען, אָדער דאָס זיי זאָלען ארויפגעלעגט ווערען אויף די רייכע, אנשטאט אויף די אָרימע, ווי דאָס ווערט איצט געטהאָן אין מאנכע לענדער. אבער אונטער דער איצטיגער עקאָנאָמישער אָרגאַניזאַציאָן קען זיך איינער זאָגאר ניט פאָרשטעלען א צושטאנד, אונטער וועלכען מעהר און מעהר לוקסוריעזע, און אָפּט שעדליכע לעבענס־געוואוינהייטען זאָלען ניט אָנגענומען ווערען פון די רייכע, און דאָס דיעזע געוואוינהייטען זאָלען ניט ביסלעכווייז אויך אריבערקלייבען זיך צו די פון די ניעדריגע קלאסען, וועלכע קומען אין בעריהרונג מיט די רייכע, אזוי אונפערמיידליך, ווי וואסער פערזינקט אין דער ערד, און דאָס דיזע געוואוינהייטען זאָלען ניט ווערען אזוי נויטיג פאר די ארבייטער, דאָס אום זיי צופריעדענצושטעלען, זאָלען זיי ניט זיין אימער פערטיג צו פערקויפען זייער פרייהייט.

אלזאָ, די דריטע בעדינגונג, כאָטש זי איז א פרייוויליגע (ד. ה., עס מעג שיינען, דאָס א מענש קען זיך וועהרען געגען דעם נסיון) און כאָטש די וויסענשאפט אנערקענט איהר ניט, אלס די אורזאכע פון דער עלענדער לאגע פון די ארבייטער, איז אבער אין דער ווירקליכקייט די שטארקסטע און די, וועלכע עס איז אם שווערסטען אבצושאפען, אורזאכע פון שקלאפעריי .

ארבייטער, לעבענדיג נאָהענט צו די רייכע, ווערען אימער אָנגעשטעקט פון נייע פאָרדערונגען, און זיי קריגען נור דאן די מיטלען צופריעדענצושטעלען דיזע פאָרדערונגען, ווען זיי ווענדען אָן פאר דעם די שטארקסטע, די אנגעשטרענגסטע ארבייט. אזוי דאָס ארבייטער אין ענגלאנד און אמעריקא, קריגענדיג מאנכע מאָל צעהן מאָל אזוי פיעל, וויפיעל עס איז נויטיג צום לעבען, בלייבען פון דעסטוועגען פונקט אזעלכע שקלאפען, ווי זיי זיינען פריהער געווען.

דריי אורזאכען, לויט די ארבייטער אליין ערקלערען, ברייגגען די שקלאפעריי, אין וועלכער זיי לעבען. און די

געשיכטע פון זייער פערשקלאפטקייט און די פאקטען פון זייער לאגע בעשטעטיגט די ריכטיגקייט פון דיזער ערקלערונג.

אלע ארבייטער ווערען געבראכט צו דיזען צושטאנד און ווערען געהאלטען אין איהם דורך דיזע דריי אורזאכען. דיזע אורזאכען, ווירקענדיג אויף די מענשען פון פערשיעדענע זייטען, זיינען אזעלכע, דאס קיינער קען זיך פון זייער פערשקלאפענדער ווירקונג ניט ראטעווען. דער לאנד־ארבייטער, וועלכער האט ניט קיין לאנד אדער האט ניט גענוג, וועט אימער זיין געצוואונגען צו געהן אין אן אייביגע אדער צייטליכע שקלאפעריי צו לאנד־אייגענטהימער, אום צו האבען די מעגליכקייט זיך צו ערנעהרען פון לאנד. זאל ער, אויף אזא אדער אנאנדער אופן, קריגען לאנד גענוג, אום זיך צו קענען ערנעהרען דורך זיין אייגענע ארבייט, ווערען פון איהם געפאָרדערט אזעלכע טאקסען, דירעקטע אדער אינדירעקטע, דאס ער ווערט ווידער געטריעבען אין שקלאפעריי, אום צו קענען זיי בעצאהלען.

אויב, אום צו ענטלויפען פון דער שקלאפעריי אויפ'ן לאנד, הערט ער אויף צו קולטיווירען לאנד, און, לעבענדיג אויף דעם לאנד פון אנאנדערען, הייבט ער אן זיך בעשעפטיגען מיט א מלאכה, און בייט עס אוים אויף די זאכען, וועלכע ער דארף, דאן קומען פון איין זייט די טעקסעס, און פון דער אנדערער זייט די קאנקורענץ פון די קאפיטאליסטען, וועלכע ארבייטען אוים עהנליכע ארטיקלען צו די, וועלכע ער מאכט, אבער מיט בעסערע ווערקציינ, און ער איז ווידער געצוואונגען אין א שטענדיגע אדער א צייטליכע שקלאפעריי ביי א קאפיטא־ליסט. ארבייטענדיג פאר א קאפיטאליסט, וואלט ער געקאנט בלייבען אונאבהענגיג פון איהם און ניט זיין געצוואונגען צו פערקויפען זיין פרייהייט, דאך די נייע בעדירפניסע, צו וועלכע ער ווערט צוגעוועהנט, מאכען עס פאר איהם אונמעגליך צו בלייבען אזוי אונאבהענגיג. אזוי דאס, צי אויף אזא, צי אויף אנאנדער אופן, דער ארבייטער איז אימער אין שקלאפעריי ביי די יעניגע, וועלכע קאנטראלירען די טעקסעס, דאס לאנד און די זאכען, וועלכע זיינען נויטיג פאר די בעפריעדיגונג פון זיינע בעדירפניסע.

## צעהנטער קאפיטעל.

### געזעצע וועגען טעקסעס, לאנד און אייגענטהום.

די אלע איצטיגע פערהעלטניסע צוזאמען, וועלכע מאכען צו זיין דעם ארבייטער אונטערוואָרפען צום קאפיטאליסט, האָבען די דייטשע סאָציאליסטען אָנגערופען מיט'ן נאָמען „דער אייזערנער לוין־געזעץ“. אָבער אין דער אמת'ן איז אין דיעזע פערהעלט־ניסע ניטאָ גאָר ניט קיין אייביגעס, אונפערענדערבארעס. דיעזע פערהעלטניסע זיינען בלויז דער רעזולטאט פון די געזעצגעבונג איבער טאקסעס, איבער לאנד, און הויפטזעכליך, איבער אייגענ־טהום. דיעזע געזעצמאכעריי ווערט אויסגעפיהרט פון מענשען. דארום זיינען עס ניט אירגענד וועלכע אייזערנע געזע־צע, סאָציאָלאָגישע געזעצע, וועלכע זיינען שולדיג אין די מענשליכע שקלאפעריי, נור די פון מענשען־געמאכטע געזעצע. עס עקזיסטירט א געזעץ, אז דאָס לאנד קען זיין דער אייגענטהום פון פריוואט־פערזאָנען, מאכט ניט אויס, צו דיעזע פערזאָנען בענוצען אָדער דארפען גאָר אזוי פיעל לאנד, און דאָס עס קען אריבערגעהן פון פערזאָן צו פערזאָן אָדער בירושה אָדער דורך פערקויף אָדער דורך פערשענקען. עס איז דאָ א צווייטער געזעץ וועגען דעם, דאָס יעדער מענש מוז צאָהלען די טאקסעס, וועלכע מען פאָדערט פון איהם; און עס עקזיסטירט א דריטער געזעץ, דאָס א מענש קען האָבען אלס זיין אייגענטהום אלעס, וואָס איז דאָ אין דער וועלט, מאכט גאָר ניט אויס, ווי אזוי ער האָט דאָס אלעס געקראָגען. אָט דיעזע געזעצע זיינען די אמת'ע אורזאכען פון שקלאפעריי.

מיר זיינען אזוי שטארק צוגעוועהנט צו דיעזע געזעצע, דאָס מיר האלטען זיי פאר גאנץ נאטירליכע, און פאר גאנצע יאָהר־טויזענדע ערוועקט זיך ניט קיין צווייפעל ביי אונז אין זייער

נויטווענדיגקייט און גערעכטיגקייט, אבער דאך ענדליך קומט די צייט, ווען מען פרעגט זיך: איז עס גערעכט אז מענשען זאלען זיך קענען בענוצען מיט די לאנד, וואס אנדערע האלטען פאר זייער אייגענטהום? איז עס גערעכט, אז מענשען זאלען אוועקגעבען א טהייל פון זייער ארבייט צו אנדערע אלס טאק־סעס, וועלכע מען צווינגט פון זיי ארויס? איז עס גערעכט, אז מענשען זאלען זיך ניט טארען בענוצען מיט די זאכען, וואס ווערען בעטראכט אלס דער אייגענטהום פון אנדערע?

איז עס אמת, דאס מענשען דארפען זיך בענוצען מיט דעם לאנד, וואס ווערט געהאלטען אלס דער אייגענטהום פון מענשען, וואס בעארבייטען עס גאר ניט?

מען זאגט, דאס דיעזער געזעץ איז געמאכט געווארען צוליעב דעם, ווייל לאנד־אייגענטהום איז א נויטווענדיגע בעדינגונג פאר די בליהונג פון אקערבוי; דאס ווען עס וואלט ניט געווען קיין לאנד־אייגענטהום, וואס קען איבערגעהן בירושה פון איינעם צום אנדערען, וואלטען מענשען אראבגעטריבען איינע די אנדערע פון די פערכאפטע לאנד, קיינער וואלט ניט געארבייט, און ניט פער־בעסערט דעם טהייל פון לאנד, אויף וועלכען ער האט זיך בע־זעצט. איז עס אמת?

אן ענטפער אויף דיעזע פראגע גיט די געשיכטע און די איצטיגע ווירקליכקייט. די געשיכטע דערצעהלט אונז, דאס לאנד־אייגענטהום איז גאר ניט געקומען דערפון, וואס מען האט גע־וואלט, אז די לאנד־ארבייט זאל בליהען, נור דערפון, וואס די הערשענדע קריעגס־פיהרער האבען עס פערכאפט און עס איז צוטהיילט געווארען צווישען די, וועלכע האבען זיי געהאלפען אין דיעזען רויב. די ווירקליכקייט וויעדער בעווייזט דעם ליגען פון דער בעהויפטונג, דאס לאנד־אייגענטהום פערזיכערט די לאנד־ארבייטער אין דעם, דאס מען וועט ביי זיי ניט אבנעהמען די לאנד, וועלכע זיי בעארבייטען. אין דער ווירקליכקייט פאסירט גראדע דאס אומגעקעהרטע. דאס רעכט אויף לאנד־אייגענטהום, מיט וועלכען עס האבען זיך בענוצט און בענוצען

זיך הויפטזעכליך די גרויסע איינענטהימער האָט אויפגעטהאָן דאָס, וואָס אלע אָדער כמעט אלע, ד. ה. א גרויסע צאָהל פון לאַנד־ארבייטער, געפינען זיך אין דער לאגע פון מענשען, וואָס בעארבייטען פרעמדעס לאנד, פון וועלכע עס קענען זיי פערטריי־בען נאָך זייער קאפריז די, וועלכע בעארבייטען ניט דאָס לאנד. הייסט עס אלזא, אז דאָס רעכט אויף אייגענטהום אין לאנד איז פאר קיין פאל ניט א בעשיצונג פון דעם רעכט פון דעם לאנד־ארבייטער, ער זאל זיך קענען בענוצען מיט דער פרוכט פון זיין הארעוואניע, וועלכע ער האָט אוועקגעלעגט אויף די בעארביי־טונג פון לאנד.

ו ו ע ג ע ן  ט א ק ס ע ס  ז אָ ג ט  מ ע ן, א ז  מ ע נ־ ש ע ן  ד אַ ר פ ע ן  ז י י  צ אָ ה ל ע ן  ד א ר ו ם, ו ו י י ל  א ל ע  ז י י נ ע ן  ד ע ר מ י ט  א י י נ פ ע ר ש ט א נ ע ן  א ו ן  ו ו ע ר ע ן  פ ע ר ב ר ו י כ ט  א ו י ף  ע פ ע נ ט־ ל י כ ע  א נ ג ע ל ע ג ע נ ה י י ט ע ן  פ א ר  ד ע ם  נ ו צ ע ן  פ ו ן  א ל ע.

א י ז  ע ס  א מ ת?

אַן ענטפער אויף דיעזע פראגע גיבען די געשיכטע און די עקזיסטירענדע ווירקליכקייט. די געשיכטע דערצעהלט, אז טאק־סעס זיינען קיינמאל ניט געמאכט געוואָרען מיט דער איינפער־שטענדניס פון אלע, נור געראדע אומגעקעהרט, אימער נור דאדורך, דאָס איניגע מענשען, דורך קריעג, אָדער דורך אנדערע מיטעל, האָבען ארייינגעכאפט די הערשאפט איבער אנדערע מענשען, און האָבען געמאכט זיי צאָהלען צינזען ניט פאר עפענט־ליכע אנגעלעגענהייטען, נור טאקע פאר זיך. דאָס זעלבע ווערט אויך איצט אזוי געטהאָן. די טאקסעס נעהמען די, וועלכע האָבען די מאכט דאָס צו טהאָן. און ווען איצט, א געוויסער טהייל פון די טאקסעס, ווערט יא געברויכט אויף עפענטליכע זאכען, איז דאָס מייסטענס אזעלכע עפענטליכע אנגעלעגענהייטען, וועלכע זיינען מעהר שעדליך ווי ניצליך פאר די מעהרצאָהל פון די מענשען.

אזוי, צום ביישפיעל, איז רוסלאנד, ווערט אוועקגענומען פון פאָלק א דריטעל פון די גאנצע איינקונפט, און אויף בילדונג

ווערט נור פערברויכט אַ פופציגסט־חלק פון דיעזע איינקונפט; און דאָן איז עס אַ בילדונג, וועלכע שאַדעט דעם פאָלק מעהר — מאַכענדיג איהם מעהר נאַריש — ווי זי ברענגט איהם אירגענד וועלכע נוצען. די איבעריגע חלקים פון די טאַקסעס ווערען פערברויכט געראַדע אויף זאַכען, וואָס זיינען אוננויטיג און שעדליך פאַר'ן פאָלק, ווי די בעוואָפענונג פון די אַרמעע, דער בויען פון סטראַטעגישע וועגען, פון קריעפּאַסטען, פון געפענגניסע, די אויפהאַלטונג פון די גייסטליכע, די קייזערליכע משפחה, געהאַל־טען פאַר גענעראַלען, פאָלקאָווניקעס און אַלע שטאַאַטס־בעאַמטע, ד. ה. די טאַקסעס ווערען פערברויכט אויף די אויפהאַלטונג פון אַזעלכע מענשען, וועלכע העלפען אין דעם אַוועקנעהמען פון פאָלק אַ גרויסען טהייל פון זיין אַרבייט.

דאָס זעלבע קומט פאַר ניט נור אין פּערסיען, טירקיי, אינדיען, נאָר אויך אין אַלע קריסטליכע קאָנסטיטוציאָנעלע שטאַאַטען און דעמאָקראַטישע רעפּובליקען. דאָס געלד ווערט גענומען פון פאָלק, ניט וויפיעל מען בעדאַרף, נאָר וויפיעל מען קען, און מען אינטערעסירט זיך זעהר ווענינ מיט דעם איינפער־שטענדניס פון די געטאַקסטע (אַלע ווייסען, ווי פּאַרלאַמענטען ווערען צוזאַמענגעשטעלט, און ווי ווענינ זיי שטעלען מיט זיך פאַר דעם ווילען פון פאָלק). דיעזע טאַקסעס ווערען געברויכט אויף דאָס, וואָס די רעגיערענדע קלאַסען האַלטען פאַר נויטיג: אויף די מלחמה אין קובאַ און אין די פיליפינען, אויף די בערויבונג פון די רייכטהימער פון טראַנסוואַאַל און עהנליכע זאַכען.

איז עס אמת, דאָס מענשען דאַרפען זיך ניט בענוצען מיט די זאַכען, וואָס זיינען זיי נויטיג פאַר די בעפריעדיגונג פון זייערע בעדירפניסע, אויב דיעזע זאַכען ווערען גערעכענט אַלס דער אייגענטהום פון אַנדערע מענשען?

מען זאָגט, אַז פּריוואַט אייגענטהום איז צוליעב דעם איינ־געפיהרט געוואָרען, אום צו פערזיכערען דעם אַרבייטער אין דעם, אַז קיינער וועט ביי איהם ניט אַבנעהמען די פּרוכט פון זיין אַרבייט.

**איז עס אמת?**

מען דארף נורווארפען א בליק אויף דאס, וואס קומט פאר אין אונזער וועלט, וואו דער אייגענטהום ווערט אזוי שטרענג פערטהיידיגט, אום זיך צו איבערצייגען, ווי ניט אמת איז דיעזע ערקלעהרונג.

אין אונזער געזעלשאפט פאסירט געראדע דאס אומגע־קעהרטע: אלע זאכען וואס זיינען געמאכט געווארען און וואס ווערען פארטוועהרענד געמאכט פון די ארבייטער, ווערען אימער אוועקגענומען פון די, וועלכע בעשאפען זיי.

די בעהויפטונג אלזא, אז דאס רעכט אויף אייגענטהום פער־זיכערט דעם ארבייטער די מעגליכקייט זיך צו בענוצען מיט דעם, וואס ער שאפט, איז פונקט אזוי פאלש, און נאך פיעל אויגענ־שייגליכער, ווי די פריטענזיעס אויף דאס רעכט אויף אייגענטהום אין לאנד און דאס רעכט צו נעהמען טאקסעס מיט געוואלד. פריהער האט מען פון די ארבייטער מיט געוואלד אוועקגענומען אלעס, וואס זיי האבען געשאפען, און נאכהער האט מען געמאכט געזעצע, נאך וועלכע עס קומט אויס, אז דיעזע אלע גערויבטע זאכען פון די רויבער זיינען הייליגער אייגענטהום.

דער אייגענטהום, צום ביישפיעל, פון א פאבריק, וועלכע איז געקראגען געווארען דורך אלערליי שווינדעל און בעטרוג איבער די ארבייטער, ווערט געהאלטען פאר הייליגעס אייגענ־טהום. דער לעבען אבער פון די ארבייטער, וועלכע געהען צו גרונד ביי דער ארבייט אין דיעזער פאבריק, און זייער ארבייט, ווערען ניט בעטראכט אלס זייער אייגענטהום, נאר אזוי ווי דאס וואלט געווען דעם פאבריקאנט'ס אייגענטהום, ווען ער, בענוצענדיג זיך מיט די נויט פון די ארבייטער, האט זיי געבונדען די הענד און די פיס.

הונדערטע, טויזענדע פודען פון קארן, אויפגעקליבען דורך דעם שענדליכסטען וואכער, דורך א רייהע פון צוואנג פון די בויערען, ווערען געהאלטען אלס דעם סוחר'ס אייגענטהום. דער קארן אבער, וואס איז אויפגעהאדעוועט געווארען פון דעם בויער אויפ'ן לאנד, ווערט בעטראכט אלס דאס אייגענטהום פון א צווייטען, ווען דיעזער מענש האט געקראגען דאס לאנד בירושה

פון זיידעס אָדער עלטער־זיידעס, וועלכע האָבען עס דאן געראובט פון פאָלק.

מען זאָגט, אז דער געזעץ בעשיצט גלייך דאָס אייגענטהום פון פאבריקאנט, ווי פון ארבייטער. די גלייכקייט פון דעם קאפי־טאליסט און דעם ארבייטער איז פונקט אזא, ווי די גלייכקייט פון צוויי פייטערס, פון וועלכע איינעם וואָלט מען די הענד געבונ־דען און דעם אנדערען וואָלט מען געגעבען א וואפע אין דער האנד, און אין דער צייט פון קאמפף זאָלען ביידע מוזען אָבהי־טען דיעזעלבע גלייכע בעדינגונגען.

אלזאָ, אלע דיעזע דריי געזעצע זיינען ניט קיין אנדער זאך, ווי נור א נייע פאָרמע פון שקלאפעריי. פונקט ווי פריהער האָבען מענשען געמאכט אזעלכע געזעצע, נאָך וועלכע געוויסע מענשען האָבען געמעגט קויפען און פערקויפען אנדערע, האָבען געקאָנט זיי צווינגען צו ארבייטען, און דאן איז געווען שקלא־פעריי; אזוי אויך איצט האָט מען געמאכט די געזעצע פון אייגענ־טהום, פון טאקסעס — און דאָס איז די שקלאפעריי פון אונזער צייט.

## עלפטער קאפיטעל.

### די געזעצע — די אורזאכע פון דער שקלאפעריי.

די שקלאפעריי פון אונזער צייט האט איהר אורזאכע אין דריי געזעצע; אין דעם געזעץ וועגען לאנד־אייגענטהום, אין דעם געזעץ וועגן טעקסעס און אין דעם געזעץ איבער אייגענטהום איבערהויפט. און דאריבער וועלען אלע פערזוכע פון די, וואס ווילען פערבעסערען די לאגע פון די ארבייטער, געריכטעט, נים ווילענדיג, האטש אונבעוואוסט, אויף דיזע דריי געזעצע.

איינע ווילען זעהען אבגעשאפט די טאקסעס, וועלכע ליגען אלס א לאסט אויף דעם ארבייטענדען פאלק, און ארויפלייגען זיי אויף די רייכע. אנדערע שלאגען פאר די אבשאפונג פון אייגענטהום־רעכט אויף לאנד, און עס זיינען שוין דא פערזוכען צו פערווירקליכען דיזען פארשלאג אין ניוזילאנד, ווי אויך אין איינעם פון די שטאאטען אין אמעריקא. די דריטע, די סאציאליסטען, פארשלאגענדיג די אבשאפונג פון אייגענטהום אויף די ווערקצייג, שלאגען פאר א געזעץ פון טאקסעס אויף אלע פריוואט־איינקינפטע, ירושות, און איבערהויפט א בעגרענצונג פון די רעכטע פון די קאפיטאליסטען.

דאכט זיך דאך, אז וויבאלד מען שאפט אב די געזעצע, וואס זיינען די אורזאכע פון שקלאפעריי, קען מען דאך אויך ערווארטען, אז די שקלאפעריי זאל אבגעשאפט ווערען אויף אזא אופן. אבער מען דארף זיך נור נעהענטער צוקוקען צו די פערהעלטניסע און בעדינגונגען, מיט וועלכע מען שלאגט פאר אבצושאפען דיזע געזעצע, אום זיך צו איבערצייגען, דאס די אלע, פראקטישע ווי טהעארעטישע פלענער צו פערבעסערען די לאגע פון די ארבייטער מיינען נור אין דער אמת'ן די איבערבייטונג

פון איין סאָרט געזעצע, וואָס פעראורזאכען א געוויסע פאָרמע פון שקלאַפעריי, אויף אַן אנדער סאָרט געזעצע, וואָס מוזען ברענגען אַ נייע פאָרמע פון שקלאַפעריי.

אזוי, צום ביישפיעל, די, וואָס פּלאַנעווען די בעפרייאונג פון די אָרימע פון טאקסעס־צאָהלען, אָבשאַפענדיג פריהער פון אַלץ די דירעקטע טאקסעס און דאן איבערטראָגען די טאקסעס, פון די אָרימע אויף די רייכע, מוזען זיי דאָך אונפערמיידליך בלייבען ביי דעם געזעץ איבער דעם אייגענטהום אין לאַנד, אין ווערקצייג און אַנדערע זאַכען, אויף וועלכע עס טראָגט זיך אריי־בער די גאַנצע לאַסט פון די טאַקס־צאָהלעריי. אָבער, ווי באַלד דער געזעץ פון אייגענטהום בלייבט, איז עס דאָך שוין קיין פּעולה ניט, וואָס די ארבייטער ווערען בעפרייט פון די טאַקסעס, ווייל דאַן מוזען זיי דאָך אריינפאַלען אין שקלאַפעריי צו די לאַנד־אייגענטהימער און קאַפּיטאַליסטען!

און די, ווידער, וועלכע, ווי הענרי דזשאָרדזש און זיינע אנהענגער, שאַפען אָב אייגענטהום אין לאַנד, שלאָ־גען זיי אָבער גלייך פּאָר אַ נייעם געזעץ איבער א פליכטמעסיגען טעקס פּאר לאַנד. דיזער געזעץ וועט אָבער באַלד ארויסברענ־גען אַ נייע פאָרמע פון שקלאַפעריי, ווייל דער מענש, וואָס איז געצוואונגען צו בעצאָהלען זיין רענט אָדער דעם „סינגעל־טעקס“, וועט מוזען ביי יעדע אונגערעטעניש, ביי יעדען אונגליק, באָרגען געלד פון די, וואָס האָבען געלד, און ער וועט אויף אזא אופן ווידער אריינפאַלען אין שקלאַפעריי.

און די, ווידער, וועלכע — ווי די סאָציאַליסטען — האָבען א פּלאַן אָבצושאַפען אייגענטהום אין לאַנד און ווערקצייג, מו־זען (?, דער איבערזעצער) דאָך אונפערמיידליך איינפיהרען אַ געזעץ פון געצוואונגענע ארבייט; הייסט עס דאָך, אז זיי פיה־רען איין די שקלאַפעריי אין איהר ערשטער פאָרמע.

אלזאָ, די אַלע געזעצע, וואָס ברענגען ארוים שקלאַפעריי אין איין פאָרמע, זיינען שטענדיג אויסגעביטען געוואָרען און ווערען נאָך איצט איבערגעביטען אויף נייע געזעצע, וואָס פיה־רען צו א שקלאַפעריי אין אַ נייע פאָרמע.

עס פּאַסירט עטוואָס גאַנץ עהנליכעס צו דעם, וואָס דער

געפענגנים־וועכטער טהוט, איבערלייגענדיג די קייטען פון ארעסטאנט פון האלז אויף די הענד, פון די הענד אויף די פיס, אדער נעהמט זיי ארונטער גאר אין גאנצען, נור ער פארריגעלט די געפענגנים־טיר נאך פעסטער, ווי געוועזן.

די אלע ביז יעצטיגע פערבעסערונגען פון די ארבייטער זיינען געוועזן בלויז אט פון אזא סארט: דער געזעץ פון דעם רעכט פון די הערען צו צווינגען צו דער ארבייט האט זיך פער־ביטען מיט דעם געזעץ, אז די גאנצע ערד געהערט צו די הער־רען. דער געזעץ, אז דאס געזעץ געהערט בלויז צו די פריצים, איז פערביטען געווארען מיט געזעצע וועגען טאקסעס, די אויס־פיהרונג פון וועלכע ליגט אין די הענד פון דיזעלבע פריצים. די געזעצע וועגן טאקסעס זיינען אויסגעביטען געווארען אויף די געזעצע פון די בעגרענצונג פון רעכט אויף דעם אייגענטהום, און איצט שלאגט מען פאר, אז דער געזעץ פון אייגענטהום זאל פערביטען ווערען אויף דעם געזעץ פון געצוואונגענע ארבייט.

די ערשטע פארמע פון שקלאפעריי איז געוועזן דירעקטער צוואנג צו דער ארבייט. דורכמאכענדיג דעם גאנצען צירקעל פון די אלע בעהאלטענע פארמען: פון לאנד־אייגענטהום, פון טאקסעס און ז. וו., קעהרט זיך אום צוריק די שקלאפעריי צו איהר ערשטער פארמע, האטש אין אן עטוואס אומגעענדערטע געשטאלט — צו דעם דירעקטען ארבייטס־צוואנג.

דארום איז עס אוינגעשיינליך, דאס די אבשאפונג פון איי־נעם פון די געזעצע, וואס פעראורזאכען שקלאפעריי, ווי, צום ביישפיעל, די אבשאפונג פון טאקסעס, פון אייגענטהום אין לאנד אדער פון אייגענטהום אין די ווערקצייג און אין די זאכען פון געברויך, וועט נאך ניט אבשאפען די שקלאפעריי. דאס וועט נור אבשאפען א געוויסע פארמע איהרע, וועלכע וועט גלייך פערביטען ווערען אויף א נייע פארמע. די אבשאפונג זאגאר פון אלע דריי געזעצע צוזאמען, פערניכטעט נאך ניט די שקלא־פעריי, נור רופט ארויס א נייע, נאך א גאנץ אונבעקאנטע פאר אונז פארמע, וועלכע צייגט זיך שוין איצט ארויס דערמיט וואס דער ארבייטער ווערט בעגרענעצט אין זיין פרייהייט דורך די בעגרענצונג פון די ארבייטס־שטונדען, אינ'ם צוואנג צו בעזוכען

א שולע, אין דעם אוועקנעהמען א געוויסען פראָצענט פאר די בעזאָרגונג פון אַלטע און צוראַניעטע, און אין די אלע געזעצע און מאסרעגעלען פון די פאבריק־אינספעקציאָנען, אין די רולס פון די קאָאָפעראטיווע געזעלשאפטען און ז. וו. דיזעס אלעס איז ניט קיין אנדער זאך, ווי די פאָרלויפיגע געזעצען, וואָס גרייטען אָן א נייע, נאָך ניט קיין אויספּרובירטע, פאָרמע פון שקלאַפעריי.

עס איז, אלזאָ, קלאָר, דאָס דער עצם פון שקלאפעריי איז ניט אין די דריי געזעצע, אויף וועלכע זי האלט זיך איצט, און זאָגאר ניט אין די אָדער אנדערע געזעצע, נור אין דעם, ד אָ ס עס זיינען איבערהויפּט דאָ געזעצע; וואָס עס זיינען דאָ מענשען, וואָס האבען די מעגליכקייט צו מאַכען פאר זיך לוינענדע געזעצע, און דאָס אזוי לאנג ווי מענשען וועלען האָבען דיזע מעגליכקייט, וועט אויך זיין שקלאפעריי.

פריהער האָט עס געלוינט פאר מענשען צו האָבען דירעקטע שקלאפען, האָבען זיי דאן געמאכט געזעצע פון פערזענליכע שקלאפעריי. דאן האָט זיך זיי בעסער געלוינט צו האָבען אייגענע לאנד, נעהמען טאקסעס, צו בלייבען ביי דעם, וואָס זיי האָבען פערכאפט, און זיי האָבען געמאכט פאסענדע געזעצע. יעצט לוינט זיך פאר מענשען אויפצוהאלטען די איצטיגע סיסטעמע פון די ארבייט־פערטהיילונג, און זיי מאכען געזעצע, דורך וועלכע מענשען זאָלען זיין געצוואונגען אזוי צו ארבייטען, ווי עס לוינט זיך פאר זיי. און דארום, די גרונד־אורזאכע פון שקלאַפעריי בעשטעהט אין דעם, וואָס עס זיינען דאָ מענשען, וואָס קענען מאכען און ארויפצווינגען זייערע געזעצע.

## צוועלפטער קאפּיטעל.

### דער עיקר פון געזעצגעבונג איז די אָרגאַניזירטע געוואַלד.

עס איז דאָ א גאנצע וויסענשאַפט, נאָך א פיעל עלטערע, א פיעל פאַלשערע און א פיעל דונקעלערע, ווי די פּאָליטישע עקאָנאָמיע, די דיענער פון וועלכע האָבען אין דעם משך פון יאהרהונדערטע אָנגעשריבען מיליאָנען פון ביכער, אום צו ענט־פערען אויף דיזער פראגע. אָבער אזוי ווי דער צוועק פון דיזע וויסענשאַפט, ווי פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע, בעשטעהט ניט אין דעם צו ערקלעהרען וואָס איז דאָ און וואָס בעדארף זיין, נור אין דעם, אום צו בעווייזען, אַז דאָס, וואָס איז דאָ, דארף זיין, קען מען אין דיזע וויסענשאַפט געפינען זעהר פיעל ארגו־מענטען וועגען „רעכט“, וועגען „אָביעקט און סוביעקט“, וועגען דער „שטאאַטס־אידעע“ און נאָך אַזעלכע עהנליכע זאכען, וועל־כע זיינען אונפערשטענדליך ניט נור פאר די שילער, נור אויך פאר די לעהרער פון דיזע וויסענשאַפט. אָבער א קלאָהרער ענטפער, וואָס איז דאָס אַזעלכעס געזעץ, איז ניטאָ.

לויט די וויסענשאַפט זאָגט אונז, איז א געזעץ דער אויס־דרוק פון דעם ווילען פון גאנצען פאָלק, אָבער אזוי ווי די, וואָס פערברעכען געגען דעם געזעץ, אָדער די, וואָס וואָלטען געוואָלט פערברעכען געגען געזעץ, נור טהוען עס ניט אויס פורכט פאר די בעשטראָפונגען, וואָס זיי וועלען מוזען ליידען, זיינען אימער דאָ מעהר, ווי די, וואָס וואָלטען געוואונשען, אז דער געזעץ זאָל אויסגעפיהרט ווערען, קען דאָך א געזעץ פאר קיין פאַל ניט אויפ־געפאסט ווערען אלס דער אויסדרוק פון דעם ווילען פון גאנצען פאָלק.

עס איז דאָ, צום ביישפּיעל, א געזעץ, אז מען זאָל ניט קאַליע מאַכען דעם טעלעגראַף, אז מען זאָל געוויסע פערזאָנען

אָבגעבען כבוד, אז יעדער מענש זאָל דיענען א געוויסע צייט אלס סאָלדאט אָדער א דזשורי־מאַן, דאָס ער זאָל ניט אריבער־טראָגען געוויסע זאכען ווייטער פון א געוויסען פלאַץ, דאָס ער זאָל זיך ניט בענוצען מיט׳ן לאַנד, וואָס רעכענט זיך, אלס דער איי־גענטהום פון אַן אנדערען, דאָס ער דאָס זאָל ניט מאכען קיין געלד, דאָס ער זאָל ניט געברויכען די זאכען, וואָס ווערען בע־טראַכט אלס אַן אנדערענס אייגענטהום.

דיזע אַלע געזעצע און פיעלע אַנדערע זיינען זעהר פער־שיעדען־ארטיג און זיי קענען האָבען זייערע פערשיעדענע גרינדע, אָבער קיין איינציגער פון זיי דריקט ניט אויס דעם ווילען פון דעם גאַנצען פאָלק. דאָס געמיינשאַפטליכע, וואָס מען קען בעמערקען אין אַלע דיזע געזעצע, איז נור איין זאַך, און נעמליך דאָס: אויב אימיצער וועט זיך ענטזאָגען צו פאָל־גען זיי, וועלען די, וואָס האָבען זיי געמאַכט, שיקען מענשען מיט געוועהר, און דיעזע בעוואָפענטע מענשען וועלען שלאָגען, פערהאַפטען און זאָגאַר הרג׳ענען די, וואָס וועלען ניט פאָלגען דיעזע געזעצע.

זאָל אַ מענש זיך ענטזאָגען אָבצוגעבען אַ טייל פון זיין ארבייט אין די געשטאַלט פון אַ טעקס, וועלען קומען בעוואָ־פענטע מענשען און אָוועקנעהמען פון איהם דאָס, וואָס ווערט פון איהם געפאָדערט; און זאָל ער זיך איינשפאַרען און ניט וועלען געבען, וועלען זיי איהם שלאָגען, ארעסטירען, און גאַנץ אָפט אויך טוידטען. דאָס זעלבע וועט מען טהאָן מיט אַ מענ־שען, וואָס זאָל זיך אונטערשטעלען צו בענוצען זיך מיט דעם לאַנד, וואָס רעכענט זיך אלס דער אייגענטהום פון אַן אנדע־רען. דאָס זעלבע וועט פאַסירען מיט אַ מענשען, וועלכער זאָל זיך בענוצען מיט די זאכען, וואָס זיינען נויטיג פאַר די בע־פרידיגונג פון זיינע בעדירפניסע אָדער פאַר זיין ארבייט, ווען זיי ווערען בעטראַכט אלס דער אייגענטהום פון אַן אַנדערען; עס וועלען קומען בעוואָפענטע מענשען, מען וועט ביי איהם צו־נעהמען דאָס, וואָס ער וועט האָבען גענומען, און זאָל ער ניט וועלען געבען, וועט מען איהם שלאָגען, בערויבען איהם פון זיין פרייהייט אָדער זאָגאַר טוידטען. דאָס זעלבע וועט פאַסירען

מיט א מענשען, וואָס וועט ניט אָבגעבען קיין כבוד די, וועלכע, נאָכ'ן געזעץ, דאַרף מען יא געבען כבוד. דאָס זעלבע מיט די, וואָס דאַרפען נאָכ'ן געזעץ דיענען אַלס סאָלדאַטען און ווילען ניט. פאַר יעדעס מאָל ניט־פאָלגען דעם געזעץ וועלען די ניט־פאָלגער ווערען בעשטראָפט פון די מענשען, וועלכע האָבען גע־מאַכט דיזע געזעצע.

עס זיינען אויסגעקלערט געוואָרען פיעלע קאָנסטיטוציאָנען, אָנפאַנגענדיג פון די ענגלישע און אמעריקאַנער, און ענדיגענ־דיג מיט דער יאַפּאַנישער און טערקישער, לויט וועלכע מענשען דאַרפען גלויבען, אז אַלע געזעצע, וואָס ווערען געמאַכט פון זיי־ערע רעגיערער, ווערען גאָר געמאַכט נאָך דעם ווילען פון זיי אַליין. אָבער אַלע ווייסען, דאָס ניט נור אין די דעספּאָטישע לענדער, נור זאָגאַר אין די כלומר'שט פרייע, ווי ענגלאַנד, אמע־ריקא, פראַנקרייך און אַנדערע, ווערען די געזעצע ניט געמאַכט נאָך דעם ווילען פון אַלע, נור נאָך דעם ווילען פון די, וואָס האָ־בען די מאַכט, און דארום ווערען אימער און איבעראַל געמאַכט נור אזעלכע געזעצע, וועלכע זיינען גוט פאַר די, וואָס האָבען די מאַכט — מעגען דאָס זיין פיעלע מענשען, עטליכע אָדער זאָגאַר איין מענש. און אין ערפילונג ווערען געבראַכט דיזע געזעצע שטענדיג און איבעראַל מיט דיזעלבע מיטעל, מיט וועלכע מען האָט אימער און איבעראַל געצוואונגען דאָס איניגע מענשען זאָלען אויספיהרען דעם ווילען פון אַנדערע, ד. ה., דורך קלעפּ, דורך ארעסטען, דורך מאָרד, ווי דאָס קען גאָר אַנדערש ניט זיין.

און אַנדערש קען עס ניט זיין דארום, ווייל די געזעצע זיי־נען דאָך נור די פאָדערונג צו ערפילען געוויסע באַשטימונגען. צו צווינגען מענשען אויסצופיהרען געוויסע בעשטימונגען, ד. ה., דאָס, וואָס אַנדערע ווילען פון זיי. און דאָס קען מען ניט אַנ־דערש ווי נור דורך קלעפּ, דורך פערהאַפטונגען און דורך מאָרדען זאָגאַר. אויב עס זיינען דאָ געזעצע, מוז זיין אַ מאַכט, וועלכע קען צווינגען מענשען זיי צו פאָלגען. די מאַכט אָבער, וואָס קען צווינגען מענשען צו פאָלגען די געזעצע, קען נור זיין איינע — דאָס איז געוואַלד. ניט די איינפאַכע געוואַלד, וועלכע מענ־שען געברויכען איינער געגען צווייטען אין די מינוטען פון ליי־

דענשאַפט, נור אַן אָרגאַניזירטע געוואַלד, א געוואלד, וועלכע ווערט געברויכט אין פולען בעוואוסטזיין, גאַנץ קאַלטבלוטיג, פון די מענשען, וואָס האָבען די מאַכט, אום צו צווינגען אַנדערע, צו פאָלגען די געזעצע, וואָס זיי מאַכען, ד. ה., דאָס, וואָס זיי ווילען.

און דאַרום איז דער וועזען פון די געזעצע גאָר ניט אין דעם „סוביעקט" אָדער „אָביעקט" פון רעכטע, ניט אין די שטאַאַטס־אידעע, אויך ניט אין דעם געמיינשאַפטליכען ווילען פון פאָלק, און אין נאָך אַזעלכע גאַנץ דונקעלע און פערפּלאָנטערטע בעגריפע, נור אין דעם, דאָס עס זיינען דאָ מענשען, וועלכע האָבענדיג צו זאָגען איבער די אָרגאַניזירטע געוואַלד, האָבען זיי די מעגליכקייט צו צווינגען מענשען, צו פאָלגען דאָס, וואָס זיי הייסען זיי.

אַלזאָ, די ריכטיגע, פאַר אַלעמען פערשטענדליכע, אונבעשטרייטבאַרע פערטייטשונג פון געזעץ איז די פאָלגענדע:

גע ז ע צ ע, ד אָ ס ז יי נ ע ן א ז ע ל כ ע כ ל ל י ם, געמאַכט פון מענשען, וואָס האָבען צו זאָגען איבער די אָרגאַניזירטע געוואַלד, פאַר דעם ניט פאָלגען פון וועלכע, ווערען די ניט־פאָלגער בעשטראָפט מיט קלעפ, פערהאַפטונג און זאָגאַר מיט'ן טויט.

אין דיעזע פערטייטשונג איז שוין אויך ענטהאַלטען דער ענטפער אויף די פראַגע: וואָס גיט מענשען די מעגליכקייט צו מאַכען געזעצע? די זעלבע מאַכט, וואָס גיט זיי די מעגליכקייט אויסצופיהרען די געזעצע, גיט זיי אויך די מעגליכקייט זיי צו מאַכען; און דאָס איז די אָרגאַניזירטע געוואַלד.

## דרייצעהנטער קאפיטעל.

---

### וואס איז רעגיערונג? איז עס מעגליך צו עקזיסטירען אהן רעגיערונג?

די אורזאכע פון די קלאגעדיגע לאגע פון די ארבייטער איז שקלאפעריי; די אורזאכע פון שקלאפעריי זיינען די געזעצע; די געזעצע ווידער זיינען געגרינדעט אויף די ארגאניזירטע געוואלד, און דארום איז די פערבעסערונג פון די מענשליכע לאגע נור מעגליך, ווען די ארגאניזירטע געוואלד וועט ווערען פערניכטעט.

די ארגאניזירטע געוואלד איז אבער די רעגיערונג, און קען מען דען לעבען אהן א רעגיערונג? אהן א רעגיערונג וועט דאך זיין א תוהו ובוהו, אנארכיע, די גאנצע ציוויליזאציאן וועט אונטערגעהן און מענשען וועלען צוריק ווערען ווילדע. ריהרט נור אן די עקזיסטירענדע ארדנונג — זאגען געוועהנליך ניט נור די, פאר וועמען דיעזע ארדנונג איז וויגאדנע, נור אפילו די, פאר וועמען זי איז זעהר שלעכט, נור זיי זיינען צוגעוועהנט צו איהר און זיי קענען זיך ניט פארשטעלען א לעבען אהן די געוואלד פון דער רעגיערונג — און די גרעסטע אונגליקען וועלען פאסירען: רויב, מארד, און דער סוף וועט זיין, דאס אלע גוטע מענשען וועלען זיין פערשקלאפט. אבער, שוין ניט ריידענדיג פון דעם, דאס דיעזע אלע שרעקען: רויב, מארד און דער סוף פון וועלכע איז, דאס די אמת־גוטע מענשען זיינען אין שקלא־פעריי — עקזיסטירען דוקא איצט, אבער דער פאקט, אז עס וועלען זיין אונרוהען, בעווייזט נאך גאר ניט אז דיעזע ארדנונג איז גוט.

„ריהרט נור אן די עקזיסטירענדע ארדנונג און די גרעסטע אונגליקען וועלען פאסירען“.

ריהרט נור איין ציגעל פון טויזענד ציגעל, וועלכע זיינען אויפגעלעגט אין א הויכען שמאָלען זייל, און אַלע ציגעל וועלען צופאַלען און צוברעקלען זיך. אָבער דער פאַקט, דאָס איין ארויסגענומענער ציגעל, אָדער דאָס דער קלענסטער שטויס קען אומוואַרפען דעם גאַנצען זייל, בעווייזט נאָך ניט פאַר קיין פאַל, אַז עס איז פערנינפטיג צו האַלטען די ציגעל אין אַן אונגאַטיר־ליכע און אַן אונבעקוועמע לאַגע. אומגעקעהרט, דאָס בעווייזט, דאָס די ציגעל דאַרף מען ניט האַלטען אין אַזא לאַגע, און דאָס מען בעדאַרף זיי אַזוי אויסלעגען, דאָס זיי זאָלען זיך האַלטען פעסט, און דאָס מען זאָל זיי קענען געברויכען, ניט פערניכטענ־דיג די גאַנצע געביידע. דאָס זעלבע איז מיט די יעצטיגע רעגיע־רונגס־אָרדנונג. דיעזע שטאַטס־אינסטיטוציאָן איז א גאַנץ קינסטליכע און זעהר טרייסעלדיגע; דער קלענסטער שטויס ברענגט עס אין געפאַהר. און דאָס בעווייזט, דאָס ניט נאָר איז א רעגיערונג ניט נויטיג, נאָר אויך שעדליך און געפעהרליך.

זי איז שעדליך און געפעהרליך דערפאַר, ווייל דורך איהר ווערט אַל דאָס בייזע, וואָס איז דאָ אין דער געזעלשאַפט, ניט נאָר פערקלענערט, נאָר פערקעהרט, ווערט נאָך פערשטאַרקט און פערפעסטיגט. דאָס בייזע ווערט פערשטאַרקט און פער־פעסטיגט צוליעב דעם, ווייל אָדער עס ווערט גערעכטפערטיגט און נעהמט אָן אַן אנציהענדע פאָרמע, אָדער עס בעהאַלט זיך.

דיעזער פעלקער־גליק, וועלכער שטעלט זיך אונז פאַר אין די געזעלשאַפטען, וואָס ווערען רעגיערט פון די אָרגאַניזירטע געוואַלד, איז דאָך נאָר אַן איינרעדעניש, א חלום. אלעס, וואָס קען צושטערען די אויסערליכע אויף־מיר אַנשטענדיגקייט, אלע וואונדען זיינען פערבעהאַלטען אין אַזעלכע ערטער, וואו מען קען זיי ניט זעהן; אָבער דאָס, וואָס מען זעהט זיי ניט, איז דאָך נאָך ניט קיין בעווייז, אַז זיי זיינען ניטאָ. אומגעקעהרט, דאָס מעהר זיינען זיי דאָ, וואָס מעהר מען פערבעהאַלט זיי, און וואָס גרויזאַמער עס זיינען געגען זיי די, וועלכע בעשאַפען זיי. אמת, דאָס ווען די רעגיערונגס־טהעטיגקייט זאָל אויפהערען, וועט די אויסערליכע אַנשטענדיגקייט טאַקע צושטערט ווערען, אָבער דאָס וועט ניט צושטערען דעם לעבען, נאָר עס וועט אַרויסצייגען;

אל דאָס בייז, וואָס איז ביז דאַן געווען פערבעהאַלטען, און דאַן וועט ערשט זיין די מעגליכקייט צו פערבעסערען עס.

מענשען האָבען געדענקט און געגלויבט ביז די לעצטע צייט, ביז דעם סוף פון דעם היינטיגען יאָהרהונדערט, דאָס זיי קענען ניט לעבען אָהן רעגיערונגען, אָבער דאָס לעבען שרייטעט פאָר־ווערטס, די פערהעלטניסע און מיינונגען פון די מענשען ענדע־רען זיך אום, און טראָץ דעם וואָס די רעגיערונגען מאַכען אַלע אַנשטרענגונגען צו האַלטען די מענשען נאָך אימער אין א קינדישען צושטאַנד, ווען דעם בעליידיגטען דוכט זיך אויס צו זיין לייכטער, ווען ער האָט פאַר וועמען זיך צו קלאָגען, הויבען אָן די מענשען, און איבערהויפּט די ארבייטער, ניט נאָר אין אייראָפּא, נאָר אויך אין רוסלאַנד ארויסצוגעהן פון דיעזען קינדער־צושטאַנד, און זיי הויבען אָן צו בעגרייפען די אמת'ע פערהעלטניסע פון לעבען.

„איהר זאָגט אונז, דאָס אָהן אייך וועלען אונז בעפאַלען די נאַכבאַר־פעלקער: די כינעזער, יאַפּאַנעזער — זאָגען איצט די מענשען פון פאָלק — אָבער מיר לעזען די צייטונגען, און מיר ווייסען, דאָס קיינער סטראַשעט אונז ניט מיט קיין קריעג, און דאָס נור איהר, די רעגיערער, צוליעב וועלכע־עס־איז פאַר אונז אונפערשטענדליכע צוועקען, מאַכט איהר אימער קריעג און שנאה צווישען זיך, און דאַן, אונטער דעם אויסרייד פון די פערטהיידיגונג פון אייערע פעלקער, רואינירענדיג אונז מיט טאַקסעס אויף סטראַטעגישע וועגען, פערפיהרט איהר מלחמות איינער מיט'ן אנדערען, ווי איהר האָט עס געטהאָן איצט מיט די פריעדליכע כינעזער."

„איהר זאָגט, דאָס צוליעב אונזער גליק האָט איהר געמאַכט א געזעצע וועגען אייגענטהום אין לאַנד, אָבער אייער געזעץ האָט געמאַכט דאָס, וואָס די גאַנצע לאַנד איז אריבערגעגאַנגען אָדער געהט נאָך ערשט איבער אין די מאַכט פון די ניט־ארבייטענדע קאָמפּאַניעס, פון באַנקירען, פון מיליאָנערען, און מיר, די מאַיאָ־ריטעט פון פאָלק, זיינען געבליבען אָהן א פיצעל לאַנד און געפינען זיך אין די מאַכט פון די, וואָס ארבייטען ניט. איהר מיט אייערע געזעצע וועגען לאַנד־אייגענטהום פערזיכערט ניט

דאָס לאַנד צו די, וועמעס אייגענטהום זי האָט בעדאַרפט זיין, נור איהר נעהמט זי אוועק פון די, וואָס ארבייטען.

„איהר זאָגט, דאָס איהר פערזיכערט יעדען די פרוכט פון זיין ארבייט: אין דער אמת'ן טהוט איהר פונקט קאפויר. אלע די, וואָס בעשאַפען ווערטהפאָלע זאכען, א דאנק אייער פאלשען שוץ, זיינען געשטעלט אין אזא לאגע, דאָס זיי קענען קיינמאָל ניט קריגען דעם ווערטה פון זייער ארבייט, און זייער גאנצער לעבען געפינט זיך אין פולער אבהענגיגקייט און אין די געוואלד פון די, וואָס ארבייטען ניט."

אזוי הויבען אָן צו פערשטעהן און צו ריידען די מענשען איצט, און דיעזע אויפוואכונג פון די איינשלעפערונג, אין וועלכע די רעגיערונגען האָבען געהאלטען די מענשען, געהט פאָר זעהר שנעל. אין די לעצטע פינף־זעקס יאָהר האָט זיך די עפענטליכע מיינונג פון פאָלק ניט נאָר אין די שטעדט, נאָר אויך אין די דערפער, ניט נאָר אין איירָאפּא, נאָר אויך אין רוסלאנד, איבער־ראשענד אומגעענדערט.

מען זאָגט, דאָס אָהן א רעגיערונג וועלען ניט זיין די ערציהונגס־אנשטאלטען, די לעהר־אנשטאלטען און די אלע אנ־דערע געזעלשאפטליכע אינסטיטוציאָנען, וואָס זיינען נויטיג פאר אלע.

אָבער פאר וואָס זאָל מען דאָס אזוי רעכענען? וואָס פאר א גרונד איז דאָ צו דענקען, דאָס מענשען, וואָס זיינען ניט געטריבען און געדריקט פון א רעגיערונג וועלען ניט קענען איינ־אָרדנען פאר זיך דאָס לעבען אזוי גוט, ווי עס אָרדנען איין פאר זיי די רעגיערונגען?

מיר זעהען, פערקעהרט, דאָס אין די פערשיעדענארטיגסטע לעבענס־פעלע אין אונזער צייט אָרדנען מענשען איין זייער לעבען גאָר אָהן ערך בעסער, ווי דאָס טהוען פאר זיי די מענשען, וואָס רעגיערען איבער זיי. מענשען, אָהן אירגענד וועלכע אריינ־מישונג פון דער רעגיערונג, מאכען גאנץ אליין פערשיעדענע געזעלשאפטליכע אונטערנעהמונגען: ארבייטער־פעראיינען, קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאפטען, אייזענבאהן־קאָמפּאניעס, ארטע־

לען, יוניאָנס. ווען עס זיינען נויטיג מיטלען פאַר אַ געזעלשאַפט־ליכע אונטערנעהמונג, ווארום זאָל מען דענקען, אַז פרייע מענשען אָהן געוואַלד וועלען ניט קענען פרייוויליג צוזאַמענקלייבען די נויטיגע מיטעל, און איינאָרדנען דאָס אַלעס, וואָס ווערט איצט געמאַכט דורך טאַקסעס, ווען נור די אינסטיטוציאָנען זיינען פאַר אַלעמען ניצליך? ווארום זאָל מען דענקען, אַז עס קען ניט זיין אַ געריכט אָהן געוואַלד? דער פסק פון די מענשען, וועמען די פראָצעסירענדע פערטרויען זיך, האָט קיינמאָל ניט און וועט אויך קיינמאָל ניט נויטיגען זיך אין געוואַלד. מיר זיינען אַזוי פערדאָרבען דורך די לאַנגע שקלאַפעריי, דאָס מיר קענען זיך ניט פאָרשטעלען אַן אָרדנונג אָהן געוואַלד. אָבער דאָס איז ניט אמת. — די רוסישע אָבשטשינעס, אריבערזעצענדיג זיך אין די וויטע לענדער, וואו אונזער רעגיערונג מישט זיך ניט אריין אין זייער לעבען, מאַכען אַליין די זאַמלונג פאַר די נויטיגע געזעלשאַפטליכע אינסטיטוציאָנען, זיי האָבען זייער אייגענעם געריכט, זייער פאָליציי און זיי זיינען אימער גוט אָב, ביז די רעגיערונגס־געוואַלד מישט זיך ניט אריין אין זייער לעבען. פונקט אַזוי איז אויך קיין גרונד ניטאָ צו דענקען, דאָס מענשען זאָלען נאָך אַן אַלגעמיינעם איינפערשטענדניס ניט קענען בע־שטימען צווישען זיך, ווי זיך צו בענוצען מיט'ן לאַנד.

איך האָב געקאָנט מענשען — קאָזאַקען פון אוראַל — וועלכע האָבען געלעבט, ניט אַנערקענענדיג קיין אייגענטהום אין לאַנד, און אין יענע געזעלשאַפט האָבען געהערשט אַזאַ וואויל־האַבענהייט און אָרדנונג, וועלכע זיינען ניט צו געפינען אין אַ געזעלשאַפט, וואו דער אייגענטהום אין לאַנד ווערט בעשיצט דורך געוואַלד. איך קען אויך איצט אָבשטשינעס, וועלכע לעבען, ניט אַנערקענענדיג דאָס רעכט פון אירגענד וועלכען איינצעלנעם מענשען אויף אייגענטהום אין לאַנד. דאָס גאַנצע רוסישע פאָלק, אַזוי ווייט ווי איך געדענק, האָט ניט אַנערקענט קיין אייגענטהום אין לאַנד.

די בעשיצונג פון אייגענטהום דורך די רעגיערונגס־געוואַלד, ניט נאָר וואָס דורך דעם ווערט ניט אָבגעשאַפט דער קאַמפף פאַר אייגענטהום, נאָר פערקעהרט נאָך, ער ווערט דורך דעם מייסטענס

נאָך שטארקער. יא, דער קאמפּף איז אָפט דער רעזולטאט פון אזא בעשיצונג.

וואָלט ניט געווען דער רעגיערונגס־שוץ פון אייגענטהום אין לאנד, און אלס רעזולטאט דערפון, איהר אויפהויבען זיך אין פרייז, וואָלטען מענשען זיך ניט געשפּארט אין איניגע ערטער בלויז, נאָר זיי וואָלטען זיך פונאנדערגעזעצט איבער די פרייע לענדער, וועלכע זיינען נאָך דאָ אזוי פיעל אויף דעם ערד־קוגעל. איצט אָבער קומט פאַר א שטענדיגער קאמפּף פאַר לאנד־אייגענטהום, און אין דיעזען קאמפּף זיינען אימער די זיעגער ניט די, וואָס בעארבייטען דאָס לאנד, נאָר די וואָס געהמען אנטהייל אין דער רעגיערונגס־געוואלד.

דאָס זעלבע קען אויך געזאָגט ווערען וועגען די אלע זאכען, וואָס זיינען דער פּראָדוקט פון מענשליכע ארבייט. זאכען, וועלכע זיינען ווירקליך געמאכט געוואָרען פון מענשען און זיינען איהם נויטיג צום לעבען, ווערען אימער בעשיצט פון די עפענטליכע מיינונג, פון דעם מנהג, פון דעם גערעכטיגקייטס־געפיהל, און זיי נויטיגען זיך ניט אין די בעשיצונג, וועלכע די געוואלד קען געבען.

צעהנדליגע טויזענדע דעסיאטינעס וואלד, געהערענדיג צו איין מענשען, ווערהענד טויזענדע מענשען דערביי האָבען ניט א שטיקעל האָלץ, מיט וואָס זייערע אָרעמע כאטקעס אויסצו־הייצען, נויטיגען זיך אודאי אין די בעשיצונג פון געוואלד.

אזא בעשיצונג פון געוואלד איז אויך נויטיג פאַר די פאבריקען, אויף וועלכע פיעלע, פיעלע דורות זיינען בערויבט געוואָרען, און ווערען נאָך בערויבט ביז היינטיגען טאָג.

נאָך מעהר נויטיגען זיך אין בעשיצונג הונדערטע טויזענדע פודען פון קאָרן פון איין בעזיצער, וועלכער האָט זיך דערוואַרט אויף א הונגער, אום צו פערקויפען איהם פאַר דריי מאָל אזוי פיעל, ווי ער איז ווערטה, צו דעם הונגערענדען פאָלק. אָבער קיין איינציגער מענש, מעג ער זיין ווי פערדאָרבען — אחוץ דעם רייכען אָדער דעם מענשען וואָס געהערט צו דער רעגיערונג — וועט ניט אוועקנעהמען ביי דעם ערד־ארבייטער, וואָס ער־נעהרט זיך מיט די פראצע פון זיינע הענד, די שטיקעל לאנד,

**אויף** וועלכע זיין קאָרן איז אויפגעוואקסען אָדער זיין בהמה, מיט די מילך פון וועלכע זיינע קינדער ווערען ערנעהרט אָדער זיין סאָכע, זיין קאָסע, זיין לאָפּעטע, וועלכע ער האָט געמאכט און געברויכט.

טאָמער אָבער וועט זיך געפינען אזא מענש, וואָס וועט וועלען אוועקנעהמען ביי א צווייטען די זאכען, וואָס ער האָט געשאפען און וואָס זיינען איהם נויטיג, וועט אזא מענש ארויס־רופען געגען זיך דעם צאָרן פון אלע אנדערע מענשען, וואָס געפינען זיך אין אזעלכע פערהעלטניסע, און עס וועט איהם קוים לוינען אזוי צו האנדלען. ווען אָבער דער מענש איז אזוי פערדאָרבען, דאָס ער וועט עס דאָך טהאָן, אזא מענש וועט עס טהאָן און נאָך מיט פיעל מעהר זיכערהייט ביי די שטרענגסטע בעשיצונג פון אייגענטהום דורך די רעגיערונגס־געוואלט.

געוועהנליך זאָגט מען: פּרובירט נאָר פערניכטען דאָס רעכט אויף אייגענטהום פון לאַנד און ארבייטס־פּראָדוקטען — און קיינער וועט ניט וועלען ארבייטען, ווייל קיינער וועט ניט זיין זיכער, אז מען וועט ניט אוועקנעהמען פון איהם דאָס, וואָס ער ארבייט אויס. זאָגען אָבער דארף מען פּונקט פער־קעהרט: די בעשיצונג דורך די רעגיערונגס־געוואלט פון ניט רעכטמעסיגעס אייגענטהום, וועלכע ווערט איצט פּראַקטיצירט, אויב זי האָט נאָך גענצליך ניט פערניכטעט, האָט זי אָבער שטארק אָבגעשוואכט אין דעם מענשען דעם נאַטירליכען בע־וואוסטזיין פון גערעכטיגקייט אין שייכות צו דעם געברויך פון זאכען, ד. ה., דעם נאטירליכען און אנגעבאָרענעם רעכט פון אייגענטהום, אָהן וועלכען די מענשהייט וואָלט ניט געקאָנט לעבען, און וועלכע האָט אימער עקזיסטירט און עקזיסטירט אויך איצט אין דער געזעלשאפט.

דאַרום איז קיין גרונד ניטאָ צו רעכנען, אז אָהן אָרגאַני־זירטע געוואלד וועלען מענשען ניט זיין אימשטאַנד איינצו־**אָרדנען זייער אייגענעם לעבען.**

## פיערצעהנטער קאפיטעל.

### ווי ווערט מען פטור פון רעגיערונג?

עס איז פיליכט בעגרייפליך, ווען מען זאגט, אז פערד און אקסען מוזען זיך לאזען פיהרען פון די קליגערע בעשעפעניסען, פון מענשען. אבער ווארום זאלען מענשען ניט קענען לעבען אהן די געוועלטיגונג איבער זיי — ניט פון העכערע וועזענס — נאר פון פונקט אזעלכע בעשעפעניסע, ווי זיי אליין זיינען? וואו איז דער בעוויז, אז די הערשער, די געוועלטיגער, זיינען קליגער פאר די, וועמעס פרייהייט ווערט פערגעוואלדיגט?

דער פאקט, דאס איניגע ערלויבען זיך צו פערגעוואלדיגען די פרייהייט פון די אנדערע בעווייזט, אז זיי זיינען פיעל וועניגער קלוג, ווי די וועלכע זיינען אונטערטהעניג צו זיי. די כינעזישע עקזאמענס אויף די שטעלע פון א מאנדארין זיינען נאך ניט קיין גאראנטיע, ווי מיר ווייסען עס, דאס די מאכט זאל זיך געפינען אין די הענד פון קליגערע און בעסערע מענשען. פונקט אזוי וועניג פערזיכערט אונז אין דעם די פערערבונגס־סיסטעם, אדער די גאנצע מאשינעריע, ווי טשינאווניקעס ווערען געמאכט אדער זאגאר די וואהל־סיסטעמע, ווי זי ווערט פראקטיצירט אין די קאנסטיטוציאנעלע לענדער. אומגעקעהרט, עס זיינען אימער די וועניגער געווויסענהאפטע, די וועניגער עהרליכע, וואס פערכאפען די מאכט.

מען זאגט, ווי קענען מענשען לעבען אהן רעגיערונגען, ד. ה., אהן געוואלד? זאגען דארף מען גאנץ אנדערש: ווי קענען מענשען, פערנינפטיגע בעשעפעניסע, לעבען, אנערקענענדיג אלס די אינערליכע פרוזשינע פון זייער לעבען געוואלד, און ניט א פערנינפטיגע איינפערשטענדניס?

איינס פון די ביידע: די מענשען זיינען אדער פערנינפטיגע

אָדער אונפּערנינפטיגע ווזענס. זיינען זיי אונפּערנינפטיגע ווזענס, זיינען זיי עס דאָך אַלע, און דאַן ווערט אַלעס ביי זיי געמאַכט דורך געוואַלד, און עס איז קיין אורזאַכע ניטאָ, דאָס איניגע זאָלען יע האָבען דאָס רעכט צו פערגעוואַלדיגען און אנדערע ניט. די געוואַלד פון דער רעגירונג האָט דאַן קיין רעכטפערטיגונג ניט; ווען אָבער די מענשען זיינען פערנינפטיגע ווזענס, מוז זייער שייכות צווישען זיך זיין געגרינדעט אויף די פערנונפט, און ניט אויף די געוואַלד פון מענשען, וואָס האָבען דורך אַ צופאַל ארייננגעכאַפּט די מאַכט. און דעריבער האָט ווידער אין דיזען פאַל די געוואַלד פון דער רעגיערונג קיין רעכטפערטיגונג.

אָבער ווי פערניכטעט מען רעגיערונגען?

אַלערליי פערזוכע צו פערניכטען די רעגיערונגען דורך געוואַלד, האָבען נור געפיהרט דערצו, דאָס אויף דעם פּלאַץ פון די אומגעשטירצטע רעגיערונגען האָבען זיך געגרינדעט אימער נייע, אָפט נאָך מעהר גרויזאַמע, ווי די, ועמעס פּלאַץ זיי האָבען פערנומען.

און אנדערש קען עס גאָר ניט זיין. געוואַלד ווערט געברויכט פון איינינגע מענשען איבער אנדערע (אויסער אין די מינוטען פון צאָרן און ראַכע) נור מיט דעם צוועק, אום צו צווינגען איינינגע מענשען צו ערפילען דעם ווילען פון אנדערע געגען זייער וואונש. און דער מ ו ז צו האַנדלען, ווי יענער וויל, געגען דעם אייגענעם ווילען, איז דאָך שקלאַפעריי. און דארום אזוי לאַנג, ווי עס וועט זיין אירגענד וועלכע געוואַלד, וואָס זאָל צווינגען מענשען צו האנדלען געגען זייער ווילען, וועט זיין שקלאַפעריי.

אַלערליי פּראָבען צו פערניכטען שקלאַפעריי דורך געוואַלד זיינען עהנליך צו דעם לעשען פון פייער מיט פייער, צו די אָבהאַלטונג פון וואַסער מיט וואַסער, אָדער צו פערשיטען איין גרוב מיט ערד, אויסגעגראָבען פון אַ צווייטע.

און דארום איז דער מיטעל צו בעפרייען זיך פון שקלאַ-פעריי — אויב אַזעלכער איז נאָר דאָ — ניט צו מאַכען אַ נייע געוואַלד, נור צו פערניכטען דאָס, וואָס גיט די רעגיערונג אַ מעגליכקייט צו געברויכען געוואַלד. און די מעגליכקייט פון דער

רעגיערונג צו געברויכען געוואלד בעשטעהט אין דעם, דאָס זי האָט א קליינע צאָהל בעוואפענטע מענשען, וועהרענד די גרויסע צאָהל איז אָהן וואפען, אָדער די קליינע צאָהל איז בעסער בעוואפענט, ווי די גרויסע.

אין די אמאָליגע אַלטע צייטען האָבען די קריעגס־מענשען מיט זייערע פיהרער אָנגעפאלען אויף שוצלאָזע מענשען, האָבען זיי געמאַכט זיך אונטערטהעניג, פריהער בעראבעווענדיג זיי, און אַלע, לויט זייער ארבייט, זייער מוטה, זייער גרויזאמקייט האָבען זיך געטהיילט מיט דאָס אָנגעראבירטע. פאַר יעדען בלוט־פערגיסער איז דאַן געווען בעשיינפערליך, דאָס די בעגאַנגענע געוואלד בעצאָהלט זיך איהם. איצט אָבער געהען די בעוואפענטע מענשען, מייסטענס, גענומען פון די ארבייטער, אויף שוצלאָזע מענשען, סטרייקער, בונטאָוושטשיקעס, אָדער איינוואוינער פון פרעמדע לענדער — בעזיעגען זיי, רויבען פון זיי אַלעס וואָס זיי האָבען, און דאָס אַלעס טהוען זיי ניט פאַר זיך, נאָר פאַר מענשען, וואָס האָבען גאָר קיין אנטהייל ניט גענומען אין דיעזע איידעלע ארבייט.

דער אונטערשיעד צווישען די קריעג־פיהרער פון אמאָל און די רעגיערונגען פון איצט בעשטעהט נור אין דעם, דאָס אמאָל זיינען די קריעגס־פיהרער זעלבסט בעפאַלען מיט זייערע מיט־העלפער הילפלאָזע מענשען און האָבען אליין אויסגעפיהרט אַלערליי גרויזאַמקייטען איבער די, וואָס האָבען ניט געלאָזען זיך אזוי גיך פערשקלאַפען. די רעגיערונגען פון איצט מוטשען און מאָרדען אליין קיינעם ניט, נור זיי צווינגען דאָס צו טהאָן די בעשווינדעלטע און ספעציעל צו דיעזען צוועק פערברוטאליזירטע מענשען, גענומען פון דעם זעלבען פאָלק, איבער וועלכען זיי בעגעהען אַלערליי געוואלד־טהאטען. זאָ דאָס די פריהרדיגע געוואלד איז אויסגעפיהרט געוואָרען דורך פערזענליכע אנ־שטרענגונג: דורך כוואטסטווא, גרויזאמקייט, שנעלקייט פון די קריעגס־פיהרער זעלבסט. די יעצטיגע געוואלד אָבער ווערט אויס־געפיהרט דורך בעטרוג.

און דארום, ווען פריהער, אום לויז צו ווערען פון די געוואלד פון די בעוואפענטע מענשען, איז נויטווענדיג געווען זיך צי־

בעוואַפּנעטע מחנה, איז איצט, אַ בעוואַפּנעטע מחנה, איז איצט,
ווען דאָס פֿאָלק ווערט ניט פערשקלאַפּט דורך דירעקטע געוואַלד,
נור דורך שווינדעל און בעטרוג, אום צו פערניכטען די געוואַלד,
נור נויטיג די בלויז־שטעלונג, די אויפדעקונג פון דעם שווינדעל,
וועלכער גיט די מעגליכקייט אַ קליינע צאָהל פון מענשען צו
פערגעוואַלדיגען די גרעסערע צאָהל.

דער שווינדעל, דורך וועלכען דאָס ווערט געמאַכט, בע־שטעהט אין דעם, דאָס די קליינע צאָהל הערשער, וואָס האָבען געקראָגען זייער מאַכט פון די פאָרגעגנער, זאָגען צו די מעהר־צאָהל: איהר זייט פיעל, איהר זייט נאַריש, איהר זייט אונגע־בילדעט, איהר קענט ניט איינאָרדנען אייערע עפענטליכע אנגע־לעגענהייטען, און דארום נעהמען מיר אויף זיך דיעזע זאָרג: מיר וועלען אייך בעשיצען פון די אויסערליכע שונאים, מיר וועלען אויפפּאַסען, דאָס צווישען אייך אליין זאָל הערשען אָרדנונג, מיר וועלען איינפיהרען ביי אייך געזעצע, ריכטער, שולען, גאַסען, פּאָטשטען און איבערהויפּט זאָרגען פאר אייער גליק; און פאר דאָס אלעס דארפט איהר נור נאָכגעבען די קליינע פּאָדערונגען וועלכע מיר וועלען אייך ערקלעהרען, און צווישען אנדערע זאכען אויך אוועקגעבען אין אונזער פאָלמאַכט אַ ניט גרויסען טהייל פון דעם, וואָס איהר פערדיענט, און אליין ווערען סאָלדאַטען אין די אַרמעען, וועלכע זיינען נויטיג פאר אייער איינענע זיכערהייט.

און די מענשען ווערען מרוצה אויף דעם, ניט ווייל זיי האָבען זיך איבערלעגט, אויב עס לוינט זיי צי ניט (דאָס האָבען זיי קיינמאָל ניט די מעגליכקייט צו טהאָן), נור, ווייל, ווי זיי ווערען געבאָרען, געפינען זיי זיך שוין אין דיעזע פערהעלטניסע. און ווען עס שטייגען אמאָל אויף אין מענשען צווייפעל איבער דעם, אויב עס דארף אזוי זיין, האָט יעדער, דענקענדיג נור פון זיך, מורא צו ליידען ווען ער זאָל זיך ענטזאָגען פון דיעזע פער־העלטניסע, יעדער האָפט צו בענוצען זיך מיט דיעזע פערהעלט־ניסע פאר זיין אייגענע וויגאָדע און אלע ווערען מרוצה, רעכע־נענדיג, דאָס דער אוועקגעבען פון אַ קליינעם טהייל פון די פערדיענסטען צו דער רעגיערונג און זיין איינינע יאָהר אַ סאָל־

דאט קען ניט שטארק שאדען זיין לעבען, און דערוויל, ווי גאר דאס געלד און די סאלדאטען זיינען שוין אין די מאכט פון די רעגיערונגען, טהוען די רעגיערונגען, וואס זיי ווילען. ניט זיי בעשיצען זייערע אונטערטהאנען פון אירגענד וועלכע אויסער־ליכע פיינד, ניט זיי מאכען ארדנונג צווישען זייערע אונטער־טהאנען, נאר זיי טהוען אלעס מעגליכע, אום צו דערצארנען די נאכבאר־פעלקער, אום אנצופיהרען מלחמות, און ניט נאר וואס זיי העלפען ניט זייערע אונטערטהאנען צו פיהרען א גליקלי־כערען לעבען, נאר זיי רואינירען און פעראונגליקען זיי קערפער־ליך און מאראליש.

אין טויזענד און איין נאכט ווערט דערצעהלט א מעשה, ווי א רייזענדער, אנקומענדיג אויף אן אונבעקאנטען אינזעל, געפינט אויפ'ן ברעג פון טייך אן אלטיטשקען מיט אויסגעטרי־קענטע פיס, זיצענדיג אויף דער ערד. דער אלטיטשקער בעט דעם רייזענדען אריבערצוטראגען איהם איבער'ן טייך אויף די פלייצעס. דער רייזענדער ווערט מרוצה. אבער אזוי שנעל, ווי דער אלטער זיצט ביי דעם רייזענדען אויף די פלייצעס, דרעהט ער זיך ארום מיט די פיס איבער'ן האלז, און לאזט איהם ניט ארויס.

ער טהוט דאן מיט דעם רייזענדען, וואס ער וויל: ער טרייבט איהם, ווי מען טרייבט א פערד; ער רייסט אב די פרוכט פון די בוימער, עסט זיי אליין, גאר ניט געבענדיג דעם, וואס טראגט איהם, און נאך אויף פיעלע אנדערע אופנים מאכט ער חוזק און טהוט אן געברענטע צרות דעם, וואס טראגט איהם.

דאס זעלבע פאסירט מיט די פעלקער, וואס האבען געגע־בען זייערע רעגיערונגען סאלדאטען און געלד. פאר דאס געלד קויפען די רעגיערונגען געוועהר און זיי דינגען אדער פערפער־טיגען דורך ערציהונג אונפעראנטווארטליכע, פערברוטאליזירטע קריעגס־פיהרער. דיזע פיהרער מאכען פון די מענשען, וואס מען האט גענומען פאר סאלדאטען, א דיסציפלינירטע ארמיי. די דיסציפלינע בעשטעהט אין דעם, דאס די מענשען, וואס קו־מען אן אויף דיזע לעהרע, און וועלכע האבען איהר שוין א בי־סעל דורכגעמאכט, פערלירען גענצליך אלעס, וואס איז דאס

טהייערסטע פאר'ן מענשען, — די הויפט־מעלה פון מענשען — זיין פרייהייט און ווערען אונטערטהעניגע, מאשין־עהנליכע מארד־געוועהר אין די הענד פון זייערע נאטשאלניקעס.

ניט אומזיסט האלטען אלע קעניגע, אימפעראטארס, פרע־זידענטען די דיסציפלינע אזוי טהייער; זיי שרעקען זיך פאר איהר אבשאפונג און האלטען פאר די וויכטיגסטע זאך: סמאטרס, מאנעווערעס, פאראדען, מארשען און עהנליכע נא־רישקייטען. זיי ווייסען, אז דאס אלעס האלט אויף די דיס־ציפלינע, און אויף די דיסציפלינע איז ניט נאר געגרינדעט זייער הערשאפט, נור אויך זייער עקזיסטענץ. א דיסציפלינירטע ארמיי איז דער מיטעל, מיט די הילפע פון וועלכען זיי (די רע־גיערונגען) קענען אויספיהרען מיט פרעמדע הענד די גרעסטע פערברעכענס, דורך וועלכע זיי מאכען די פעלקער אונטער־טהעניג.

אט אין דיעזע דיסציפלינירטע ארמעע ליעגט דער גאנצער שווינדעל, דורך וועלכען די רעגיערונגען פון דער נייער צייט הערשען איבער די פעלקער. ווען אין דער מאכט פון די רעגיע־רונגען געפינט זיך דיזער ווילענלאזער ווערקצייג פון געוואלד און מארד, מוז דער גאנצער פאלק זיין אין זייער מאכט; זיי לא־זען איהם שוין ניט ארויס, און ניט נור, וואס זיי רואינירען איהם, נור זיי מאכען נאך פון איהם הוזק, איינרעדענדיג איהם דורך א פאלשע רעליגיעזע און פאטריאטישע ערציהונג, דאס ער דארף זיין ערגעבען, געטריי און פול מיט אכטונג צו דיזעלבע מענשען, וועלכע האלטען דאס גאנצע פאלק אין שקלאפעריי און קוועלען איהם.

פונקט אזוי האט געהאנדעלט דער שרעקליכער אלטינקער, וואס איז געזעסען אויפ'ן רייזענדען: ער האט פון איהם חוזק געמאכט, וויסענדיג, דאס אזוי לאנג ווי ער זיצט ביי איהם אויפ'ן האלז, איז דער רייזענדער געגצליך אין זיין געוואלד.

און דארום איז דער איינציגער מיטעל אבצושאפען רעגיע־רונגען ניט קיין געוואלד, נור די בלויז־שטעלונג פון דעם שווינ־דעל. עס איז נויטיג, אז די מענשען זאלען, ערשטענס, פער־שטעהן, דאס איצט איז ניטא קיין נויטוועגדיגקייט, אז די

פעלקער זאָלען זיך פערטהיידיגען איינער נעגען צווייטען, דאָס אלע פיינדשאַפטען פון די פעלקער צווישען זיך ווערען נור ארויסגערופען פון די רעגיערונגען זעלבסט און די ארמייען דארף מען נור פאר די קליינע צאָהל מאכטהאָבער און הערשער, אָבער פאר די פעלקער זיינען זיי ניט נור ניט נויטיג, נור אין העכסטען גראד שלעכט, ווייל זיי דיענען, אלס א ווערקצייג פאר די פער־שקלאַפונג פון די מענשען.

צווייטענס איז נויטיג, דאָס מענשען זאָלען פערשטעהן, אז די דיסציפּלינע, וועלכע ווערט געשעצט פון די רעגיערונגען אזוי הויך, איז דער גרעסטער פערברעכען, וואָס א מענש קען בעגעהן, און וועלכער איז א קלאָרער בעוויז פאר די פערברעכערישע צוועקען פון די רעגיערונגען. דיסציפּלינע מיינט די פערניכ־טונג פון דעם פערשטאנד און פרייהייט אין דעם מענשען אין זי קען ניט האָבען קיין אנדער צוועק, ווי נור די פערפערטיגונג צו די אויספיהרונג פון אזעלכע פערברעכענס, צו וועלכע קיין מענש איז ניט פעהיג אין א נאָרמאַלען צושטאנד. פאר א פאָלקס־קאמפף, אום זיך צו פערטהיידיגען — ווי דאָס האָט ניט לאנג בעוויזען דער העלדישער קאמפף פון די בורען — איז זי ניט נויטיג. די דיסציפּלינע דארף מען נור האָבען צו דאָס, פאר וואָס עס האָט איהר בעשטימט ניט לאנג ווילהעלם דער צווייטער, פאר די אויספיהרונג פון די גרעסטע פערברעכענס — ברודער־און פאָטער־מאָרד.

אָט דיזער שרעקליכער שווינדעל דארף אויפגעדעקט ווערען, כדי עס זאָל זיין מעגליך צו מאכען א סוף צו רעגיערונג און צו די שקלאַפעריי, וועלכע שטאמט פון איהם.

א דייטשער שרייבער יעווגעני שמידט, וואָס האָט אין בו־דאפּעסט ארויסגעגעבען א צייטונג „אָהן שטאאט“, האָט אין איהר אָבגעדרוקט א ריכטיגען און מוטהיגען — ניט נור נאָכ׳ן אויסדרוק, נור אויך אין זיין געדאנק — ארטיקעל, אין וועלכען ער ערקלעהרט, דאָס די רעגיערונגען. רעכטפערטיגענדיג זייער עקזיסטענץ דערמיט, וואָס זיי פערזיכערען זייערע אונטערטהאַ־נען א געוויסע סאָרט זיכערהייט, אונטערשיידען זיי זיך מיט גאָר־ניט פון א געוויסען ראזבאָיניק, וועלכער האָט געמאכט

צאָהלען א געוויסען צינז די אַלע, וואָס האָבען געוואָלט רייזען אונגעשטערט. שמידט איז דער פאַר געריכטליך פּראָצעסירט געוואָרען, אָבער די דזשורי האָט איהם בעפרייט.

מיר זיינען אזוי פערהיפּנאָטיזירט פון די רעגיערונגען, דאָס אזא פערגלייך שיינט אונז צו זיין אן איבערטרייבונג, א שפּאַס, און דאָך איז עס ניט נור קיין שפּאַס, נור דיזער פערגלייך איז ניט ריכטיג, ווייל די טהעטיגקייט פון די רעגיערונגען איז פיעל מאָל אונמענשליכער, און הויפּטזעכליך געפעהרליכער, ווי די טהעטיגקייט פון דעם ראזבאָיניק.

דער ראזבאָיניק האָט הויפּטזעכליך געמאכט צאָהלען די רייכע; די רעגיערונגען נעהמען אָבער מייסטענס פון די אָרימע, און בעשיצען די רייכע, וועלכע העלפען זיי אין זייערע פערברע־כענס. דער ראזבאָיניק ריזיקירט מיט זיין אייגענעם לעבען, און די רעגיערונגען ריזיקירען מיט גאָר־ניט, בויענדיג זייער געוואַלד־מאכט אויף ליגען און שווינדעל; דער ראזבאָיניק נעהמט קיי־נעם ניט אריין מיט געוואַלד אין זיין באַנדע; די רעגיערונגען נעהמען זייערע סאָלדאַטען מייסטענס מיט געוואַלד. ביי דעם ראזבאָיניק האָבען די אַלע, וואָס האָבען איהם געצאָהלט, גע־קראָגען דיזעלבע מאָס פון זיכערהייט; ביי די רעגיערונגען אָבער, ווער עס העלפט זיי אין זייער שווינדעל, ווערט בעסער פערזי־כערט און בעסער בעלוינט. מעהר פון אלע ווערט געהיט דער אימפּעראַטאָר, דער קעניג, דער פּרעזידענט, און מעהר פון אלע גיט ער אויס דאָס געלד, וואָס איז גענומען געוואָרען פון די גע־טעקסטע אונטערטהאַנען. דאַן קומען די פעלד־מאַרשאַלען, מי־ניסטאָרען, גובערנאַטאָרס, פּאָליציי ביז צום שטאָדט־וועכטער, וועלכער קריעגט די קלענסטע געהאַלט. דער אָבער, וועלכער האָט גאָר קיין חלק ניט אין די פערברעכענס פון די רעגיערונג, ניט ווילענדיג וויסען פון דיענען, פון טעקסעס, פון געריכט, דער ווערט פערגעוואַלדיגט פונקט ווי פון א ראזבאָיניק. דער ראז־באָיניק פערדארבט ניט די מענשען ווילענדיג, איבערלייגט — די רעגיערונגען אָבער, אום צו דערגרייכען זייערע צוועקען, פער־דארבען דעם גייסט און געוויסען פון גאַנצע דורות פון קינדער און ערוואַקסענע מיט פאַלשע רעליגיעזע און פּאַטריאָטישע לעה־

רען. די הויפט־זאך איז אָבער, דאָס דער גרויזאמסטער ראז־באַניק קען ניט דערגרייכען דעם גראד פון גרויזאמקייט און פערדאָרבענהייט פון אונזערע הערשער.

צו רעגיערונגען, ווי צו די קירכען, קען מען זיך אנדערש ניט צוטראָגען ווי אָדער מיט א הייליגען פורכט אָדער מיט עקעל. ביז דער מענש האָט ניט פערשטאנען, וואָס דאָס איז א רעגיע־רונג, וואָס דאָס איז א קירכע, קען ער ניט פיהלען, ווי נור אכ־טונג פאר זיי. ביז ער לאָזט זיך פיהרען פון זיי, מוז ער, צוליעב זיין זעלבסט־ליעבע, דענקען, אז דאָס, פון וואָס ער לאָזט זיך פיהרען, איז עטוואָס גרויסעס, הייליגעס, וויכטיגעס. אָבער, ווי ער האָט נור פערשטאנען, אז דאָס אלעס איז נור א גרויסער שווינדעל, קען ער ניט פיהלען צו דאָס, וואָס ער האָט געהאלטען פאר גרויס און גוט, קיין אנדער זאך, ווי נור עקעל און האס. און דאָס גרעסער איז זיין האס צו זיי, וואָס מעהר ער האָט די רעגיערונג און קירכע געהאלטען פאר גוט און ערהאבען.

אָט דיזען געפיהל פון עקעל און האס הויבען אלץ אָן מעהר און מעהר מענשען צו דערשפירען. די צייט, ווען מען האָט גע־האלטען דיעזע פערברעכערישע אינסטיטוציאָנען פאר עטוואָס גר־טעס, אונגעאכטעט אויף דעם היפּנאָטיזירענדען איינפלוס, וואָס די רעגיערונגען געברויכען, אום צו בלייבען ביי זייער מאכט, געהט אלץ מעהר און מעהר אוועק. און עס איז שוין צייט, אז מענשען זאָלען פערשטעהן, דאָס די רעגיערונגען זיינען ניט נור ניט נויטהיג, נור זיי זיינען געפעהרליכע און העכסט פערדאָר־בענע אינסטיטוציאָנען, אין וועלכע אַן עהרליכער מענש, א מענש, וואָס אכטעט זיך זעלבסט, קען ניט און טאָר ניט אנ־טהייל נעהמען, און מיט די וויגאָדעס פון וועלכע ער דארף ניט און טאָר זיך ניט בענוצען.

און אזוי שנעל, ווי מענשען וועלען דאָס קלאָר פערשטעהען, וועלען זיי, נאטירליך, אויפהערען נעהמען אנטהייל אין יענע זאכען, ד"ה, געבען די רעגיערונגען סאָלדאטען און געלד. און ווי נור די מעהרצאָהל מענשען וועט עס אויפהערען צו טהאָן, וועט פון זיך אליין אָבגעשאפט ווערען דער שווינדעל, וואָס פער־שקלאָפט די מענשען.

# רעליגיאָן–דער קוואַל פון אַלע צרות

.1

אין מיטען פעלד שטעהט א פאבריק, וואו עס ווערט אייזען געגאָסען. אויף דיעזע פאבריק און אין זיינע מינען ארבייטען מענשען, איינינע שלאָגען ארויס די רודע אויף הונדערט ארשין אונטער דער ערד אין פינסטערע, שמאָלע, שטיקענדע, פייכטע, אייביג מיט׳ן טויט סטראשענדע, דורכגעננע. אנדערע, אין דער פינסטער, איינגעבויגען אין דרייען, פיהרען אוועק דיעזע אייזען אין קליינע וועגעלעך, קומען באלד מיט זיי צוריק פוסטע, און פילען זיי ווידער אָן. אזוי ארבייטען זיי 12, 14 שטונדען א טאָג.

אזוי ארבייט מען אין די מינען. אין סאמע פאבריק ארביי־טען איינינע ביי די אויוועגס ביי א דערשטיקענדער היץ, אנדערע ביי דעם אראָבלאָזען פון דעם צושמאָלצענעם אייזען, די דריטע — מאשיניסטען, שלאָסערס, מולארעס — ארבייטען צוועלף פערצעהן שטונדען א טאָג די גאנצע וואָך.

זונטאָג קריגען דיעזע מענשען בעצאָהלט. און אָבוואשענדיג זיך, און אמאָל גאָר אונגעוואשען, שכור׳ען זיי זיך אָן אין די שיינקען, וועלכע זיינען פון אלע זייטען ארום די פאבריק און נארען אריין צו זיך די ארבייטער. מאָנטאג גאנץ פריה זיינען שוין אלע ווידער ביי דער ארבייט.

דאָ, ארום די פאבריק, אקערען מוזשיקעס מיט אויסגעמור־טשעטע, אויסגעמאָגערטע פערדלעך, א פרעמדע פעלד. דיעזע בויערען זיינען אויפגשטאנען א בלאסק אויף טאָג, אויב זיי האָבען ניט פערבראכט די גאנצע נאכט ביי דער בלאָטע — דער איינצי־גער פלאץ, וואו זיי קענען קריגען עטוואָס פאשע פאר׳ן פערד — זיי זיינען אויפגעשטאנען גאנץ פריה, זיינען געקומען אהיים,

האָבען איינגעשפּאנט דעם פערד און א כאפּ טהוענדיג א שטיק ברויט, זיינען זיי אוועקגעפאָהרען צו אַקערען א פרעמדע פעלד.

אנדערע בויערען, אויך ניט ווייט פון פאבריק, זיצען אויף דעם שאָסעע און ברעכען שטיינער. די פיס ביי די מענשען זיינען צוקלאפּט, זייערע הענד זיינען אין וואונדען, דער גאַנצער קערפּער איז בלאָטיג, און ניט נאָר דאָס געזיכט, די האָר און באָרד, נור אויך זייערע לונגען זיינען אָנגעפּילט מיט דעם שטיין שטויב.

נעהמענדיג פון די הורבע גרויסע שטיינער איין גרויסען שטיין, אוועקלעגענדיג איהם צווישען זייערע פיס, וואָס זיינען איינגעוויקעלט אין שמאטעס, שלאָגען דיעזע מענשען איבער'ן שטיין מיט א גרויסען האמער ביז דער שטיין ווערט צושפּאָלטען; דאן נעהמען זיי די צושפּאָלטענע שטיקער און קלאפּען אזוי לאנג ביז זיי ווערען ניט צוהאקט אין גאַנץ קליינע שטיקלעך. און ווידער נעהמען זיי גאַנצע שטיינער און ווידער דאָס זעלבע. אזוי ארבייטען דיעזע מענשען פון גאַנץ אין דער פריה ביז ביי נאַכט, פופצעהן, זעכצעהן שטונדען, אָברוהענדיג נור א שטונדע צוויי נאָכמיטאָג, און צוויי מאָל פאַר דיעזער צייט האַלטען זיי אויף זייערע כחות מיט ברויט און וואסער.

אזוי לעבען דיעזע מענשען, ווי אין די מינען, אזוי אויפ'ן פאבריק, ווי די פעלד־ארבייטער, אזוי די שטיין־האקער פון זייערע יונגע יאָהרען ביז אויף דער עלטער: אזוי לעבען, שווער האָרעווענדיג, זייערע פרויען און מוטערס, ליידענדיג פון אַלערליי קראַנקהייטען, און אזוי לעבען זייערע טאַטעס און קינדער אייביג ניט דערעסען, אייביג האַלב־נאַקעט, ארבייטענדיג איבער זייערע כחות פון פריהמאָרגען ביז ביי נאַכט, פון דער יוגענד ביז אויף דער עלטער.

און אָט לעבען פאבריק, פערביי די שטיין־קלאפּער, פערביי די אַקערענדע מוזשיקעס, בעגעגענענדיג און איבעריאָגענדיג די אָבגעריסענע מענער און פרויען מיט טאָרבעס, וואָס וואַנדערען פון אָרט צו אָרט און לעבען פון בעטעל־ברויט — פאָהרט דורך א שעהנע קאָליאסקע איינגעשפּאנט מיט פיער פערד, דער ערג־סטער פון וועלכע קאָסט מעהר ווי דער גאַנצער פערמעגען — זיין הויף, זיין הייזעל, זיין פערד און זיין קוה — פון יעדען פון

די מוזשיקעס, וואָס קוועלען גאָר פון דעם אָנבליק אויף דיעזע טהייערע פערדלעך. אין קאַליאַסקע זיצען צוויי פרייליינס, בלישטשענדיג מיט די העלע קאָלירען פון זייערע פּאַראַסאָנען, סטיינגעס און פעדערען פון זייערע היט, פון וועלכע יעדע קאָסט פיעל מעהר, ווי דער אָרעמער פערדעל, מיט וועלכען דער מוזשיק אַקערט דאָס פעלד. אין פראָנט זיצט אַן אָפּיצער, וועלכער פער־בלישטשעט די זון מיט זיינע עפּאָלעטען. און אויף די קאָזלען זיצט אַ פעטער קוטשער, אויסגעפּוצט אין סאמעט און אין זיידען. ער איז שיער ניט איבערגעפאָהרען די אָרעמע בעטלערקעס, און האָט שיער ניט אומגעוואָרפען אַ מוזשיק, וואָס איז פערבייגע־פאָהרען אין אַ ליידיגען וואָגען.

„און דאָס זעהסטו ניט?" שרייט דער קוטשער, ווייזענדיג איהם דעם בייטש דערפאַר, וואָס ער האָט זיך ניט אַזוי גיך אָבגעקירעוועט פון וועג. און דער מוזשיק שלעפּט מיט איין האַנד פאַר די לייצע און מיט דער אַנדערער ציהט ער אַראָב די היטעל פון דער לייזיגער קאָפּ. נאָך דער קאַליאַסקע פליהען צוויי יונגע העררען און איין מיידעל אויף בייסיקעלס, זיי לאַכען, זיי פרעהען זיך, איבעריאָגענדיג איינע די אַנדערע און איבערשרע־קענדיג די וואַנדערענדע בעטלער.

עטוואָס אַן אַ זייט פון שאָסע, פאָהרען אויף צוויי טהייערע פערד רייטענדיג אַ הערר און אַ דאַמע. ניט ריידענדיג שוין פון דעם פרייז פון די פערד, איז די איין שוואַרצע הוט מיט'ן וואואַל קאָסט זיכער צוויי מאָנאַטען אַרבייט פון אַ שטיין־קלאַפּער. פאַר דעם בייטשעל, מיט וועלכען ער טהוט אַ פּיק דעם פערד, איז בעצאָהלט געוואָרען אַזוי פיעל, וויפיעל עס קריגט אַ וואָך אַ מינען־אַרבייטער. ניט ווייט פון דיעזער גאַנצער קאָמפּאַניע פאָהרען אויף אַ וואָגען אַן אויסגעפּוצטע מיידעל און אַ רויטער דיקער מאַן, מיט אַ פּאַפּיראָס צווישען די צייהן. אין וואָגען זעהט מען אַ סאַמאָוואַר, בינטלעך געבעקס, אייז־קרים און אַזוי ווייטער.

דאָס איז די דיענערשאַפט פון יענע מענשען, וואָס מיר האָבען געזעהן פערבייפאָהרען אין קאַליאַסקע, רייטענדיג אויף פערד און אויף די בייסיקלעך. דער היינטיגער טאָג איז פאַר זיי גאָר ניט קיין אויסנאַהמע. זיי לעבען אַזוי במעט דעם גאַנצען

זומער, און כמעט יעדען טאָג מאַכען זיי זיך שפּאַצירפּאַרטען — און אָפּט, ווי היינט — מיט טהעע, מיט געטרענקע, כדי ניט צו עסען און טרינקען אַלץ אין איין און דעם זעלבען, נור אין עפּעס אַ נייעם פּלאַץ. דיעזע מענשען געהערען צו די דריי רייכסטע פּאַמיליען, וואָס לעבען אין דאָרף. איין פּאַמיליע איז פון דעם פּאַמיעשציק, וואָס פערמאָגט צוויי טויזענד דעסיאַטינעס לאַנד, די צווייטע פון דעם טשינאָווניק, וואָס קריגט דריי טויזענד רובעל יעהרליך געהאַלט, די דריטע — די רייכסטע פון זיי — איז די פּאַמיליע פון דעם פּאַבריקאַנט.

דיעזע אַלע מענשען זיינען גאָר ניט ערשטוינט אָדער גע־ריהרט פון דעם אָנבליק פון די אָרעמקייט און קאַטאַרזשנע אַרבייט, וואָס איז אַרום זיי. זיי רעכענען, אַז דאָס דאַרף אַזוי זיין. זיי זיינען גאָר בעשעפטיגט מיט עטוואָס אַנדערעס.

„ניין, דאָס טאָר מען ניט", זאָגט די רייטענדע דאַמע, אַרומ־קוקענדיג זיך אויף איהר שעהנעם הינטעל, וואָס לויפט נאָך — „איך קען עס ניט צוזעהן."

.2

פאַר וואָס זשע איז עס אַזוי? האָבען דיעזע אַרבייטער בע־גאַנגען וועלכען עס איז גרויסען פערברעכען, דאָס מען בעשטראָפט זיי אַזוי גרויזאַם? אָדער איז עס פיליכט גאָר דער מזל פון אַלע מענשען? אָבער דאָן, וואָס איז וועגען די, וואָס זיינען נאָר־וואָס פערביינגעפאָהרען אין זייערע קאַרעטען, אויף זייערע בייסיקלען — האָבען זיי געטהאָן אָדער טהוען נאָך איצט עטוואָס ניצליכעס, וואָס זיי ווערען אַזוי שעהן בעלוינט? הויבט זיך גאָר ניט אָן! עס איז גאָר קאַפּויר די מעשה; די וועלכע אַרבייטען אַזוי שווער, אַזוי אָנגעשטרענגט, זיינען מייסטענטהיילס זיטליכע, שפּאַרזאַמע, עניות'דיגע, אַרבייטזאַמע מענשען. יענע אָבער, וואָס זיינען נאָר־וואָס פערביינגעפאָהרען אין אַזאַ לוקסוס און פּראַכט, זיינען מייסטענטהיילס פערדאָרבענע, בעגעהרליכע, חוצפּה'דיגע שאַרלאַטאַנעס! דאָס אַלעס איז נור אַזוי דאַרום, ווייל אַזאַ לעבענס־אָרדנונג ווערט בעטראַכט פון אונז אַלס עטוואָס גאַנץ נאַטירליכעס!

אזא אָרדנונג עקזיסטירט ניט נור אין א געוויסען ווינקעל פון א געוויסע גובערניע, נור איבעראל — ניט נור אין רוסלאנד, פון פעטערבורג ביז באטום, נור אויך אין פראנקרייך, פון פאריז ביז אָווערן, אין איטאליען, פון רוים ביז פאלערמאָ, אין דייטשלאנד, אין שפאניען, אין אמעריקא, אין אויסטראליען און אפילו אין אינדיען און כינא.

איבעראל לעבען צוויי דריי מענשען אויף יעדע טויזענד אויף אזא אופן, דאָס גאָר ניט טהוענדיג פאר זיך, עסען זיי אויף און טרינקען אוים אין איין טאָג אזי פיעל, וויפיעל עס וואָלט געווען גענוג זאט צו מאכען הונדערטע פון מענשען פאר א גאנץ יאָהר; זיי טראָגען אויף זיך קליידער, וואָס קאָסטען טויזענדער, זיי לעבען אין פאלאצען, וועלכע וואָלטען געהאט פלאץ גענוג פאר טויזענדע ארבייטער; גיבען אוים אויף זייערע תאוות טויזענדער, מיליאָנען ארבייטס־טעג. די אנדערע אָבער, ניט דער־עסענדיג און ניט דערשלאָפענדיג, ארבייטען איבער די קרעפטען און מאכען חרוב זייער קערפערליכע און גייסטיגע געזונדהייט פאר די עטליכע אויסערוועהלטע.

פאר אייניגע מענשען, ווי זיי קלייבען זיך נור צו געבאָרען ווערען, רופט מען אן אקושאָרין, א דאָקטאָר, אמאָל גאנצע צוויי פאר איין געווינערין, מען גרייט אָן טהייערע העמדלעך, וויג־דעלעך מיט זיידענע בענדער, מען גרייט אָן שלאָף־וועגעלעך אויף פרוזשינעס. די אנדערע אָבער — דער גרעסטער טהייל — האָבען זייערע קינדער וואו און ווי עס טרעפט זיך, גאָר אָהן אימיצענס הילף; וויקלען איין די ערשט־געבאָרענע אין א בינטעל שמאטעס, לעגען זיי אוועק אויף שטרוי און די אונ־גליקליכע מאמעס פרעהען זיך, ווען זייערע קינדער שטארבען אוועק.

אויף די קינדער פון אייניגע, אזוי לאנג ווי די מוטער ליעגט אין בעט ניין טעג, פאסען אויף א באבקע, א ניאנקע און א זויגערין. אויף די אנדערע — פאסט קיינער ניט אויף, ווייל עס איז טאקע ניטאָ ווער; די מוטער אליין שטעהט אויף גלייך נאָכ'ן האָבען, הייצט איין דעם אויוועז, מעלקט אוים די קוה, און אמאָל צוואוואשט זי נאָך די וועש פאר זיך, דעם מאן און די קינדער.

איינינע קינדער וואקסען אויף צווישען שפיעל־זאכען, לוס־טיגע און ניצליכע שפיעלערייען, די אנדערע קריכען מיט די היילע בייכער איבער די שוועלען, ווערען צוקיילט און צובייילט, עסען צוזאמען מיט די חזירים, און זייענדיג פינף יאהר אלט, הויבען זיי שוין אן צו ארבייטען.

איינינע לערענט מען די אלע וויסענשאפטליכע לעהרען, וואס פאסען פאר זייער עלטער; די אנדערע לערענט מען צו גלויבען אין די ווילדעסטע דומהייטען.

איינע פערליעבען זיך, פיהרען ראמאנען, און דאן ערשט האבען זיי חתונה, ווען זיי האבען שוין אויספראבירט די אלע פערגעניגענס פון ליעבע; די אנדערע האבען חתונה מיט די, וואס פאסען פאר די עלטערען, אום צו העלפען אין דער ארבייט פון זעכצעהן ביז צוואנציג יאהר. איינע עסען און טרינקען דאס בעסטע און דאס טהייערסטע, וואס איז נאר דא אויף דער וועלט, פיטערענדיג זייערע הינד מיט וויים־ברויט און פלייש, די אנדערע עסען בלויז ברויט מיט קוואס, און דאס ניט גענוג און ניט קיין פרישען ברויט, אום ניט צו עסען צו פיעל. איינינע, זיך גאר ניט פריהער מאכענדיג שמוציג, בייטען זייערע טהייערע דינע וועש יעדען טאג; אנדערע, אימער טהוענדיג פרעמדע ארבייט, בייטען איבער די גראבע, די צוריסענע, די לייזיגע וועש איינמאל אין צוויי וואכען, און אמאל בייטען זיי עס גאר ניט איבער; זיי טראגען עס אזוי לאנג, ביז עס ווערט ניט צופאלען אויף זיי. איינע שלאפען אין ריינע לייליכער, אויף פוכענע פערענעס; אנדערע שלאפען אויף דער ערד צודעקענדיג זיך מיט א פאר שמאטעס.

איינע פאהרען אויף זאטע, אויף אויסגעפאשעטע פערד, גאר ניט האבענדיג וואס צו טהאן, אנדערע ארבייטען שוועער מיט זייערע דארע פערדלעך און ווען זיי דארפען ווירקליך וואו געהן, געהען זיי צו־פוס. איינע האלטען אין איין טראכטען, וואס זיי זאלען טהאן, אום צו פערברענגען זייער לייריגע צייט; די אנ־דערע האבען קיין צייט ניט זיך אביסעלע אבפוצען, אבוואשען, אברוהען, מיט א ווארט זיך א בערצובייטען, צו זעהן זיך מיט פריינד. איינע לעזען לעזען אויף פיער שפראכען, האבען יעדען טאג

אנדערע שמחות; אַנדערע קענען גאָר ניט לעזען און ווייסען ניט פון קיין אַנדער געַנוס, ווי זיך אָנצו'שכור'ען. איינע ווייסען אַלעס און גלויבען אין גאָר ניט; די אַנדערע ווייסען גאָר ניט און גלויבען אין יעדען אונזין, וואָס מען וועט זיי זאָגען. איינע, ווען זיי ווערען קראַנק, האָבען די בעסטע אויפפּאַסונג, פּאָהרען אין פערשיעדענע בעדער, קלייבען זיך אויס דעם פּלאַץ, קלימאַט, וואָס פּאַסט אַמבעסטען פאַר זייער געזונדהייט; אַנדערע לעגען זיך אַוועק אין דער רויכערדיגער שטוב אויפ'ן אויוּוען, מיט ניט דורכגעוואַשענע וואונדען, אָהן אירגענד וועלכע שפּייז, אויסער טרוקענעם ברויט, אין אַ לופט, וואָס איז פערפּעסטעט פון די צעהן מענשען, פון די קעלבער, די שעפּסען — אַזוי פוילען זיי לעבעדיגערהייד און שטאַרבען.

איז עס מעגליך, אַז עס דאַרף טאַקע אַזוי זיין?

אויב עס איז דאָ אַ העכערע פערנונפט און ליעבע, וואָס רעגיערען די וועלט, אויב עס איז דאָ אַ גאָט, האָט ער גאָר ניט געקאָנט וועלען, אַז צווישען מענשען זאָל זיין אַזאַ שרעקליכער אונטערשיעד, דאָס איינע זאָלען ניט וויסען, וואָס צו טהאָן מיט דעם איבערפלוס פון זייערע רייכטהימער, און זאָלען אָהן אַ זין פערשווענדען די פּראַצע פון אַנדערע מענשען, און דאָס די אַנ־דערע זאָלען אויסגעדאַרט און אויסגעקוואַרט ווערען, שטאַרבען פאַר דער צייט, אָדער זאָלען פיהרען אַ לעבען, וואָס איז פיעל ערגער, ווי דער טויט.

אויב עס איז דאָ אַ גאָט, קען עס ניט און דאַרף עס ניט זיין. ווען עס איז אָבער ניטאָ קיין גאָט, איז דאָך פון דעם איינפּאַכ־סטען מענשליכען שטאַנדפּונקט אַזאַ אָרדנונג, דורך וועלכע דער גרעסטער טהייל מענשען מוז זיך רואינירען, כדי איניגע מענשען זאָלען לעבען אין אַן איבערפלוס, וואָס פערדאַרבט זיי גאָר, איינ־פאַך אַן אונזין, אַ משוגעת, ווייל אַזאַ אָרדנונג איז פאַר קיינעם ניט בעקוועם.

.3

אָבער פאַר וואָס לעבען אַזוי די מענשען?

עס איז בעגרייפליך, וואָרום די רייכע, וואָס האָבען זיך צוגע־

וואוינט צו זייער רייכטהום, און וואָס זעהען ניט קלאָהר, דאָס רייכטהום גיט ניט קיין גליק, ווענדעז אָן אלע מיטעל צו בלייבען ביי דאָס, וואָס זיי רופען „זייערע". אָבער וואָרום יענע גרויסע מעהרהייט, אין די הענד פון וועלכע געפינט זיך טאקע די אמת'ע מאכט, וואָרום יענע גרויסע מעהרהייט, וועלכע רעכענט טאקע אז רייכטהום ברענגט גליק — וואָרום לעבט זי אין נויט און לאָזט זיך בעהערשען פון א מינאָריטעט?

אין דער אמת'ן, וואָרום זיינען די אלע וואָס זיינען אזוי שטארק מיט זייערע מוסקולען, מיט זייער קונסט אין די אלע פערשיעדענע מלאכות — די גרויסע צאָהל דער מענשהייט — וואָרום אונטערוואַרפען זיי זיך צו א קליין הייפעלע פון שוואַכינקע מענשען, וואָס זיינען מייסטענטהיילס ניט פעהיג, וואָרום אונטערוואַרפען זיי זיך צו פערצערטעלטע און אויסגעהולטאיעטע אלטע, און איבערהויפט צו פרויען.

געהט דורך א פאר יום־טוב פאר די פערשיעדענע קראָמען. איהר וועט בעמערקען, אז זיי אלע זיינען אָנגעפילט מיט פערשיעדענע טהייערע וואַרען — אויסשליסליך פאר פרויען; דער שטאָף, די קליידער, די קרייזלעך, די טהייערע שטיינער, די הויזציערונגען, די פוטערוואַרג א. ז. וו. דיעזע אלע זאכען קאָסטען מיליאָנען און מיליאָנען; דיעזע אלע זאכען זיינען געמאַכט געוואָרען אויף פאבריקען פון ארבייטער, וואָס פערלירען זייערע לעבענס דערביי, און דיעזע אלע זאכען טויגען גאָר ניט, ניט נאָר פאר די וואָס האָבען זיי געמאַכט, נאָר אפילו פאר רייכע מענער; דאָס זיינען אלץ זאבאַווקעס, פוץ־זאכען. לעבען פראָנט פון א רייכע הויז שטעהען פערשיעדענע קארעטען. ביין טהיר שטעהען שווייצאַרען אויסגעפוצט אין גאַלונען. די קוטשערס, אָנגעטהאָן אין טהייערע קליידער, זיצען אויפ'ן פראָנט פון די קאָטשען, און וועלכע עס זיינען איינגעשפאַנט פערד, וואָס האָבען אָבגעקאָסט טויזענדער. מיליאָנען ארבייטס־טעג זיינען אויסגעגעבען געוואָרען אויף די פאבריקאציאָן פון די פרעכטיגע געשפאַנען. אלטע, יונגע ארבייטער, מענער און פרויען האָבען זייערע לעבענס אוועקגעגעבען פאר די בעשאַפונג פון דיעזע אלע זאכען. און דיעזע אלע זאכען זיינען אין די הענד פון עטליכע הונדערט

פרויעז, וואָס לויפען ארום איבער די מאגאזינען, אום איינצוקויי־
פען דאָס אַלעס פון דער לעצטער, לעצטער מאָדע.

עטליכע הונדערט פרויען האָבען אין זייער מאכט צו טהאָן,
וואָס זיי ווילען מיט די פּראצע פון מיליאָנען ארבייטער, וואָס
האָרעווען, אום צו ערנעהרען זיך און זייערע פאמיליען. פון דעם
קאפּריז פון דיעזע פרויען העננט אָב דער שיקזאל, דער לעבען
פון מיליאָנען מענשען.

ווי אזוי האָט עס פּאסירט?

פארוואָס אונטערוואַרפען זיך די מיליאָנען שטארקע מענער,
וואָס האָבען אויפגעארבייט דיעזע אַלע זאכען, צו די עטליכע
הונדערט שוואכע ווייבער?

אָט פאָהרט צו אויף אַ פּאָר טהייערע פערד אַ פרוי אין אַ
סאמעטענעם פוטער און אַ הוט פון די לעצטע מאָדע. אַלעס איז
אויף איהר ניי און פון דעם טהייערסטען בעסטען סאָרט. דער
שווייצאַר טהוט זיך אַ וואָרף, ווי משוגע, צו עפענען די טהיר פון
איהר שליטען, און מיט גרויס עהרווירדיגקייט כאַפּט ער איהר
אונטער אונטער'ן עלענבויגען און זעצט איהר ארויס. זי געהט
איבער דעם פאַסאַזש, ווי איבער איהר קעניגרייך, זי געהט אַריין
אין מאגאזין און קויפט זיך פּאָר פינף טויזענד רובעל שטאָף
אויף דעם גאַסט־צימער, און הייסענדיג זיך עס צושיקען אַהיים,
געהט זי ווייטער. דיעזע פרוי איז שלעכט, נאַריש און זאָגאר
העסליך; זי האָט ניט קיין קינדער און טהוט גאָר ניט אין איהר
לעבען פאַר אַנדערע. ווארום־זשע דרעהען זיך ארום איהר ארום
אַזוי שקלאַפיש דער שווייצאַר, דער קוטשער און די אַנגעשטעלטע
אין מאגאזין? און ווארום איז דאָס אַלעס, איבער וואָס טויזענדע
מענשען האָבען געארבייט, געוואָרען איהר אייגענטהום? דערפאַר,
ווייל זי האָט דאָס געלד. און דער שווייצאַר און דער קוטשער און
די אַנגעשטעלטע דאַרפען דאָס געלד, אום צו ערנעהרען זייערע
פאמיליען.

און ווי קומט דאָס געלד צו דיעזע פרוי? דאָס געלד האָט זי
דארום, ווייל די מענשען וואָס זיינען פערטריבען געוואָרען פון
לאַנד און אָבגעוועהנט זיך פון יעדע ארבייט, אויסער די וועבעריי
אויף די פאַבריקען, לעבען אויף די פאַבריק פון איהר מאַן. איהר

מאַן גיט זיי נור אַזוי פיעל, וויפיעל עס איז נויטיג פאַר זייער ערנעהרונג, און אַלע פּערדיענסטען פון דער פאַבריק, עטליכע הונדערט טויזענד נעהמט ער צו פאַר זיך, און ניט וויסענדיג וואו מען טהוט זיי אהין, גיט ער זיי געגעבען אַוועק זיין פרוי, אַז זאָל זי מיט זיי טהאָן, וואָס איהר פערגלוסט זיך.

און אַט איז אַ צווייטע באַרינע אין נאָך אַ פּרעכטיגערען עקיפּאַזש, אין נאָך אַ שעהנערע קלייד, קויפט פערשיעדענע נויטיגע און ניט־נויטיגע זאַכען אין פערשיעדענע מאַגאַזינען. פון וואַנען האָט זי דאָס געלד? דיעזע איז די סאָדערזשאַנקע, די ליובאָווניצע פון דעם רייכען לאַנד־אייגענטהימער. ער האָט אַלס זיין אייגענס צוואַנציג טויזענד דעסיאַטינעס לאַנד, וואָס איז געשענקט געוואָרען זיין עלטער־זיידען פון דער הולטאַיקע, די צאַריצאַ. דיעזער לאַנד־בעזיצער גיט אַוועק זיין לאַנד צו די בויערען, וועלכע לעבען דאָרט, צו 17 דאָלאַר אַ דעסיאַטינע. די בויערען צאָהלען דאָס געלד דארום, ווייל אָהן ערד וואָלטען זיי געשטאָרבען פון הונגער. און דיעזעס געלד איז איצט אין די הענד פון דער ליובאָווניצע זיינער, און פאַר דיעזע געלד קויפט זי עס די זאַכען, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרען פון די מענשען, וואָס זיינען מיט געוואַלט פערטריבען געוואָרען פון לאַנד אין די פאַבריקען אריין.

און אַט געהט נאָך אַ דריטע פרוי מיט איהר מאַמע און חתן. זי געהט באַלד חתונה האָבען און קויפט זיך בראָנז און טהייערע געשיר. דיעזע האָט געלד פון איהר טאַטען, אַ וויכטיגען טשינאָווניק, וואָס קריגט צוועלף טויזענד רובעל געהאַלט. נדן גיט ער זיין טאָכטער זיעבען טויזענד. דיעזעס געלד איז צוזאַמענגעקליבען געוואָרען פון אויסערליכע און אינערליכע טאַקסעס און אַלץ פון די בויערען. אַט די זעלבע טאַקסעס האָבען געצוואונגען דעם שווייצאַר, וואָס עפענט די טהירען (ער איז אַ מוזשיק פון קאַ־לוגער גובערניע, אין דער היים זיינען איהם פערבליבען אַ פרוי און קינדער) און דעם קוטשער (דיעזער איז פון טולסקער גובערניע), ווי אויך הונדערטע און טויזענדע און מיליאָנען אַנדערע מענשען, וואָס אַרבייטען אַלס דיענער און אין די פאַב־ריקען — אַוועקצולאָזען זיך פון זייער געבורטס־פּלאַץ, און טהאָן

די ארבייט, וואָס ווערט פערברויכט פון די פרויען, וואָס האָבען געקראָגען דאָס געלד, וועלכעס איז געזאַמעלט אַלס פּראָפיט פון די פאַבריקען, פון לאַנד אָדער פון טאַקסעס, פון דעם פאַבריקאַנט, דעם לאַנד־בעזיצער און דעם טשינאָווניק.

אַלזאָ, מיליאָנען ארבייטער אונטערוואַרפען זיך דיעזע שוואַכע פרויען דארום, ווייל איין מענש האָט אריינגעכאַפּט די פאַבריקען, אויף וועלכע מענשען ארבייטען, א צווייטער האָט פערכאַפּט די ערד, און דער דריטער האָט פערכאַפּט די טאַקסעס, וועלכע ווערען גענומען און ווידער פון די ארבייטער. אָט דערפון איז ארויסגעקומען דאָס, וואָס מיר איז אויסגעקומען צו זעהן אָרום די אייזען פאַבריק.

די בויערען האָבען געאַקערט א פרעמדע פעלד דארום, ווייל זיי האָבען ניט גענוג א י י ג ע נ ע ערד. און דער, וואָס איז דער בעזיצער פון דער ערד, ערלויבט זיי צו בענוצען זיך מיט איהר נור דאַן, ווען זיי זאָלען ארבייטען אויף איהם. די שטיין־קלאַפּער האָבען געשלאָגען די שטיינער, ווייל נור אויף אזא אופן קענען זיי בעצאָהלען די טעקסעס, וואָס מען פאָדערט פון זיי. אויפ'ן פאַבריק און אין די מינען האָבען מענשען געארבייט דארום, ווייל אי די ערד, פון וועלכע זיי נעהמען ארויס דעם אייזען, אי די פאַבריק, אויף וועלכע זיי גיסען דעם אייזען, געהערט ניט צו זיי.

דיעזע אַלע ארבייטער ארבייטען א זעהר שווערע פרעמדע ארבייט דארום, ווייל די רייכע האָבען פערכאַפּט די ערד, צווינגען מען זאָל זיי צאָהלען טעקסעס און האָבען אַלע פאַבריקען אין זייער מאכט.

.4

פאַר וואָס זשע האָט די לאַנד ניט דער, וואָס ארבייט אויף איהר, נור דער, וואָס ארבייט ניט? פאַר וואָס בענוצט זיך א קליינע צאָהל מענשען מיט די טאַקסעס, וואָס ווערען גענומען פון אַלע און ניט די, וועלכע צאָהלען זיי? פאַר וואָס האָבען די פאַבריקען ניט די, וועלכע האָבען זיי אויפגעבויט, נור א קליי־נינקע צאָהל מענשען, וועלכע האָבען זיי ניט אויפגעבויט און ארבייטען ניט אויף זיי?

אויף די פראגע: „פאר וואס האבען די ניט־ארבייטענדע די לאנד פון די, וואס ארבייטען“, איז דער געוועהנליכער ענטפער, דאס עס קומט דערפון, וואס די לאנד איז זיי געשענקט געווארען פאר וועלכע עס איז מעשים טובים אדער זיי האבען זי געקויפט פאר געלד, וואס זיי האבען פערדיענט. אויף די פראגע: „ווארום נור א קליינע צאהל מענשען פערברויכט די טאקסעס, וואס ווערען געזאמעלט פון אלע“, איז דער געוועהנליכער ענטפער, אז דאס איז דערפאר, ווייל די מענשען וואס נעהמען די טאקסעס פון פאלק פאר זיך, רעגיערען דערפאר איבער איהם, בעשיצען איהם און זעהען צו, אז עס זאל הערשען ארדנונג. אויף די פראגע: „ווארום האבען ניט די פאבריקען די, וואס האבען זיי אויסגע־בויט און ארבייטען אויף זיי“, איז דער תירוץ דער, דאס דיעזע פאבריקען, דיעזע ווערקצייג האבען אדער די פאבריקאנטען אליין פערדיענט, אדער זיי האבען עס געקראגען בירושה פון זייערע עלטערען.

און אלע דיעזע מענשען — די לאנד־אייגענטהימער, די פאבריקאנטען, און די רעגיערונגס־בעאמטע, גלויבען גאנץ ערנסט, דאס זייער בעזיצטהום איז א גאנץ גערעכטע זאך — דאס זיי האבען א רעכט אויף זייער אייגענטהום.

אבער דער אמת איז, אז די אלע פרעטענזיעס אויף אייגענ־טהום פון לאנד, טעקסעס און ארבייטס־מיטעל, זיינען פאלשע.

דער בעזיץ פון לאנד פון די, וואס בעארבייטען איהר ניט, איז ניט גערעכט צוליעב דעם, ווייל די ערד, ווי וואסער, ווי לופט, ווי די זונען־שטראהלען, איז א נויטווענדיגקייט פיר דעם לעבען פון יעדען מענשען און דארום קען זי ניט ווערען דער אויס־שליסליכער אייגענטהום פון איינעם.

ווען די ערד — און ניט די וואסער, די לופט אדער די זונען־שטראהלען — איז יא געמאכט געווארען פאר א זאך פון אייגענטהום, איז דאס ניט צוליעב דעם, ווייל די ערד איז ניט אזוי נויטיג פאר דעם לעבען פון מענשען, נור ווייל אוועקרויבען פון מענשען די לופט און די זונען־שטראהלען איז געווען אונ־מעגליך; צו בערויבען זיי אבער פון דעם געברויך פון דער ערד איז יא געווען מעגליך.

לאנד־אייגענטהום, ווי זי איז געקומען דורך געוואלד (דורך מלחמות האָט מען צוגענומען די לאנד און ד'ערנאָך האָט מען איהר פונאנדערגעשענקט אָדער פערקויפט) אזוי איז זי אויך פערבליבען, אונגעאכטעט אויף פערשיעדענע מיטלען צו מאכען דערפון א רעכט, און ניט א געוואלט־אקט פון דעם שטאַרקען און בעוואפענטען איבער דעם שוואכען און אונבעוואפענטען.

זאָל א מענש, וואָס בעארבייט דאָס לאנד, איבערטרעטען דיעזעס איינגערעדטע רעכט, זאָל ער אָנפאנגען אקערען דאָס לאנד, וואָס ווערט געהאלטען פאר דאָס אייגענטהום פון א צווייטען, און באלד וועט קומען דיעזעס פאלשע רעכט אין דער געשטאלט פון א פּאָליציימאן, און שפּעטער פון א סאָלדאט, וועלכע וועלען שטעכען און שיסען די, וועלכע זאָלען זיך וועלען בענוצען מיט זייער ווירקליכען רעכט: „צו ערנעהרען זיך פון זייער בעארבייטונג פון דער ערד“. הייסט עס, אז דאָס וואָס מען רופט איצט לאנד אייגענטהום, איז נור א פערגעוואלדיגונג איבער די אַלע מענשען, וועלכע קענען זיך נויטיגען אין דיעזע לאנד. דאָס רעכט אויף די ערד איז עהנליך צו דעם רעכט אויפ'ן וועג, וועלכען רויבער האָבען פערכאפּט און לאָזען קיין מענשען ניט דורך אָהן אַן אויסקויף.

נאָך ווענינער קען מען געפינען עטוואָס עהנליכעס צו א בערעכטיגונג פאר דעם צווינגען מיט געוואלד צו צאָהלען טאקסעס. מען זאָגט, אז די טאקסעס ווערען פערברויכט אויף די בעשיצונג פון דער רעגיערונג פון אויסערליכע שונאים, פאר די אויפהאלטונג פון די אינערליכע אָרדנונג און פאר די אויפ־האלטונג פון די אַלע נויטיגע עפענטליכע איינריכטונגען.

אָבער, ערשטענס, זיינען אויסערליכע שונאים שוין ניטאָ פון א זעהר לאנגער, לאנגער צייט, ווי די רעגיערונגען אליין ערקלעהרען אונז: זיי אַלע פערזיכערען זייערע פעלקער, דאָס זיי פערלאנגען פריעדען. דער דייטשער אימפּעראטאָר פערלאנגט פריעדען, די פראנצויזישע רעפּובליק פערלאנגט פריעדען, ענג־לאנד פערלאנגט פריעדען און רוסלאנד פערלאנגט אויך דאָס זעלבע. די טראנסוואאלער און די כינעזער ווילען דאָך אודאי פריעדען. טו פון ועמען דארף מען זיך דאָ בעשיצען?

צווייטענס, אום אוועקצוגעבען געלד אויף די אויפהאלטונג פון אָרדנונג און פאַר די אַלע נויטיגע עפענטליכע איינריכטונגען, דאַרף מען דאָך זיין זיכער, דאָס די מענשען, וועלכע נעהמען זיך אונטער דאָס צו טהאָן, וועלען דאָס טאַקע טהאָן, דאָס די אָרדנונג וועט טאַקע זיין ווירקליך אַ גוטע, און די אַלע עפענטליכע איינ־ריכטונגען וועלען טאַקע זיין אמת־נויטיג. ווען אָבער, ווי דאָס איז דער פאַל שטענדיג און אומעטום, די וואָס צאָהלען די טאַקסעס זיינען גאַר ניט זיכער, אַז זייער געלד געהט אויף אַ גוטע זאַך, ווען זיי גלויבען גאַר ניט אין די עהרליכקייט פון די מענשען, וואָס געהען מאַכען די אָרדנונג פאַר זיי, און ווען, אויסער דעם, האַלטען זיי גאַר די אָרדנונג פאַר שלעכט און די אַלע עפענטליכע איינריכטונגען זיינען גאַר ניט אַזעלכע, ווי די בעצאָהלער פון די טאַקסעס וואָלטען עס געוואָלט, איז עס דאָך אויגענשיינליך, דאָס די זאַמלונג פון די טאַקסעס איז שוין ניט מעהר קיין רעכט, נור אַן איינפאַכע פערגעוואַלדיגונג פון רעכט.

איך געדענק אַ קלוגען וואָרט פון אַ רוסישען מוזשיק. ער האָט געהאַלטען פאַר גערעכט ניט צו געבען קיין טאַקסעס אויף זאַכען, צו וועלכע זיין געוויסען האָט ניט מסכים געווען; און ווען מען פלעגט צו איהם קומען מאָהנען זיין טהייל טאַקסעס, פלעגט ער פרעגען, אויף וואָס דאָס געלד געהט, ערקלעהרענדיג: „אויב מיין געלד געהט אויף אַ גוטע זאַך, וועל איך גלייך געבען ניט נור דאָס, וואָס איהר פאָדערט, נור נאָך מעהר; אויב אָבער מיין געלד זאָל געהן אויף דאָס, וואָס איך דענק, איז שלעכט, קען איך ניט געבען, און איך וועל אייך פרייוויליג קיין קאָפּיקע ניט געבען.“

עס פערשטעהט זיך, אַז מען האָט מיט איהם ניט לאַנג גערעדט, און מען האָט אויפגעבראָכען זיינע טויערען, מען האָט ארויסגעפיהרט זיין איינציגע בהמה און מען האָט איהר פערקויפט פאַר טאַקסעס. הייסט עס דאָך, אַז די אמת'ע אורזאַכע פון די טאַקסעס איז נור איין און איינציגע — די מאַכט וועלכע קלייבט זיי אויף — די מעגליכקייט צו בערויבען די, וואָס גיבען ניט מיט גוטען און צו שלאָגען, ארעסטירען און בעשטראָפען די, וואָס ווילען ניט פאָלגען.

דאָס, וואָס אין ענגלאַנד, פראַנקרייך, אַמעריקא און אין אַלגעמיין, אין די קאָנסטיטוציאָנעלע שטאַאַטען ווערען די טאַקסעס בעשטימט פון פּאַרלאַמענט, ד. ה. פון די פאַלש צוזאַמענגעקליבענע פאָרשטעהער — דאָס ענדערט ניט פיעל דעם תוך פון דער זאַך, ווייל די וואהלען זיינען שוין אַזוי געמאַכט, דאָס די מיטגליעדער פון פּאַרלאַמענט שטעלען מיט זיך ניט פאָר דאָס פאָלק, נור געהערען צו די פּאָליטיקער; און טאָמער, ביז זיי זיינען אריין אין פּאַרלאַמענט, זיינען זיי ניט געווען קיין פּאָליטיקער, ווערען זיי עס אַזוי שנעל, ווי זיי ווערען פּאַרלאַמענטס־מיטגליעדער. זיי זיינען שוין פון דאַן אָן פערנומען מיט זייערע אייגענע קליינע אינטערעסען, מיט זייער פּערזענליכע עהרען־ליעבע און מיט די אינטערעסען פון די געגנערישע פּאַרטייען.

פּונקט אַזוי וועניג קען מען בעווייזען די גערעכטיגקייט פון דעם פּאַלשען רעכט פון אייגענטהום פון די, וואָס אַרבייטען ניט אויף די אַרבייטס־פּרוכט פון אַנדערע מענשען.

דיעזעס רעכט פון אייגענטהום, וואָס מען רופט זאָגאַר „היילינגעס רעכט“ ערקלעהרט מען דערמיט, וואָס אייגענטהום איז דער רעזולטאַט פון שפּאַרזאַמקייט און פון אַרבייטזאַמקייט, וואָס ברענגט זעהר פיעל נוצען די מענשען. און דאָך, מען דאַרף נור אויפמערקזאַם בעטראַכטען די אָבשטאַמונג פון די אַלע גרויסע פערמעגענס, אום מען זאָל זיך איבערצייגען, אַז די מעשה איז פּונקט קאַפּויר.

גרויסע פערמעגענס ווערען געוועהנליך אָדער דורך געוואַלד — דאָס איז זעהר אַ געוועהנליכע אורזאַכע — אָדער פון גרויסע קאַרגשאַפט, אָדער פון אַ גרויסען שווינדעל אָדער פון אַ שטענדיגען בעטרוג, ווי דער, וועלכער ווערט אימער פּראַקטיצירט פון געשעפטס־לייט. וואָס זיטליכער דער מענש איז, דאָס זיכערער וועט ער פערלירען דעם פערמעגען, וואָס ער האָט; וואָס אונזיטליכער, דאָס זיכערער וועט ער זיך מאַכען און אויפהאַלטען אַ פערמעגען. אַ פאָלקס־וואָרט זאָגט, דאָס פון עהרליכע אַרבייט קען מען זיך ניט מאַכען קיין פּאַלאַצען, — דאָס פון דער אַרבייט ווערט מען ניט רייך, נור מען קריגט אַ האָרב. און אַזוי איז עס טאַקע אַלע מאָל געווען און אַזוי איז עס נאָך מעהר איצט, ווען

די צוטהיילונג פון די רייכטהימער איז אויסגעפיהרט געוואָרען אויף דעם אונעהרליכען אופן. ווען מען קען שוין צוגעבען, דאָס אין די ערשטע מענשליכע געזעלשאפט האָט אַ מעהר שפּאַרזאַמער און מעהר אַרבייטזאַמער געקאָנט מעהר האָבען פאַר דעם, וואָס איז ניט שפּאַרזאַם און ניט אַזוי אַרבייטזאַם, קען מען עס אָבער פאַר קיין פאַל ניט זאָגען וועגען אונזער געזעלשאַפט. ווי שפּאַרזאַם עס זאָל ניט זיין איצט אַ מענש, וואָס בעאַרבייט פרעמדע לאַנד, וואָס קויפט אַלעס, וואָס איז נויטיג פאַר איהם, אויף פרייזען, וועלכען מען בעשטימט פאַר איהם, וועט ער קיינמאָל קיין רייכטהום זיך ניט ערווערבען. אַ מענש אָבער, וואָס איז גאָר ניט שפּאַרזאַם, אַ פוילענצער, ווי מיר זעהען עס אויף טויזענדע פון מענשען, וועלכער וועט נור ווערען אַ שטיקעל טשינאָווניק, אָדער וועט ווערען אַ פּראָצענטניק, אַ פאַבריקאַנט, אַ האַלטער פון אַ באָרדעל, פון אַ באַנק, פון אַ שענק, — אַזאַ מענש וועט גאָר גיך ווערען באַלד אַ רייכער מענש.

די געזעצע, וועלכע כלומרשט בעשיצען אייגענטהום, בעשיצען נור דעם אָנגעראַבירטען אייגענטהום, וואָס געפינט זיך שוין אין די הענד פון די רייכע; און ניט נאָר בעשיצען זיי ניט די אַרבייטער, וואָס האָבען ניט קיין אייגענטהום אויסער זייער אַרבייט, נאָר זיי העלפען נאָך בעסער צו בערויבען זיי פון זייער אַרבייט.

.5

מיר זעהען אַ גרויסע, אַ זעהר גרויסע צאָהל פון רעגיערער: דעם צאַר, זיינע ברידער, פעטער, מיניסטאָרען, ריכטער, פּריסטער, וועלכע קריגען זעהר גרויסע געהאַלטען, וואָס ווערען גענומען פון פאָלק, און וועלכע ערפילען ניט אפילו די לייכטע פערפליכטונגען, וועלכע זיי האָבען זיך אונטערנומען צו טהאָן פאַר דיעזע בעלוינונג. איז עס דאָך אייגענטליך דאָס זעלבע, ווי זיי בע'גנב'ענען דאָס פאָלק, וועלכעס האַלט זיי אויף אין זייער גרויסאַרטיגען לעבען, און דאָך פאַלט גאָר קיינעם ניט איין צו משפּט'ן זיי.

ווען אָבער דער אַרבייטער בענוצט זיך מיט אַ טהייל פון די

געלד, וואָס דיעזע מענשען קריגען אָדער מיט די זאכען, וואָס דיעזע מענשען קויפען פיר דאָס אַנגעראַבירטע געלד, ווערט עס גערעכענט, דאָס ער האָט בעגאַנגען אַ פערברעכען אָן די הייליג־קייט פון אייגענטהום, און פאר דיעזע פּאָר גראָשען, מיט וועלכע ער האָט זיך בענוצט, משפּט מען איהם, מען פערשפּאַרט איהם אין געפענגניס, אָדער מען פערשיקט איהם גאָר נאָך סיביר.

דער פאַבריקאַנט־מיליאָנער פערפליכטעט זיך צו געבען דעם ארבייטער פאר זיין ארבייט אַ בעלוינונג, וועלכע שטעלט מיט זיך פּאָר איין צעהנט־מיליאָנדיגע טהייל פון זיין פערמעגען, ד. ה. כמעט ווי גאָר ניט. דער ארבייטער אָבער פערפליכטעט זיך אויס נויט, צו געבען דעם גאַנצען יאָהר, אויסער יום טוב, אַ צוועלף־שטונדיגע, געפעהרליכע, אַ שעדליכע פאר זיין געזונד, ארבייט, ד. ה. ער פערפליכטעט זיך אוועקצוגעבען דעם פאַבריקאַנט דעם גרעסטען טהייל פון זיין לעבען, און פיליימט אויך דעם גאַנצען לעבען.

דער פאַבריקאַנט אַלזאָ גנב'עט פון יאָהר צו יאָהר ביי דעם ארבייטער די גרעסטע טהייל פון זיין פערדיענסט און מאכט עס פאר זיין אייגענס. דאכט זיך, האָט דאָך דער פאַבריקאַנט פאר אזא אָפענעם רויב בעדאַרפט בעשטראָפט ווערען, אָבער ניין, די רעגיערונג האלט אזא ערוואָרבענעם פערמעגען פאר הייליגען אייגענטהום, און זי בעשטראָפט דעם ארבייטער, וואָס האָט אוועקגעטראָגען אונטער'ן פּאָלע צוויי פונט קופּער, וואָס זיינען אַ מיליאָרד־טהייל פון דעם אייגענטהום פון פאַבריקאַנט.

זאָל נור דער ארבייטער, ווי דאָס ווערט פּראַקטיצירט אמאָל ביי די אידישע פּאָגראָמען, אָבנעהמען אַ טהייל נור פון דעם רייכען פון דעם, וואָס מען נעהמט ביי איהם אוועק געזעצליך; זאָל נור פּרובירען דער הונגעריגער, ווי דאָס האָט פּאַסירט ניט לאַנג אין מילאַן, נעהמען דעם ברויט, וועלכען מען פערקויפט צו זעהר הויכע פּרייזען, בענוצענדיג זיך מיט דעם ארבייטער'ס הונגער; זאָל נאָר דער ארבייטער דורך אַ סטרייק וועלען אָבנעה־מען אַ טהייל בלויז פון דאָס, וואָס מען האָט ביי איהם אוועקגע־נומען — בעגעהט ער גלייך אַ פערברעכען געגען די הייליגקייט פון אייגענטהום און די רעגיערונג מיט איהר ארמעע קומט באלד

צו הילף דעם לאנד־בעזיצער, דעם פאבריקאנט, דעם געשעפטס־מאן געגען דעם ארבייטער. דערפון איז לייכט צו פערשטעהן, אז דיעזעס רעכט, אויף וועלכען די רייכע גרינדען זייער בעזיץ פון לאנד, זייער קלייבען טעקסעס, און זייער האבען די ארבייטס־פרוכט פון די וואס ארבייטען, האט גאר ניט געמיינשאפטליכעס מיט גערעכטיגקייט. אלעס, וואס זיי האבען, האט נור איין קוואל, און דאס איז די געוואלד, וועלכע ווערט אנגעווענדעט פון זיי דורך זייערע ארמעען.

זאל דעם ארבייטער איינפאלען צו בעאקערען דאס לאנד, וואס איז איהם נויטיג אום זיך צו ערנעהרען; זאל ער ניט וועלען צאהלען קיין טעקסעס; זאל ער וועלען נעהמען דאס ברויט, וואס ער האט אליין געשאפען, אדער די ארבייטס־אינ־סטרומענטען, אהן וועלכע ער קען ניט ארבייטען — וועט גלייך קומען די ארמעע און וועט מיט געוואלד שטערען איהם אין דעם.

דאס אלעס פיהרט אונז צום שלוס, אז דאס, וואס דער בויער האט ניט דאס לאנד, מוז צאהלען טאקסעס, און איז אונטערוואָרפען דעם קאפיטאליסט איז ניט די גרונד אורזאכע פון זיין שלעכטע לאגע, נור א פאלגע. די גרונד־אורזאכע איז די, דאס מיליאנען ארבייטער לעבען און ארבייטען אויף דעם וואונש פון א גאנץ קליינע מינאָריטעט. די אורזאכע איז ניט די, וואס די ווענינגע מענשען האבען פערכאפט די ערד, די ארבייטס־מיטעל און נעהמען טאקסעס, — נור, דאס זי ק ע ן עס טהאן, דאס עס איז דא געוואלד, אן ארמעע, וואס געפינט זיך אין די מאכט פון די ווענינגע, און וועלכע איז פערטיג צו טויטען די, וואס ווילען ניט ערפילען דעם ווילען פון דער מינדערהייט.

ווען די בויערען ווילען האבען דאס לאנד, וועלכע ווערט איצט בעטראכט אלס דער אייגענטהום פון דעם ניט־ארבייטענ־דען מענשען; אדער ווען א מענש וויל ניט בעצאהלען קיין טאקסעס; אדער ווען סטרייקערס ווילען שטערען אנדערע צו פערנעהמען זייערע פלעצער, — קומען די זעלבע בויערען, ביי וועלכע מען האט דאס לאנד אוועקגערויבט, די זעלבע צאהלער פון טאקסעס און די זעלבע ארבייטער, נור דיעזעס מאל שוין אנגעטהאן אין מונדירען מיט ביקסען אין די הענד און צווינגען

זייערע ברידער — די, וואָס זיינען ניט אין מונדירען — אוועק־צוגעהן פון לאנד, צו בעצאָהלען די צינזען און אויפצוהערען צו סטרייקען.

ווען איהר וועט עס פערשטעהן צום ערשטען מאָל, וועט איהר אליין ניט גלויבען, ווי ווילד־משוגע דאָס איז. די ארבייטער ווילען זיך בעפרייען און די ארבייטער אליין צווינגען זיך אונטערצוגעבען און צו בלייבען אין שקלאַפעריי.

פאר וואָס זשע טהוען זיי דאָס ?

אָט צוליעב דעם, וואָס די ארבייטער, וועלכע ווערען גענומען אָדער געדונגען פאר סאָלדאַטען, ווערען אונטערוואָרפען א נאָר קונציגען פראָצעס פון פערטומלונג און פערדארבונג, און דאן, ווען מען האָט זיי שוין גענוג פערטומעלט און קאָרומפירט, קענען זיי ניט ניט פאָלגען בלינד זייערע נאטשאלניקעס, וואָס מען זאָל זיי ניט הייסען טהאָן.

דאָס ווערט געטהאָן אויף אזא אופן : עס ווערט געבאָרען א אינגעל אין דאָרף אָדער שטאָדט. ווי נאָר דער אינגעל דערגרייכט דעם עלטער, ווען די קראפט, געשווינדקייט און פלינקייט דערגרייכען די העכסטע שטופע און די אינערליכע, גייסטיגע קרעפטען געפינען זיך נאָך אין א זעהר דונקלען, אונבעשטימטען צושטאנד (ארום א יאָהר צוואנציג), נעהמט מען דיעזען אינגעל פאר א סאָלדאט, מען קוקט איהם ארום, ווי אן ארבייטס־פיה, און ווען ער איז פיזיש געזונד און שטארק, גיט מען איהם אָב פאר א סאָלדאט און מען צווינגט איהם צו שווערען פייערליך, דאָס ער וועט אין אלעם פאָלגען זיינע נאטשאלניקעס ; דאן רייסט מען איהם אוועק פון זיין היים, פון זיינע אלע פריהערדיגע פערהעלטניסע, מען ניט איהם צו זויפען בראנפען אָדער ביר, מען טהוט איהם אָן אין קאָלירטע קליידער און צוזאמען מיט נאָך אזעלכע אינגלעך ווערט ער איינגעשלאָסען אין קאזארמעס, וואו אין פאָלשטענדיגער פוילענצעריי (ד. ה. ניט טהוענדיג קיין ניצליכע און פערנינפטיגע ארבייט) לערענט מען איהם די אלע אונזיניגע סאָלדאטסקע לעהרען, די נעמען פון די וואפען, און זייער געברויך צו טויטען. הויפטזעכליך לערענט מען איהם צו פאָלגען ווי א מאשין דאָס, וואָס דער נאטשאלניק הייסט. אזוי

איז עס אין די לענדער, וואו עס איז דאָ מיליטער־פליכט. און דאָרט, וואו זי איז ניטאָ, האלט מען שוין אויף די מענשען, וועמעס ארבייט איז אויפצוזוכען מענשען, וואָס האָבען זיך פער־דרעהט, וואָס קענען ניט, אָדער ווילען ניט לעבען פון עהרליכע ארבייט, מייסטענטהיילס שטארקע אָבער פערדאָרבענע מענשען, מען מאַכט זיי שכור, מען קויפט זיי אונטער, און מען נעהמט זיי פאר סאָלדאטען, מען פערשליסט זיי אין די קאזארמען און מען מושטירט זיי אויף דעם אויבען בעשריבענעם אופן. די הויפט־אויפגאָבע פון די נאטשאלניקעס איז צו ברענגען דיעזע מענשען צו דעם צושטאנד פון יענע זשאָבע, וועלכע מוז אַ ציה טהאָן מיט'ן פיסעל, ווי מען ריהרט איהר נאָר אָן. אַ גוטער סאָלדאט איז דער, וועלכער, ווי יענע זשאָבע, אויף געוויסע געשרייען פון דעם נאטשאלניק, ענטפערט גאנץ אונבעוואוסט מיט דער געפאָ־דערטער בעוועגונג. דיעזעס ווערט דערגרייכט דאדורך, וואָס דיעזע אונגליקליכע מענשען, אלע אָנגעטהאָן אלץ איינס, צווינגט מען פאר וואָכען, מאָנאטען און יאָהרען לאנג — אונטער דעם קלאנג פון מוזיק — צו געהן, צו דרעהען זיך, צו שפרינגען אלע צוזאמען, אין איין מאָל — נאָך דעם בעפעהל. פיר יעדעס מאָל ניט פאָלגען בעשטראָפט מען אויף דעם גרויזאמסטען אופן, זאָגאר מיט טויט. דערביי שכרות, הולטאיסטוואָ, פוילענצעריי, ניבול פה און מאָרד, ניט נור וואָס זיי ווערען ניט פערוועהרט, נאָר פער־קעהרט, זיי ווערען נאָך גוטגעהייסען. די סאָלדאטען פאָיעט מען מיט בראנפען; מען בויט פאר זיי באָרדעלען, מען לערענט זיי שמוציגע ליעדער, און מען מושטירט זיי צו זיין גוטע מערדער (דער מאָרד צווישען דיעזע מענשען ווערט בעטראכט פאר אזא גוטע זאַך, דאָס עס ווערט געפאָדערט פון די אָפיצערען אין געוויסע פעלע צו ערמאָרדען דעם בעסטען פריינד. דיעזער סאָרט מאָרד רופט זיך מיט דעם נאָמען דועל). אָט אויף אזא אופן ווערט דער שטילער, גוטמוטהיגער אינגעל, ווען ער איז שוין אָבגעוועזען אַ יאָהר אין דיעזער שולע — פאר אַ יאָהר איז נאָך דער סאָל־דאט רויה, גרין, ד. ה. ער האָט נאָך אין זיך עטוואָס מענשליכ־קייט — אַן אונזיניגער, אַ גרויזאמער, אַ מעבטיגער און אַ

שרעקליכער ווערקצייג פון געוואלד אין די הענד פון זיינע נאטשאלניקעס.

.6

יעדעס מאָל ווען איך געה פערביי ווינטער־צייט לעבען דעם קייזערליכען הויף, און זעה ביי דער בודקע שטעהן דעם יונגען סאָלדאט, וועלכער, אין זיין שווערען פעלץ, שטעהט אָדער געהט איבער'ן טראָטואר, האלטענדיג אויפ'ן אקסעל דעם נייעס־טען ביקס, מיט א פערשארפטען שפיז, קוק איך איהם אימער אין די אויגען, און יעדעס מאָל דרעהט ער זיך אימער אוועק פון מיין בליק, און יעדעס מאָל קלעהר איך מיר: אָט איז דאָך דיעזער מיט א יאָהר אָדער צוויי צוריק געווען א לוסטיגער דאָרפס־בחור — א נאטירליכער גוטמוטהיגער יונג, וועלכער וואָלט אימער מיט מיר גערעדט אויף גוט רוסיש, וואָלט מיר דערצעהלט, ווי עס לעבט זיך איהם; איצט אָבער קוקט ער אימער אויף מיר בייז און פינסטער; אויף אלע פראגען קען ער נור ענטפערען: „טאַק טאָטשנאָ" און „ניע מאָגו זנאט". ווען איך — וואָס מיר ווילט זיך אימער טהאָן — זאָל צוגעהן צו די טהיר, ביי וועלכע ער שטעהט, אָדער זאָל א כאפּ טהאָן זיך מיט'ן האנד פאר זיין ביקס, וואָלט ער דאָך קיין מינוט ניט געקלעהרט און וואָלט מיר דורכ־געשטאָכען מיט'ן שפיעז דעם בויך, וואָלט ארויסגעשלעפּט דעם שפּיז פון וואונד, וואָלט אָבגעווישט די בלוט, און וואָלט ווייטער נעגאנגען אָדער געשטאנען, ווי א ליימענער גולם, ביז אן אנדע־רער וואָלט איהם ניט געקומען איבערבייטען, איבערגעבענדיג איהם אויפ'ן אויער דעם פּאס־וואָרט.

און דאָס איז דאָך ניט דער איינציגער, קלעהר איך מיר. אזעלכע כמעט נאָך קינדער אומגעוואנדעלטע אין מאשינען און בעוואפענט מיט ביקסען, זיינען דאָך דאָ זייערע טויזענדער אין מאָסקווא אליין. איבער גאנץ רוסלאנד און איבער דער גאנצער וועלט ווערען זיי דאָך געצעהלט אין די מיליאָנען. אָט האָט מען גענומען דיעזע אונדענקענדע אָבער שטארקע און פלינקע קינדער, מען האָט זיי פערדאָרבען, אונטערגעקויפט, און דורך זיי הערשען א קליין צאָהל מענשען איבער דער גאנצער וועלט. דאָס איז דאָך

שרעקליך. עס איז שרעקליך, וואָס שלעכטע מענשען, דורך דיעזע אָבגענארטע מענשען, האָבען אין זייער מאכט די אַלע פּאַלאַצען און דעם גאַנצען רייכטהום, וואָס איז די גערויבטע פּראַצע פון גאַנצען פאָלק. נור נאָך שרעקליכער איז דאָס, וואָס, אום דאָס אויסצופיהרען, האָבען זיי נעמאַכט פאַר בייזע חיות איינפאַכע, גוטע קינדער, און האָבען עס טהיילוויז דערגרייכט.

זאָלען די רייכע אַליין פערטהיידיגען זייער רייכטהום! דאָס וואָלט ניט געוועזען אַזוי עקעלהאַפט. אָבער שרעקליך איז דאָס, וואָס אום צו ראַבירען מענשען און צו פערטהיידיגען דאָס אָנגע־רויבטע, געברויכען זיי גערעדע די זעלבע, וועמען זיי בערויבען.

אַלזאָ די, וואָס צווינגען און פערגעוואַלדיגען די אַרבייטער, זיינען דאָס די אַרבייטער זעלבסט. און דאָס קומט דערפון, ווייל עס איז דאָ אַזאַ מיטעל, דורך וועלכען מען קען מאַכען פון מענ־שען אונפּיהלענדע ווערקצייג פון מאָרד, און די רעגיערונג, נעה־מענדיג סאָלדאַטען, געברויכען דיעזען שרעקליכען מיטעל.

7.

נון, קומט די פראַגע: „פאַר וואָס אָבער געהען די מענשען פאַר סאָלדאַטען? פאַר וואָס לאָזען עס זייערע עלטערען צו, אַז זייערע קינדער זאָלען עס טהאָן?"

זיי האָבען געקענט געהן פאַר סאָלדאַטען און אונטערוואַר־פען זיך די דיסציפּלינע, ביז זיי האָבען ניט געזעהן, וואָס דערפון קומט אַרויס; אָבער איינמאָל אַז זיי האָבען עס דערזעהן, וואָרום אונטערוואַרפען זיי זיך נאָך אימער דיעזען שווינדעל?

דאָס קומט דערפון, וואָס זיי האַלטען דעם מיליטער־דיענסט ניט נאָר פאַר אַ ניצליכע, נאָר אויך פאַר אַ זעהר עהרווירדיגע און גוטע זאַך. און זיי האַלטען די מיליטער־דיענסט פאַר אַ גוטע זאַך, ווייל אַזוי ווערט אריינגעדרילט אין זייערע קעפּ פון קינד־וויז אויף, דיעזע לעהרע ווערט מיט אַלע מיטלען געפּריידיגט און אויפגעהאַלטען אין דעם ערוואַקסענעם מענשען.

אָט צוליעב דעם איז די עקזיסטענץ פון די אַרמעען אויף שוין ניט קיין גרונד־אורזאַכע, נור בלויז אַ פאָלגע. די גרונד־אורזאַכע איז די לעהרע, וועלכע רעדט איין די מענשען, דאָס דער

מיליטער־דיענסט, וועמעס צוועק איז די ערמאָרדונג פון מענשען, איז ניט נאָר ניט קיין שלעכטע זאַך, נאָר אַ גוטע און לויבענס־ווערטהע.

אָנפאַנגס דאַכט זיך, אַז די גאַנצע צרה איז די, וואָס מענשען האָבען פערכאַפּט דאָס לאַנד, די קאַפּיטאַליסטען די ווערקצייג, און דאָס די רעגיערונג נעהמט מיט געוואַלד טאַקסעס. אָבער ווען דו וועסט זיך פרעגען: וואָרום געהערט די לאַנד צו די רייכע, און די אַרבייטער קענען זיך ניט בענוצען מיט איהר, און פאַר וואָס מוזען די אַרבייטער בעצאָהלען טאַקסעס, גאָר ניט קריגענדיג דערפאַר, און פאַר וואָס די קאַפּיטאַליסטען און ניט די אַרבייטער האָבען די ווערקצייג — זעהסטו, אַז דאָס קומט דערפון, ווייל עס איז דאָ אַן אַרמעע, וועלכע מאַכט אַז דאָס לאַנד זאָל בלייבען ביי די רייכע, וועלכע זאַמעלט די טאַקסעס פאַר די רייכע, און זעהט אַז די טהייערע פאַבריקען און מאַשינען זאָלען בלייבען אין די הענד פון די קאַפּיטאַליסטען. ווען דו וועסט זיך אָבער פרעגען, ווי קומט דאָס, אַז די וואָס שטעלען צוזאַמען די אַרמעע זיינען גראַדע די זעלבע אַרבייטער, ביי וועלכע מען נעהמט צו דאָס, וואָס איז נויטיג — און פאַלען אָן אויף זיך אליין, אויף זייערע אייגענע פאָטערס און ברידער, זעהסטו, אַז די אורזאַכע דערפון איז אין דעם, דאָס די גענומענע אָדער געדונגענע סאָל־דאַטען לערענט מען דורך פערשיעדענע מיטלען צו ווערען גאַנץ אונבעוואוסטע ווערקצייג פאַר מאָרד אין די הענד פון די נאַ־טשאַלניקעס. און ווען ענדליך דו פרעגסט זיך, ווי קומט עס, דאָס די מענשען זעהענדיג אזא שווינדעל, לאָזען זיך נאָך אימער נעהמען אין סאָלדאַטען, זעהסטו גלייך, אַז די אורזאַכע דערפון איז די לעהרע, דאָס דער מיליטער־דיענסט איז אַ גוטע זאַך, אַ לויבענסווערטהע זאַך, און דאָס מאָרדען מענשען אויף אַ שלאַכטפעלד מעג מען.

אלזאָ, די גרונד־אורזאַכע פון אלעס איז די לעהרע, מיט וועלכע מיר האָדעווען אויף די מענשען.

דערפון שטאַמען אָרעמקייט, פּערדאָרבענהייט, פיינדשאַפט, בעשטראָפונגען און מאָרד.

וואָס־זשע איז דאָס פאַר אַ לעהרע?

די לעהרע רופט זיך די קריסטליכע רעליגיאָן און זי בעשטעהט אין פאָלגענדעס: עס איז דאָ אַ גאָט, וואָס האָט מיט זעקס טויזענד יאָהר צוריק בעשאפען די וועלט און דעם מענשען א ד ם. אדם האָט געזינדיגט און גאָט האָט דערפאר בעשטראָפט אַלע מענשען, און דארום האָט ער אראָנטערגעשיקט צו אונז אויף דער ערד זיין זוהן, אויך אזא גאָט, ווי דער טאטע, כדי מען זאָל איהם דאָרט אויפהענגען. אָט דיעזעס אויפהענגען דיענט די מענשען אַלס אַ מיטעל צו רעטען זיך פון די בעשטראָפונג פון אדם'ס זינד.

אויב מענשען גלויבען אין דאָס, וועלען זיי פערגעבען ווערען פאַר אדם'ס פערברעכען; טאָמער גלויבען זיי ניט, וועלען זיי גרויזאם בעשטראָפט ווערען. אַלס אַ בעווייז, אז דאָס אַלעס איז אמת, גיט מען אָן דאָס, וואָס דאָס אַלעס איז ענטפּלעקט געוואָרען צו די מענשען פון דעם זעלבען גאָט, די ידיעות איבער וועלכע מיר ווייסען נור פון דיעזע מענשען, וועלכע פריידיגען דיעזע מעשה. ניט ריידענדיג פון די פערשיעדענע קליינע אומענדערונגען אין דיעזער מעשה, פון די פערשיעדענע רעליגיעזע סעקטען, אָבער דער אַלגעמיינער שלום איז איין און דער זעלבער, דאָס מענשען מוזען גלויבען דאָס, וואָס מען זאָגט זיי, און דאָס זיי מוזען זיך עס אונטערוואַרפען די עקזיסטירענדע הערשאפטען.

אָט דיעזע לעהרע איז עס די גרונד־אורזאכע פון דעם שווינדעל, וואָס מענשען האַלטען דעם מיליטער־דיענסט פאַר אַ גוטע און ניצליכע זאַך, לאָזען זיך נעהמען פאַר סאָלדאטען, ווערענדיג אומגעוואַנדעלט איז מאַשינען אָהן אירגענד וועלכען ווילען, אונטערדריקען און שטיקען זיי זיך זעלבסט. אויב עס זיינען דאָ צווישען די בעשווינדעלטע וועלכע עס איז אונגלויביגע, זיינען דאָס אַזעלכע, וואָס גלויבען איבערהויפּט אין גאָר ניט, און ניט האָבענדיג קיין אונטערשטיצונגס־פּונקט, לאָזען זיי זיך שווימען גלייך מיט אַלעמען און אונגעאַכטעט אויף דעם שווינדעל, וואָס זיי זעהען, אונטערוואַרפען זיי זיך איהם.

דארום, אום צו פערניכטען דעם איבעל, פון וועלכען מענשען ליידען, איז ניט די פריימאַכונג פון די לאַנד, ניט די פערניכטונג פון טאַקסעס, און ניט די פּעראַלגעמיינונג פון די ארבייטס־

מיטעל, און זאָגאר ניט די אָרונטערוואָרפונג פון די עקזיסטי־
רענדע רעגיערונג, נור עס איז נויטיג די פערניכטונג פון יענע
פאַלשע לעהרע, וואָס מען רופט „קריסטענטהום", „רעליגיאָן",
אין וועלכע עס ווערען אויפגעצויגען די מענשען פון אונזער צייט.

.8

בעטראַכט נאָר גוט די היינטיגע זאָגענאַנטע קריסטליכע
רעליגיאָן — איז דען דאָ עטוואָס שלעכטעס, עטוואָס פערדאָר־
בענעס, צו וואָס זי גיט ניט איהר ברכה? האָבען שקלאַפען —
מעג מען (אין אייראָפּאַ, ווי אין אַמעריקא, איז די קירכע געווען
די פערטהיידיגערין פון שקלאַפעריי), ווערען רייך אויף די פראַצע
פון די אונטערדריקטע „ברידער ארבייטער" — מעג מען. זיין
רייך צווישען אָרעמע־לייט, וואָס קריכען אונטער די טישען פון
די, וואָס פרעסען און זויפען, איז ניט נאָר וואָס מען מעג, נור עס
איז זאָגאר ליבענסווערטה, ווען מען גיט נאָר אַוועק איין טויזענד־
חלק אויף די קירכע און האָספּיטעלער, אַוועקצוריבען פון די
אָרעמע זייער שטיקעל ברויט מיט געוואַלד, אַרעסטירען, שמידען
אין קייטען, צושמידען צו טאַטשקעס, בעשטראָפען — דאָס
אַלעס מעג מען, דערצו גיט די קירכע איהר ברכה. פערהולטאַיע־
ווען דעם גאַנצען יונגען לעבען, און איינע פון דיעזע הולטאַי־
סטוואָס אָנצורופען חתונה און קריגען אויף דאָס די ערלויבנים פון
קירכע, מעג מען. איבערהויפּט מעג מען טויטען, פערטהיידיגענ־
דיג ניט נור זיך, נור אפילו אייערע עפּעל פון אייער גאָרטען;
מען מעג אויך טויטען אום צו בעשטראָפען (בעשטראָפען הייסט
מוסר'ן — טויטען אום צו מוסר'ן!), און איבערהויפּט מעג מען,
און עס איז זאָגאר ליבענסווערטה צו טויטען אויפ'ן שלאַכטפעלד
— אויף דעם בעפעהל פון נאַטשאַלסטוואָ. די קירכע ניט נאָר זי
ערלויבט עס, נאָר בעפעהלט עס זאָגאָר.

אַלזאָ דער וואָרצעל פון אַלעס איז אין דער פאַלשער לעהרע.
זאָל די פאַלשע לעהרע פערניכטעט ווערען און עס וועט ניט זיין
קיין אָרמעע און גאַנץ פון זיך אַליין וועלען אויפהערען אַלע
געוואַלד־טהאַטען, די דריקונג און די פערדאַרבונג, פון וועלכע
אַלע פעלקער ליידען. אזוי לאַנג ווי מענשען וועלען אויפגעהאָ־

דעוועט ווערען אין די פאַלשע לעהרע, וועט אימער די אַרמעע זיין אין די הענד פון די מינאָריטעט. דיעזע מינאָריטעט וועט זיך אימער בענוצען מיט דער אַרמעע, אום אוועקצורויבען פון פאָלק די פרוכט פון יענעמס אַרבייט. און וואָס איז נאָך ערגער, זי וועט טהאָן אַלעס מעגליכע, אום צו מאַכען דאָס פאָלק שלעכט און קאָרופּט, ווייל פון אַן אמת־מאָראַלישען פאָלק וואָלט איהר קיינמאָל ניט געלונגען צו רויבען איהם פון דאָס, וואָס ער האָט אויפגעאַרבייט.

דאַרום האָט דאָך אייגענטליך בעדאַרפט זיין קלאָהר פאַר אַלע, דאָס די פליכט פון יעדען מענשען, וואָס האָט זיך בעפרייט פון דעם רעליגיעזען שווינדעל, און וואָס ווינשט צו דיענען דעם פאָלק, בעשטעהט אין דעם, דאָס ער זאָל מיט וואָרט און טהאַט העלפען די אָבגענאַרטע צו בעפרייען זיך פון דעם שווינדעל, וואָס איז די גרונד־אורזאַכע פון זייער גרויסען עלענד. און דאָך די זעלבע מענשען, וואָס האָבען זיך שוין בעפרייט פון דעם רעלי־גיעזען שווינדעל, מענשען אונאַבהענגיגע, מענשען געבילדעטע — דורך די פּראַצע פון פאָלק, וואָס צוליעב דעם אַליין האָבען זיי שוין בעדאַרפט איהם דיענען — ווילען דאָס ניט איינזעהן.

„די רעליגיעזע לעהרע איז ניט וויכטיג", זאָגען דיעזע מענשען, „דאָס איז אַ פּריוואַט זאַכע פון יעדען בעזונדער. וויכ־טיג און נויטיג איז אַ פּאָליטישע, סאָציאַלע, עקאָנאָמישע געזעל־שאַפטליכע אָרדנונג פון דער געזעלשאַפט און אויף דעם דאַרפען זיין געריכטעט אַלע אָנשטרענגונגען פון די, וואָס ווילען דיענען דעם פאָלק. די רעליגיעזע לעהרען אָבער זיינען גאָר ניט וויכטיג, און ווי אַלע אַבערגלויבענס וועלען זיי פערשווינדען מיט דער צייט."

אַזוי ריידען דיעזע געבילדעטע מענשען, און ווינשענדיג צו דיענען דעם פאָלק ווערען זיי בעאַמטע פון דער רעגיערונג; זיי טרעטען אריין אין דער אַרמעע, אין די קירכע, אין פּאַרלאַמענט, ניט אויפווייזענדיג דעם רעליגיעזען שווינדעל, אין וועלכען דאָס פאָלק געפינט זיך מיט דעם, וואָס זיי נעהמען אַנטהייל אין די טהעטיגקייט, אום צו פערבעסערען די אויסערליכע פאָרמען פון דעם לעבען פון דעם אָבגענאַרטען פאָלק. אַנדערע, רעוואָלוציאָנע־

רען, אויך גאָר ניט האָבענדיג צו טהאָן מיט דעם גלויבען פון פאָלק, פאנגען אָן א קאמפף מיט די רעגיערונגען, געבענדיג זיך די מיה צו פערכאפּען די מאכט, ווי די רעגיערונגען, דורך ליגען און געוואלד; די דריטע, סאָציאליסטען, בילדען ארבייטער־פּארטייען, סטרייקס, דענקענדיג, דאָס די לאגע פון פאָלק קען פערבעסערט ווערען, ווען ער זאָל זאָגאר פערבלייבען אין דעם זומפּ פון שווינדעל און אבערגלויבען. דיעזע אלע וועלט־פערבע־סערער ניט נאָר וואָס זיי שטערען ניט די פערברייטונג פון דעם פאלשען רעליגיעזען גלויבען, נור ווען עס איז נויטיג, מאכען זיי נאָך אליין מיט דיעזען שווינדעל: זיי שווערען, זיי געהען אין קירכע, זיי נעהמען אנטהייל אין פערשיעדענע רעליגיעזע צערע־מאָניעס. זיי לאָזען צו, אז אין די שולען זאָל מען לערנען זייערע אייגענע און פרעמדע קינדער דעם זאָגענאנטען געטליכען געזעץ, דעם זעלבען געזעץ, אויף וועלכען עס איז געגרינדעט די פער־שקלאַפונג פון די מאסען. אָט דיעזע אונפערשטענדנים איבער די הויפּט־אורזאכע פון די איצטיגע צרות, און דאָס אלע זייערע אָנשטרענגונגען ווערען אָנגעווענדעט אויף גאַנץ פאלשע וועגען איז איינע פון די הויפּט־אורזאכען, ווארום די איצטיגע שרעק־ליכע פערדערבליכע אָרדנונג האלט זיך נאָך אזוי לאַנג.

זאָלען נור די מענשען פערשטעהן, אז די מענשהייט בעוועגט זיך ניט דורך טהיערישע פאָדערונגען, נור דורך גייסטיגע קרעפּ־טע, און דאָס די הויפּט גייסטיגע קראפט איז די רעליגיאָן, ד. ה. די בעשטימונג פון דעם זין פון לעבען, ד. ה. די מעגליכקייט צו אונטערשיידען פון גוט ביז שלעכט, פון וויכטיגעס ביז ניט וויכ־טיגעס; זאָלען נאָר די מענשען דאָס פערשטעהן, און זיי וועלען גלייך איינזעהן, אז די הויפּט־אורזאכע פון די אונגליקען פון די איצטיגע מענשהייט איז ניט אין אויסערליכע מאטעריעלע אור־זאכען, ניט אין פּאָליטישע און ניט אין עקאָנאָמישע פערהעלט־ניסע, נור אין די פערבייטונג פון די וואהרהייטען, וואָס זיינען נויטיג פאר די מענשהייט, אויף אונזיניגע, אונזיטליכע און משוגענע בעהויפּטונגען, וואָס טראָגען איצט דעם נאָמען פון רעליגיאָן, צוליעב וועלכע דאָס ניט גוטע ווערט געהאלטען פאר

גוט, דאָס ניט וויכטיגע פאַר וויכטיג, און פערקעהרט: דאָס גוטע פאַר ניט גוט, דאָס וויכטיגע פאַר ניט וויכטיג.

זאָלען נור די בעסערע, די אונאבהענגיגע מענשען וואָס ווילען באמת דיענען דעם פאָלק, פערשטעהן, דאָס מען קען בשום אופן ניט פערבעסערען די לאַגע פון דעם מענשען, וואָס דענקט, אז עס איז א זינד צו עסען פלייש אם פרייטאג, און דאָס עס איז א מצוה צו בעשטראָפען מיט'ן טויט א מענשען, וואָס האָט זיך אין עטוואָס פערשולדיגט, דאָס מען קען ניט פערבעסערען די לאַגע פון א מענשען, וואָס דענקט, אז עס איז וויכטיג צו בוקען זיך פאַר א געטשקע אין קירכע אָדער פאַר דעם אימפעראטאָר, און דאָס עס איז גאַר ניט וויכטיג צו שווערען צו פאָלגען יענעם, זיך אונטערוואַרפען צו זיין ווילען און לערנען זיך מאָרדען. זאָלען נור מענשען פערשטעהן, אז קיינע פאַרלאַמענטען, קיינע סטרייקס, קיינע פעראיינען, קאָאָפעראַציאָנען, ערפינדונגען, שולען, אוני־ווערסיטעטען, אקאדעמיעס, רעוואָלוציאָנען וועלען ניט ברענגען קיין ווירקליכען נוצען צו מענשען מיט א פאַלשע וועלט־אנשויאונג, און דאַן וועלען גאַנץ פון זיך אלע קרעפטען פון די בעסערע זיך ווענדען אויף די אורזאַכע און ניט אויף די פאָלגען.

זאָלען נור די מענשען אזוי האַנדלען, און די אלע פּאָליטישע, עקאָנאָמישע און סאָציאַלע פראַגען וועלען געלייזט ווערען אזוי, ווי זיי דאַרפען געלייזט ווערען, און ניט ווי מיר שרייבען עס פאַר אָדער ווילען טרעפען.

עס וועלען געלייזט ווערען דיעזע אלע פראַגען, זעלבסט־פערשטענדליך, ניט גלייך און ניט נאָך אונזער וואונש, ווי מיר זיינען עס געוואוינט איינצואָרדנען דעם לעבען פון אנדערע מענשען, זאָרגענדיג זיך נאָר איבער דעם, דאָס דיעזער לעבען אין אויסערליכען זאָל זיין עהנליך צו דאָס, וואָס אונז ווילט זיך (דאָס זעלבע, וואָס אלע רעגיערונגען טהוען), נאָר דיעזע אלע פראַגען וועלען פערענטפערט ווערען, ווען עס וועט זיך נאָר אומ־ענדערען די רעליגיעזע וועלט־אנשויאונג פון די מענשען, און דאָס גיכער וועט עס פּאַסירען, וואָס גיכער מיר וועלען אָנווענדען אלע אונזערע קרעפטען ניט אויף די פאָלגען נור אויף די אורזאַכע פון אלע ערשיינונגען.

„אָבער די בלויזשטעלונג פון אַ פאַלשער רעליגיאָן און די פריידיגונג פון אַן אמת׳ער, איז אַ זעהר ווייטער און לאַנגזאַמער מיטעל" — זאָגט מען אונז. אַ ווייטער אָדער ניט, אַ לאַנגזאַמער אָדער ניט — דאָס איז אָבער דער איינציגער מיטעל, אָדער, ווייניגסטענס איז דאָס אַזאַ מיטעל, אָהן וועלכען אַלע אַנדערע מיטלען האָבען ווייניג וואָס ווערטה.

---

# פאַטריאָטיזמוס און רעגיערונג

1.

מיר איז שוין עטליכע מאָל אויסגעקומען אויסצושפּרעכען דעם געדאַנק, דאָס פּאַטריאָטיזם אין אונזער צייט איז א געפיהל, וואָס איז אוננאַטירליך, דום, שעדליך — א געפיהל, וואָס איז די סיבה פון א גרויסען טייל פון די אונגליקען, פון וועלכע די מענשהייט ליידעט, און דאָס דאַרום דאַרף דיעזער געפיהל ניט ענטוויקעלט ווערען, ווי מען טהוט עס איצט — נור, פערקעהרט, דאָס דאַרף דערשטיקט און פערניכטעט ווערען מיט אַלע מיטלען, וועלכע זיינען נור דאָ אין די מאַכט פון פערנינפטיגע מענשען. אָבער א וואונדערבארע זאַך! טראָץ די אונבעשטרייטבארע אין אויגענשיינליכע שרעקליכע צרות — ווי אַלגעמיינע בעוואפנונג, שרעקליכע מלחמות — וואָס קומען אַרויס נור פון דיעזען געפיהל, ווערען אַלע מיינע אַרגומענטען וועגען די דומהייט און שעדליכקייט פון פאַטריאָטיזם געענטפערט אָדער מיט א שטילשווייגען, אָדער מיט א ניט־פערשטעהן־זיך־מאַכען אָדער מיט איין און דעמזעלבען מאָדנעם תירוץ: מען ענטפערט מיר, דאָס שעדליך איז דער שלעכטער פּאַטריאָטיזם, דער דזשינגאָאיזם, דער שאָוויניזם, אָבער דאָס דער אמת'ער גוטער פּאַטריאָטיזם איז א זעהר ערהאַבענער, זיטליכער געפיהל, וועלכען צו פערדאַמען איז ניט נור ניט קלוג, נור זאָגאר פערברעכעריש. וועגען דעם אָבער, אין וואָס דיעזער גוטער פּאַטריאָטיזם בעשטעהט, איז אָדער מען מאַכט א שווייג, אָדער, אָנשטאָט אַ ערקלעהרונג, ווערען געברויכט אָנגעבלאָזענע הויך־קלינגענדע פראַזען, אָדער אונטער דעם בעגריעף פון פּאַטריאָטיזם ווערט אונטערגעשטעלט עטוואָס, וואָס האָט גאָר ניט געמיינשאַפטליכעס מיט יענעם פּאַטריאָטיזם, וועלכען מיר קענען אַלע, און פון וועלכע מיר אַלע ליידען אזוי שרעקליך.

געוועהנליך זאָגט מען, דאָס דער אמת'ער, גוטער פּאַטרי־אָטיזם בעשטעהט אין דעם, דאָס מען זאָל ווינשען דעם אייגענעם פאָלק און די אייגענע רעגיערונג אמת'ע ברכות, אזעלכע, וואָס זאָלען צו דער זעלבער צייט ניט זיין קיין קללות פאר אנדערע פעלקער.

ניט לאַנג רעדענדיג מיט אַן ענגלענדער וועגען די מלחמה אין טראַנסוואַאַל, האָב איך איהם געזאָגט, דאָס די ריכטיגע אורזאַכע פון דיעזער מלחמה איז ניט אזוי דער יאָגען זיך נאָך גאָלד — ווי מען זאָגט עס געוועהנליך — ווי דער פּאַטריאָטיזם, ווי דאָס זעהט מען פון דעם אויפפיהרען זיך פון דעם ענגלישען פאָלק.

דער ענגלענדער איז מיט מיר ניט איינפערשטאַנען געוועזען. ער האָט מיר געענטפערט, דאָס אויב די מלחמה איז טאַקע צוליעב דעם פּאַטריאָטיזם, איז עס ווייל דער פּאַטרי־אָטיזם איז א שלעכטער. דער גוטער פּאַטריאָטיזם — דער, מיט וועלכען ער איז דורכדרונגען — בעשטעהט אין דעם, דאָס די ענגלענדער, זיינע לאַנדסלייט, זאָלען זיך ניט אויפפיהרען שלעכט.

— ווינשט איהר דען, דאָס נור די ענגלענדער אליין זאָלען זיך גוט אויפפיהרען? — האָב איך געפרעגט.

— איך ווינש עס אלעמען! — האָט ער געענטפערט.

און דערמיט האָט ער טאַקי קלאָר בעוויזען, דאָס די איי־גענשאַפט פון אמת'ע ברכות — זאָל עס זיין מאָראַלישע, ווי־סענשאַפטליכע אָדער טאַקי נור פּראַקטישע — זיינען אין זייער וועזען אזעלכע, דאָס מען מוז זיי ווינשען אלע מענשען אָהן אונ־טערשיעד פון נאַציאָן, און דאָס דעריבער צו ווינשען אזעלכע גלי־קען וועמען עס איז, איז ניט נור קיין פּאַטריאָטיזמוס ניט, נור איז גראַדע זיין געגענזאַץ.

אויך איז ניט קיין פּאַטריאָטיזם די בעזאָנדערהייטען פון יעדען פאָלק, וועלכע אנדערע פערטהיידיגער פון פּאַטריאָטיזם פערבייטען אבזיכטליך מיט דיזען בעגריף. זיי זאָגען, דאָס די פערשיעדענע אייגענשאַפטען פון יעדע נאַציאָן בעזונדער זיינען א נויטווענדיגע בעדינגונג פון דעם מענשליכען פאָרטשריט אין

דאָס דעריבער איז דער פּאַטריאָטיזמוס א גוטער געפיהל, ווייל ער מאכט עס, אז דיעזע בעזאָנדערהייטען זאָלען ניט פערשוואונדען ווערען.

אבער, איז עס דען ניט אויגענשיינליך, דאָס אויב וועןעס איז האָבען די בעזאָנדערהייטען פון יעדען פאָלק, זייערע מנהגים, גלויבענס, שפּראך יא געדיענט דערצו, אז די מענשהייט זאָל מאכען פּראָגרעס, זיינען אָבער אין אונזער צייט גערארע דיעזע בעזאָנדערהייטען איינע פון די גרעסטע שטערונגען צום פּראָגרעס, צו דער פערווירקליכונג פון דעם שוין אנערקענטען אידעאל פון מענשליכע אייניגקייט און ברידערליכקייט? און דארום, די אויפהאלטונג פון די אייגענטהימליכקייטען פון די פערשיעדענע נאַציאָנאַליטעטען איז ניט נור, וואָס מאכט ניט די מענשען צו דערנעהענטערן זיך איינע צו די אנדערע, נור, פערקעהרט, זי דערווייטערט זיי, ענטפרעמדעט זיי אלץ מעהר איינע פון די אַנדערע.

אלזאָ, דאָס איז ניט דער פּאָרגעשטעלטער, נור טאַקי דער אמת׳ער פּאַטריאָטיזם, דער, וועלכען מיר אלע קענען, דער, אונטער וועמעס הערשאפט עס געפינט זיך די גרעסטע טהייל מענשען פון אונזער צייט, וואָס מיינט ניט צו ווינשען א גוטע אויפפיהרונג דעם אייגענעם פאָלק, אויך ניט די בעזאָנדערהייטען פון יעדען פאָלק, דאָס איז נור אַן אייגענשאפט, אָבער ניט קיין געפיהל — פּאַטריאָטיזם מיינט איינפאך נור דער געפיהל, וואָס זאָגט אייך, אז אייער פאָלק, אייער רעגיערונג איז בעסער פון אלע אנדערע פעלקער און רעגיערונגען, און דארום קומט אויך דער וואונש פון א גרעסערען וואהלזיין פאר אייער רעגיערונג, פאר אייער פאָלק, וועלכע קען נור ערדייכט ווערען און ווערט אויך נור אימער ערדייכט צום שאדען פון דעם וואהלזיין און מאכט פון אנדערע פעלקער און רעגיערונגען.

דאכט זיך, אז דאָס אלעס צייגט אזוי קלאָר, ווי דער טאָג, דאָס דער פּאַטריאָטיזם אלס געפיהל, איז א שלעכטער און שעדליכער געפיהל; אלס א לעהרע, איז דאָס אויך א נארישע, ווייל עס מוז דאך זיין קלאָר פאר יעדען, דאָס אויב יעדער פאָלק און רעגיערונג וועלען זיך האלטען פאר די בעסטע פון אלע אנדערע

רעגיערונגגען און פעלקער, וועלען זיך דאָך אַלע געפינען אין אַ גראָבען און אַ שעדליכען טעות.

.2

דאכט זיך, אַז די שלעכטסקייט און די אונפערנינפטיגקייט פון פאטריאָטיזם האָבען בעדארפט זיין אויגענשיינליך פאר אַלע־מען. און דאָך, אַ וואונדערבארע זאך, געלעהרענטע, געבילדעטע מענשען, ניט נור, וואָס זיי זעהן דאָס אַליין ניט, נור מיט די גרעסטע איינגעשפארטקייט און ליידענשאפטליכקייט, חאָטש אָהן אירגענד וועלכע פערנינפטיגע גרינדע, בעקעמפפען זיי יעדע בעהויפטונג, אַז דער פאטריאָטיזם איז געפעהרליך און דום און האַלטען אין איין לויבען זיין גוטסקייט און ערהאבענהייט.

ווי־זשע קען מען זיך דאָס ערקלערען ?

נור איין ערקלערונג פון דיעזע וואונדערליכע ערשיינונג שטעלט זיך מיר פאָר. די גאנצע געשיכטע פון דער מענשהייט פון די עלטסטע צייטען און ביז אונזער צייט קען בעטראכט ווע־רען, אַלס די בעוועגונג פון דעם בעוואוסטזיין פון איינצעלנע מענשען און פון גאנצע גרופען — פון נידעריגערע אידעען צו אַלץ אַ העכערע און העכערע.

דער גאנצער וועג, וואָס איז דורכגעמאכט געוואָרען, ווי פון איינצעלנע מענשען, אזוי פון גאנצע נאציאָנען, קען פאָרגע־שטעלט ווערען אַלס אַ רייהע פון טרעפ, דער נידעריגסטער, וואָס געפינט זיך אויף דער שטופע פון דעם לעבען פון אַ חיה, ביז דעם סאמע העכסטען, צו וועלכען אין דעם איצטיגען גע־שיכטליכען מאָמענט קען זיך אויפהויבען דער בעוואוסטזיין פון מענשען.

יעדער מענש, ווי אויך גאנצע פעלקער, און קעניגרייכען, זיינען אימער געגאנגען און געהען דורך די זאָגענאנטע אידעען־טרעפען. אַ טהייל פון דער מענשהייט געהט פאָראויס, אַ צוויי־טער בלייבט שטעהן וויט אויף הינטער און דער דריטער — די מעהרצאָהל — בעוועגט זיך אין מיטען. אַלע אָבער, אויף וועלכען טרעפ זיי זאָלען זיך ניט געפינען, האַלטען זיך אימער אין איין

בעוועגען זיך פון די נידעריגסטע אידעען צו די העכערע. אין
אימער, אין יעדע געוויסע פעריאָדע, ווי דער איינצעלנער מענש,
אזוי אויך גאַנצע גרופּפּען — די פאָדערשטע, די מיטעלסטע און
די הינטערסטע — געפינען זיך אין דריי פערשיעדענע פערהעלט־
ניסע צו די דריי שטופען פון אידעען, צווישען וועלכע זיי בעווע־
גען זיך. ווי פאר דעם איינצעלנעם מענשען, אזוי פאר גאַנצע
פעלקער, זיינען פאַראַן די אידעען פון די פערגאַנגענהייט ; די
אידעען וואָס האָבען שוין זייער צייט אָבגעלעבט און זיינען גע־
וואָרען פרעמד ; די, צו וועלכע די מענשהייט קען זיך שוין ניט
צוריקקעהרען, ווי, צום ביישפיעל, די אידעען פון מענשען־פרע־
סעריי, פון ווייבער־רויבעריי און עהנליכע, פון וועלכע עס בלייבט
נור אַן עראינערונג ; דאַן קומען די אידעען פון דער געגענוואַרט,
וועלכע די מענשען קריגען דורך די ערציהונג, דורך דעם ביי־
שפיעל און דורך די גאַנצע טהעטיגקייט פון די געזעלשאַפט,
וועלכע איז אַרום זיי, ווי, צום ביישפיעל, אין אונזער צייט, די
אידעען פון אייגענטהום, פון די רעגיערונגס־פאָרמע, פון האַנ־
דעל, פון דעם געברויך, וואָס מיר מאַכען מיט הויז־טהיערע. און
עס זיינען ווידער דאָ די אידעען פון דער צוקונפט, פון וועלכע
אייניגע זיינען שוין גאָר נאָהענט צו זייער פערווירקליכונג און
צווינגען די מענשען אומצוענדערען זייער אַרט לעבען און קעמ־
פפען מיט די פריהערדיגע לעבענס־פאָרמען. אזעלכע זיינען, צום
ביישפיעל, די אידעאַלען פון אונזער צייט : די בעפרייאונג פון
אַרבייט, די גלייכבערעכטיגונג פון פרויען און נאָך פיעלע
אידעען, וואָס מענשען אַנערקענען און וועלכע זיינען דאָך נאָך ניט
אַריינגעטראָטען אין לעבען. דאַרום, יעדער מענש און יעדע
נאַציאָן, אויף וועלכע שטופע זיי זאָלען זיך ניט געפינען, האָ־
בענדיג הינטער זיך די אָבגעלעבטע אידעען פון דער פערגאַנגענ־
הייט און פאַר זיך די אידעען פון דער צוקונפט — געפינען זיי
זיך אימער אין א צושטאַנד פון קאַמפּף צווישען די אָבשטאַר־
בענדע אידעען פון די געגענוואַרט מיט די אין לעבען אַריינקו־
מענדע אידעען פון דער צוקונפט. עס פּאַסירט געוועהנליך אָט
וואָס : די אידעע, וואָס איז אמאָל געוועזן ניצליך און זאָגאַר
נויטווענדיג, ווערט איבעריג, טרעט זי אָב נאָך א מעהר אָדער ווע־

ניגער לאַנגען קאַמפּף, איהר פּלאַץ דער נייער אידעע, וועלכע איז פריהער געווען אַן אידעאַל און וועלכע ווערט די אידעע פון דער געגענוואַרט.

עס פּאַסירט אָבער זעהר אָפט, דאָס די אָבגעלעבטע אידעע, וועמעס פּלאַץ איז שוין פערנומען אין דעם בעוואוסטזיין פון מענשען מיט א העכערע אידעע, איז אזעלכע, דאָס איהר אויפ־האַלטונג איז פון גרויסער וויכטיגקייט פאר אייניגע מענשען, וואָס האָבען דעם גרעסטען איינפלוס אין דער געזעלשאַפט. און דאַן קומט פאָר, דאָס דיזע אָבגעלעבטע אידעע, אונגעאַכטעט אייף איהר שטאַרקען ווידערשפּרוך צו די גאַנצע אומגעענדער־טע לעבענס־אָרדנונג, זעצט נאָך אימער פאָרט איהר ווירקונג אויף די מענשען און לייטעט זיי אין זייערע האַנדלונגען. אזא אויפ־האַלטונג פון אן אָבגעלעבטע אידעע איז אימער פאָרגעקומען אין דער רעליגיעזער וועלט. די אורזאַכע דערפון איז די, דאָס די גלחים, די ראַבינער, וועמעס גוטע שטעלען זיינען אימער ענג פערקניפּט מיט די אָבגעשטאָרבענדע אידעע, בענוצען זיך מיט זייער הערשאַפט און גיבען זיך אלע מיהע אָנצוהאַלטען דעם מענשען ביי דעם אַלטען גלויבען.

איבער דיזעלבע אורזאַכען קומט עהנליכעס פאָר אין דער רעגיערונגס־וועלט אין איהרע פערהעלטניסע צו די אידעע פון פּאַטריאָטיזם, אויף וועלכען עס גרינדעט זיך יעדע הערשאַפט. מענשען, פאר וועמען עס איז העכסט וויכטיג אויפצוהאַלטען דיזע אידעע, וואָס האָט שוין קיין זין און קיין נוצען, האַלטען זיי איהר אויף קינסטליך. האָבענדיג די מעכטיגסטע מיטלען, ווי אזוי צו בעאיינפלוסען מענשען, קענען זיי עס שטענדיג טהאָן.

אָט דאָס, שיינט מיר, איז די איינציגע ערקלערונג פון דיע־זען מאָדנעם ווידערשפּרוך, אין וועלכען עס געפינט זיך די אידעע פון פּאַטריאָטיזם מיט די אלע אַנדערע פּראָגרעסיווע אידעען, וואָס האָבען שוין פערנומען זייערע פּלעצער אין אונזער לעבען.

3.

פּאַטריאָטיזם, אלס א געפיהל פון אויסשליסליכע ליעבי

צו אייגענעם פאָלק און אלס א לעהרע פון די גרויסקייט מקריב צו זיין אייער רוה, אייער אייגענטהום און זאָגאר אייער לעבע צום שוץ פון די שוואכע געגען די געוואלד פון דעם שונא, אי געווען די העכסטע אידעע פון יענער צייט, ווען יעדע נאציאָ האָט עס געהאלטען פאר מעגליך און פאר ריכטיג, צוליעב איהר אייגענע טובה, צו טוידטען און ראבירען מענשען פון אַן אנדער פאָלק. אָבער שוין דאָך מיט צוויי טויזענד יאָהר צוריק איז פו די אלע פאָרשטעהער פון חכמה און וויסענשאפט אנערקענט גע־וואָרען, אז די העכסטע אידעע איז די ברידערליכקייט פון אלע מענשען, און דיעזע אידעע, איינדרינגענדיג אלץ מעהר און מעהר אין דעם מענשליכען בעוואוסטזיין, האָט זיך אין אונזער צייט שוין פערווירקליכט אויף פערשיעדענע אופנים. א דאנק די דאמפף־שיפען, די אייזענבאהנען, די אינטערעסען פון האנ־דעל, פון קונסט און וויסענשאפטען, זיינען די מענשען פון אונ־זער צייט פעראייניגט צווישען זיך ביז צו אזא גראד, דאָס די געפאהר פון פערבאפונגען, מאָרד, געוואלד פון דער זייט פון אונ־זערע שכנים איז גענצליך פערשוואונדען געוואָרען, און אלע פעל־קער (פעלקער, ניט רעגיערונגען) לעבען צווישען זיך אין גאנץ פריעדליכע פערהעלטניסע. עס איז קיין זין, קיין אינטערעס פאר זיי דיעזע פערהעלטניסע צו צושטערען. דארום האָט דאָך, דאכט זיך, דער געפיהל פון פאטריאָטיזמוס, איבעריג און ניט פאַ־סענד פאר די נייע לעבענס־פערהעלטניסע און אידעען, בע־דארפט פערניכטעט ווערען, און ענדליך אין גאנצען פערשווינ־דען. און דאָך פאסירט געראדע דאָס אומגעקעהרטע: דיעזער שעדליכער און פערעלטערטער געפיהל, ניט נור וואָס ער עקזיס־טירט, נור ער ווערט אלץ מעהר און מעהר אויפגעפלאקערט!

די פעלקער, אָהן אירגענד וועלכען פערנינפטיגען גרונד און געגען זייערע אייגענע אינטערעסען, ניט נור, וואָס זיי סימ־פאטיזירען מיט זייערע רעגיערונגען אין זייער בעפאלען אנדערע פעלקער, אין זייערע פרכאפונגען פון פרעמדע לענדער, און אין האלטען מיט געוואלד דאָס, וואָס איז שוין פערכאפט געוואָרען — נור זיי פאָדערען נאָך אליין פון זייערע רעגיערונגען צו טהאָן דאָס; זיי פרעהען זיך, זיי זיינען שטאָלץ, ווען דאָס געלינגט זיי.

די קליינע אונטערדריקטע פעלקער, וואָס זיינען געפאַלען אונטער די הערשאַפט פון די גרויסע קעניגרייכע — פּאָליאַקען, אירלענדער, טשעכען, פינלענדער, אַרמעניער — אַרבייטענדיג געגען דעם דריקענדען פּאַטריאָטיזם פון זייערע בעזיעגער, האָבען זיך צו אַזאַ גראַד אָנגעשטעקט פון זייערע בעהערשער מיט דעם אָבגעלעבטען, דעם אונזיניגען און שעדליכען געפיהל פון פּאַטריאָטיזם, דאָס זייער גאַנצע טהעטיגקייט איז נור געצילעוועט אויף דיעזען געפיהל און דאָס זיי אַליין, ליידענדיג פון דעם פּאַטריאָטיזם פון די שטאַרקע פעלקער, זיינען בערייט אויסצופיהרען איבער אַנדערע פעלקער דאָס זעלבע, וואָס די שטאַרקערע האָבען געטהאָן מיט זיי.

דאָס קומט דערפון, וואָס די רעגיערענדע קלאַסען (פערשטעהענדיג אונטער דיזען וואָרט ניט נור די רעגיערונגען מיט זייערע בעאַמטע, נור אויך אַלע קלאַסען, וואָס האָבען געוויסע פּריווילעגיען: קאַפּיטאַליסטען, זשורנאַליסטען, די מייסטע קינסטלער, געלעהרטע) קענען נור בלייבען ביי זייערע פּריווילעגיען נור אויפהאַלטענדיג די רעגיערונג־סיסטעמע, וועלכע פון איהר זייט ווערט שטאַרק אונטערשטיצט פון דעם פּאַטריאָטיזם. האָבענדיג אין זייערע הענד די מעכטיגע מיטעל, ווי צו ווירקען אויפ׳ן פאָלק, האַלטען זיי אימער אויף אין זיך און אין אַנדערע דיעזע פּאַטריאָטישע געפיהלען, און דאָס טהוען זיי מיט דאָס מעהר לוסט, ווייל דיעזע געפיהלען ווערען זעהר גוט בעלוינט פון די הערשענדע מאַכט.

יעדער בעאַמטער האָט אַלץ מעהר שאַנסען צו שטייגען אין זיין טשין, וואָס אַ גרעסערער פּאַטריאָט ער איז. דער קריעגפיהרער קען נור אין דער מלחמה קומען צו אַ העכערען ראַנג.

פּאַטריאָטיזם און זיינע פאָלגען — מלחמות — גיבען אַן איינגעהויערען פערדיענסט פאַר די צייטונגען און זיי זיינען זעהר גוט פאַר פיעלע פּאָדראַטשיקעס. יעדער שרייבער, לעהרער, פּראָפעסאָר איז אַלץ בעסער בעזאָרגט מיט זיין חיונה, וואָס אַ שטאַרקערער פּאַטריאָט ער איז. יעדער אימפּעראַטאָר, קעניג ווערט אַלץ בעריהמטער, וואָס מעהר ער איז אַן איבערגעבענער פּאַטריאָט. אין די הענד פון די רעגיערונג־קלאַסען זיינען דאָ

די ארמיי, געלד, שוהלע, רעליגיאָן און פרעסע. אין די שולען פלאַמען זיי אויף דעם פאטריאָטיזם מיט פערשיערענע געשיכטען, בעשרייבענדיג דעם אייגענעם פאָלק אלס דעם בעסטען פון אלע פעלקער, און אייביג גערעכט. אין די ערוואקסענע פלאקערט מען פערנאנדער דיעזען געפיהל דורך פייערליכע דעמאָנסטראַציאָנען, דורך מאָנומענטען און דורך א לעבהאפטע פרעסע.

אָט דיעזער אויפפלאקערען פון פאטריאָטיזם געהט אָן צווישען די אייראָפעאישע פעלקער מיט אַן אונגעהויערער שנעלקייט, און אין אונזער צייט איז דיעזער שרעקליכער געפיהל דערגאנגען צו אזא גראד, אז ווייטער קען ער שוין ניט געהן.

4.

אפילו נאָך ניט קיין גאנץ אלטע מענשען געדענקען נאָך א פאסירונג, וואָס האָט אויפ'ן קלאָרסטען אופן בעוויעזען די שרעקליכע משוגעת, וועלכע די מענשען פון אונזער צייט האָבען דערגרייכט.

די רעגיערענדע קלאַסען פון דייטשלאנד האָבען פאנאנדערגעברענט דעם פאטריאָטיזם פון דער מאסע צו אזא גראד, דאָס אין די צווייטע העלפט פון דעם נייַנצעהנטען יאהרהונדערט איז פאָרגעשלאָגען געוואָרען א געזעץ, נאָך וועלכען אלע, אָהן אויסנאהמע, מוזען זיין סאָלדאטען, אלע זיהן, פאָטערס, מאַנען מוזען זיך לערנען צו מאָרדען און זיין אונטערטהעניגע קנעכט פון דעם ערשטען העכסטען טשין, און זיין אימער פערטיג צו מאָרדען די, וועמען מען הייסט זיי מאָרדען: צו מאָרדען מענשען פון אונטערדריקטע פעלקער, צו מאָרדען ארבייטער, וואָס קעמפפען פאר זייערע רעכטע, צו מאָרדען זייערע אייגענע פאָטרס און ברידער, ווי דאָס האָט עפענטליך ערקלערט דער גרעסטער בעל חוצפה צווישען אלע הערשער — ווילהעלם דער צווייטער.

דיעזער שרעקליכער געזעץ, וועלכער בעליידיגט אויפ'ן גרעבסטען אופן די בעסערע געפיהלען פון די מענשען, איז אָנגענומען געוואָרען אונטער דעם איינפלוס פון פאטריאָטיזמוס, אָהן אירגענד וועלכען פראָטעסט.

די פאָלגע פון דיעזען געזעץ איז געווען דער זיעג איבער די פראנצויזען. דיעזער זיעג האָט נאָך מעהר פאנאנדער-

נעברענט דעם פּאַטריאָטיזמוס פון דייטשלאַנד, נאכהער פון פראַנקרייך, פון רוסלאַנד און פון אנדערע רעגיערונגען. און אַלע אנדערע אייראָפּעאישע נאַציאָנען האָבען זיך אונטער־געגעבען אָהן אַ פּראָטעסט צו די איינפיהרונג פון מיליטער־פליכט, ד. ה., צו אַ שקלאַפעריי, מיט וועלכע זי קען זיך גאָר ניט פערגלייכען — נאָך דעם גראַד פון ערניעדריגונג און שקלאַפּישע געהאָרכזאַמקייט — מיט אירגענד וועלכע שקלאַפעריי פון די אַלטע צייטען. נאָך דעם זיינען די שקלאַפּישע אונטערטהעניג־קייט פון די מאַסען, אין דעם נאָמען פון פּאַטריאָטיזמוס, און די חוצפּה, גרויזאַמקייט און זינלאָזיגקייט פון די רעגיערונגען געוועזען אָהן אַ מאָס און אָהן אַ ברעג. עס האָט זיך אָנגעהויבען אַ שרעקליכע קאָנקורענץ אין דעם פערכאַפּען פון פרעמדע לענדער אין אזיען, אפריקא און אמעריקא און אַלץ אַ גרעסערער מיס־טרויען און צאָרן צווישען די רעגיערונגען.

די פערניכטונג פון די פעלקער אויף די פערכאַפּטע לענדער האָט מען אָנגענומען אַלס עטוואָס גאַנץ נאַטירליכעס, זעלבסט־פערשטענדליכעס. די פראגע איז נור געווען, ווער עס וועט פריהער פערכאַפּען די פרעמדע לאַנד און וועט פערניכטען איהר בעפעלקערונג. אַלע רעגיערער, ניט נור האָבען זיי איינע געגען די אַנדערע ווי אויך געגען די בעזיעגטע פעלקער פערבראָכען געגען יעדע פאָדערונג פון מענשליכע גערעכטיגקייט, נור זיי האָבען בעגאַנגען פערשיעדענע אַרטען שווינדעל, קאָרופּציאָן, פעלשונגען, שפּיאָנעריי, רויב, מאָרד — און די פעלקער ניט נור סימפּאַטיזירען זיי, מיט דעם אַלעם, נור זיי פרעהען זיך נאָך, דאָס ניט אַנדערע נור זייערע רעגיערונגען איז דאָס געלונגען אויסצופיהרען. די געגענזייטיגע פיינדשאַפט פון די פעלקער און רעגיערונגען האָט דערגרייכט אין די לעצטע צייט צו אַזאַ גראַד, דאָס טראָץ דעם, וואָס די פעלקער האָבען קיין אורזאַכע צו בעפאַלען איינע די אַנדערע, דאָך ווייסען אַלע, דאָס די אַלע רעגיערונגען שטעהען איינע געגען די אַנדערע מיט אויס־געשטרעקטע נעגעל און מיט אויסגעשצירעטע ציין, און וואַרטען נור דאָס איינעם פון זיי זאָל טרעפען אַן אונגליק, ער זאָל אָב־

געשוואכט ווערען, כדי מען זאָל קענען מיט וועניגער געפאהר זיך ארויפוואָרפען אויף איהם און צורייסען איהם.

אַלע פעלקער פון די זאָגענאַנטע קריסטליכע וועלט זיינען געבראַכט געוואָרען דורך דעם פאַטריאָטיזמוס צו אַזאַ ברוטאַלי־טעט, דאָס ניט נור די מענשען, וואָס מוזען טוידטען אָדער געטוידט ווערען, פערלאַנגען און פרעהען זיך איבער מלחמות, נור אפילו די, וואָס לעבען זיך רוהיג אין זייערע גאַנץ זיכערע הייזער, געפינען זיך אין דער לאַגע פון צוזעהער אין אַ רוימישען צירק און, ווי דאָרט, פרעהען זיי זיך איבער די פערגאָסענע בלוט.

ניט נור די גרויסע, נור זאָגאַר די קינדער, די ריינע, אונ־שולדיגע קינדער פרעהען זיך ווען זיי דערוויסען זיך, אַז פון די לעדיט־קוילען זיינען גע'הרג'עט געוואָרען ניט זיעבען־הונדערט נור טויזענד ענגלענדער אָדער בורען.

אָבער דאָס איז נאָך וועניג. יעדע ארמעע־פערגרעסערונג פון איין רעגיערונג צווינגט די צווייטע אויך איהרע צו פערגרע־סערען, דאַן פערגרעסערט די ערסטע איהרע נאָך מעהר, און אזוי ווייטער און אזוי ווייטער.

דאָס זעלבע קומט פאָר מיט די קריעפּאָסטען, פּלאָטען: איין רעגיערונג האָט אויסגעבויט צעהן קריעגסשיפען, די אַנדערע האָט זיך געמאַכט עלף, — דאַן מאַכט זיך די ערסטע צוועלף...

—„איך וועל דיר געבען אַ קניפּ“... — „און איך דיר אין די אויגען אריין.“ — „און איך דיר מיט דער דובינע.“ — „און איך דיר מיט אַ ביקס.“ אזוי רייסען זיך צווישען זיך נור שלעכטע, בייזע קינדער אָדער חיות, און דאָך דאָס זעלבע ווערט געטהאָן פון די העכסטע פאָרשטעהער פון אונזערע רעגיערונגען, פון די, וואָס האָבען צו זאָגען איבער די ערציהונג און די מאָראַל פון זייערע אונטערטהאַנען.

5.

די לאַגע ווערט אַלץ ערגער און אָבצושטעלען דיעזע פער־ערגערונג, וואָס פיהרט צו אַן אויגענשיינליכע פערניכטונג, איז ניטאָ קיין מעגליכקייט. דער איינציגער אויסגאַנג, וואָס האָט זיך גע'חלום'ט פערשיעדענע לייכטגלויביגע מענשען, איז איצט פערמאַכט מיט די פאַסירונג פון דער לעצטער צייט;

איך רייד דאָ פון דעם פריעדענס־קאָנגרעס, וואָס האָט שטאָט־געפונען אין האאג און פון דער מלחמה צווישען ענגלאנד און טראנסוואל, וואָס האָט זיך אָנגעפאנגען גלייך נאָכ׳ן קאָנגרעס.

אויב ווייניג־ אָדער אויבערפלעכליך־דענקענדע מענשען האָבען זיך נאָך פריהער געקענט טרייסטען מיט דעם געדאנק, אז אַן אינטערנאציאָנאלער פריעדענס־געריכט קען בעזייטיגען די אונגליקען פון מלחמה און פון די אלץ מעהר און מעהר וואקסענדע בעוואפנונג, האָבען דער קאָנגרעס אין האאג און די מלחמה, וואָס איז געקומען גלייך דערנאָך בעוויעזען אויף דעם קלאָרסטען אופן, אז דיעזע פראגע קען ניט געלייזט ווערען אויף דיעזען וועג. נאָך דעם קאָנגרעס אין האאג איז געוואָרען אויגענ־שיינליך פאר אלע, דאָס אזוי לאנג, ווי עס וועלען זיין רעגיערונ־גען מיט ארמעען, איז אונמעגליך צו ערווארטען דאָס מלחמות זאָלען אויפהערען. אום עס זאָל מעגליך זיין אַן איינפערשטענד־ניס, איז נויטיג דאָס די איינפערשטענדיגע זאָלען גלויבען איינע די אנדערע. כדי די רעגיערונגען זאָלען גלויבען איינע די אנדערע, איז נויטיג זיי זאָלען אוועקלעגען זייער געוועהר, ווי דאָס טהוען די פארלאמענטאריסטען וואָס פאָהרען זיך צוזאמען אויף זייערע קאָנגרעסען.

אזוי לאנג אָבער ווי די רעגיערונגען, ניט טרויענדיג איינע די אנדערע, שאפען ניט אָב, פערקלענערען, נור פערגרעסערען אלץ זייערע ארמעען, שפּיאָנעווען איינע ביי די אנדערע, וויסענ־דיג, אז איינע וועט זיך ארויפוואַרפען אויף די צווייטע אזוי שנעל ווי עס וועט נור זיין אירגענד וועלכע מעגליכקייט, — איז קיין איינפערשטענדניס ניט מעגליך און יעדער קאָנגרעס איז א דומהייט, אָדער א שפּיעלכעל, אָדער א שווינדערל, אָדער א חוצפּה, אָדער דאָס אלעס צוזאמען.

טאקע פאר דער רוסישער רעגיערונג האָט אם בעסטען געפּאסט צו זיין דער אָרגאניזירער פון אזא קאָנגרעס. די רוסישע רעגיערונג איז אזוי צולאָזען געוואָרען דערפון, וואָס אין דער היים טאָר קיינער ניט ענטפערן אויף אלע איהרע פאלשע מאניפעסטען, דאָס אונגעאכטעט אויף דעם וואָס זי רואינירט איהרע אונטערטהאנען מיט בעוואפנונג, וואָס זי שטיקט פּוילען,

ראבירט טורקעסטאַן, כינא און מיט א בעזאָנדערען כעס שטיקט זי פינלאַנד, — אין פולער זיכערהייט דאָס מען וועט איהר גלויבען, — האָט פאַרגעשלאָגען די פעלקער אוועקצולעגען די געוועהר.

אָבער ווי ווילד, ווי אונערוואַרטעט, ווי אונפערשעהמט דיי־זער פאָרשלאג איז געוועזען, איבערהויפּט נאָך אין דער צייט, ווען עס זיינען געטראָפען געוואָרען מאסרעגעלען צו פערגרעסערען די ארמיי, זיינען די ארויסגעזאָגטע אין די עפענטליכקייט ווער־טער געוועזען אזעלכע, דאָס די אַנדערע רעגיערונגען האָבען זיך צוליעב זייערע פעלקער ניט געקאָנט ענטזאגען פון די קאָמישע, אויגענשיינליך ליגנערישע בעראטהונגען. און די דעלעגאטען זיינען זיך צוזאמענגעפאָהרען, וויסענדיג אין פאָראויס, דאָס דער־פון קען גאָר ניט ארויסקומען, און אין דעם משך פון עטליכע מאָ־נאטען, קריגענדיג גוט בעצאָהלט פאר זייער טרחה, חאָטש זיי האָבען אליין געלאכט זיך אין ארבעל, האָבען זיי זיך אלע גע־מאכט, אזוי ווי זיי וואָלטען געוועזען אין אמת שטארק פערזאָרגט, ווי מען מאכט פריעדען צווישען די פעלקער.

דער קאָנגרעס אין האאג, וואָס האָט זיך געענדיגט מיט א שרעקליכע בלוט־פערגיסונג — מיט דעם קריעג אין טראנסוואאל, וועלכען קיינער האָט גאָר דעם פערזוך ניט געמאכט צו שטערען — איז געוועזען דאָך ניצליך, חאָטש גאָר ניט דערמיט, וואָס מען האָט פון איהם ערוואַרטעט. דער נוצען איז דער, דאָס עס איז בעוויזען געוואָרען, דאָס דער אונגליק, פון וועלכען די מענשען ליידען, קען ניט פערהיט אָדער בעזייטיגט ווערען פון די רע־גיערונגען; דאָס די רעגיערונגען, ווען זיי זאָלען אפילו ווען, קענען ניט אויפהערען זיך צו בעוואפנען אלץ מעהר און מעהר און צו פיהרען קריעג. די רעגיערונגען, כדי זיי זאָלען קענען עקזיסטירען, מוזען האָבען דעם אויסרייד, דאָס זיי פערטהיידי־גען זייערע פעלקער פון דעם אָנפאַל פון אנדערע. אָבער קיין איינציגעס פאָלק וויל ניט אָנפאלען און פאלט ניט אָן אויף דאָס צווייטע. און דארום, אנשטאט צו וועלען פריעדען, מוזען די רעגיערונגען זעהען צו מאכען פיינדשאפט צווישען די פעלקער. אויפרייצענדיג די פיינדשאפט פון אנדערע פעלקער צו זיך, און

אויפפלאקערנדיג דעם פאטריאָטיזם אין דעם אייגענעם פאָלק, ריידען זיי איין דעם אייגענעם פאָלק, דאָס ער איז אין גרויס געפאהר, און מען דאַרף זיך פערטהיידיגען.

האָבענדיג אין זייער האנד די מאכט, קענען די רעגיערונגען צורייצען אנדערע פעלקער און ארויסרופען דעם פאטריאָטיזם אין זייער אייגענעם, און טהאָן מוזען זיי עס, ווייל אנדערס וואָלטען זיי ניט געקאָנט עקזיסטירען.

אויב אמאָל זיינען רעגיערונגען נויטיג געווען, אום צו פערטהיידיגען זייערע פעלקער פון די בעפאלונגען פון אנדערע, איז איצט גראָד פערקעהרט: די רעגיערונגען זעהען מיט אלע קונצען צו צושטערען דעם פריעדען, וואָס עקזיסטירט צווישען די פעלקער און ארויסצורופען א פיינדשאפט צווישען זיי.

ווען מען האָט בעדאַרפט אַקערען, אום צו זייען, איז דאָס אַקערען געווען א פערנינפטיגע זאך; אָבער, עס איז דאָך זעלבסט־פערשטענדליך, אז עס איז דום, שעדליך צו אַקערען, ווען די זריעה איז שוין אויפגעגאַנגען. און דאָס זעלבע צווינגען די רעגיערונגען זייערע פעלקער צו טהאָן — צו פערניכטען די איינינקייט, וואָס עקזיסטירט, און וועלכע וואָלט קיינמאָל ניט צושטערט געוואָרען, ווען קיין רעגיערונגען וואָלטען אויף דער וועלט ניט געווען.

.6

און אין דער אמת'ען, וואָס איז דאָס אזעלכעס די רעגיערונגען פון אונזער צייט, אָהן וועלכע מענשען דאכט זיך מען קען גאָר ניט עקזיסטירען?

אויב עס איז אמאָל געווען א צייט, ווען די רעגיערונגען זיינען געווען א נויטיגע און א קלענערע צרה, אלס דאָס, וואָס איז ארויסגעקומען פון די שוצלאָזיגקייט געגען די אָרגאניזירטע פעלקער, זיינען אָבער איצט די רעגיערונגען געוואָרען אן איבעריגע זאך, און א גרעסערע צרה, ווי אלעס דאָס, מיט וואָס זיי שרעקען זייערע פעלקער.

רעגיערונגען, ניט נור קריעגערישע, נור רעגיערונגען אין אלגעמיין, וואָלטען געקאָנט זיין — איך זאָג שוין ניט ניצליך, אָבער וועניגסטענס ניט שעדליך, נור אין אזא פאל, ווען זיי וואָל־

טען געוועזן צוזאמענגעשטעלט פון הייליגע מענשען, ווי דאָס ווערט געדעכענט פאר נויטיג ביי די כינעזער. אָבער די רעגיע־רונגען, שוין צוליעב זייער פּראָפעסיאָן, וועלכע בעשטעהט אין דעם בעגעהן פון פערשיעדענע געוואַלד־טהאַטען, בעשטעהען אי־מער פון עלעמענטען, וואָס זיינען געראַדע דער היפך פון היי־ליגע; זיי זיינען די פרעכסטע, גרעבסטע און פערדאָרבענסטע מענשען.

דארום איז יעדע רעגיערונג, און איבערהויפּט נאָך אַ רע־גיערונג, וואָס האָט די קריעג־הערשאַפט אין איהרע הענד, אַ שרעקליכע, די געפעהרליכסטע אין דער וועלט אינסטיטוציאָן.

רעגיערונג, אין דעם ברייטעסטען זין פון דעם וואָרט, איינשליסענדיג אין איהר די קאַפּיטאַליסטען און די פּרעסע, איז גיט קיין אַנדער זאַך, ווי נור אַזאַ אָרגאַניזאַציאָן, וועלכע מאכט מעגליך, אַז די קלענערע טהייל פון דער מענשהייט זאָל הערשען איבער דער גרעסערער. דיעזע קלענערע טהייל אונטערוואַרפט זיך אָבער נאָך אַ קלענערען טהייל, און יענע קלענערע — נאָך אַ קלענערען, ביז עס קומט דערצו, אַז נור איינציגע מענשען אָדער איין מענש קריגט די גאַנצע הערשענדע מאכט איבער אַלע אי־בעריגע. דיעזע גאַנצע געביידע איז עהנליך צו די פאָרמע פון אַ קאָנוס*), אַלע טהיילען פון וועלכע געפינען זיך אין די פאָל־שטענדיגע מאכט פון די פערזאָנען אָדער פערזאָן, וואָס געפינט זיך אויפ'ן שפּיץ.

דעם שפּיץ אָבער פון דיעזען קאָנוס פערכאַפּען געוועהנ־ליך דיעזע מענשען אָדער דער מענש, וואָס איז כיטרער, מעהר פרעך און געוויסענלאָזער פאר די אַנדערע. אָדער דער צופעלי־גער יורש פון דיעזע פרעכע און געוויסענלאָזע מענשען.

היינט איז באָריס־גאָדונאָוו, מאָרגען איז גרעגאָרי אָטרע־פּיעוו דער הערשער; היינט די הולטאַיקע יעקאַטערינא, וואָס האָט דערשטיקט מיט איהר ליובאָוניק איהר מאַן, מאָרגען פּו־גאַטשאָוו, איבערמאָרגען דער פעררינקטער פּאַוועל, ניקאָלאַי, אַלעקסאַנדער דער דריטער.

*) אַ קאָנוס האָט די פאָרמע פון אַ היטעל צוקער.

היינט נאפּאָלעאָן, מאָרגען בורבאָן אָדער אָרלעאַנסקער פּרינץ, אָדער בולאַנזשע אָדער א קאָמפּאַניע פּאַנאַמיסטען; היינט גלאַדסטאָן, מאָרגען סאָלסבערי, טשעמבערליין, ראָדס.

און אזעלכע רעגיערונגען האָבען דאָס די פולע מאכט ניט נור איבער אייגענטהום און לעבען, נור זאָגאר איבער די גייסטיגע און מאָראַלישע ענטוויקלונג, איבער די אויפפיהרונג, איבער די רעליגיעזע פיהרערשאפט פון אלע מענשען!

אָט מאכען זיך מענשען אזא שרעקליכע מאשין פון הערשאפט, לאָזען איהר פערכאפּען ועמען עס איז (און אלע שאנסען זיינען דאפיר, אז די מאכט פערכאפּט דער גרעסטער לומפּ, דער פּערדאָרבענסטער) און ווי קנעכט אונטערוואַרפען זיי זיך דיעזע הערשאפט, און נאכהער וואונדערען זיי זיך, דאָס עס איז זיי שלעכט. זיי האָבען מורא פאר מינען, פאר אנארכיסטען, און זיי האָבען ניט מורא פאר יענע שרעקליכע איינריכטונג, וואָס סטראשעט זיי יעדע מינוט מיט די גרעסטע אונגליקען!

מענשען האָבען אויסגעפונען, דאָס אום צו פערטהיידיגען זיך געגען שונאים, איז פאר זיי ניצליך זיך צוזאמענצובינדען, ווי דאָס טהוען די טשערקעסען. אָבער עס איז איצט שוין קיין געפאהר ניטאָ, און זיי האַלטען זיך נאָך אלץ אין איין צוזאמענבינדען.

און ווי שטארק זיי בינדען זיך צוזאמען — אזוי, דאָס איין מענש זאָל קענען מיט זיי אלעמען טהאָן, וואָס איהם פערווילט זיך! דעם עק פון שטריק, מיט וועלכע זיי בינדען זיך אויף, לאָזען זיי גאנץ פריי זיך שאָקלען, איבערלאָזענדיג פאר יעדען ניעגאָדיאַי, פאר יעדען שוטה צו כאפּען עס און טהאָן מיט זיי אלעס, וואָס איהם געפעהלט.

און וואָס טהוען דען אנדערש די פעלקער, ווען זיי אונטערווארפען זיך, גרינדען און האלטען אויף אן אָרגאניזירטע רעגיערונגס־באנדע?

7.

אום צו ראטעווען די מענשען פון די שרעקליכע צרות, וואָס קומען ארויס פון בעוואפנונגען און מלחמות, וועלכע זיי ליידען איצט, און וועלכע ווערען אלץ גרעסער און גרעסער, זיינען

נויטיג ניט קיין קאָנגרעסען, ניט קיין פריעדענס־קאָנפערענצען, נור די פערניכטונג פון דעם ווערקצייג פון פערגעוואַלדיגונג, וואָס רופט זיך רעגיערונג, און וואָס איז די אורזאכע פון אלע מענשליכע צרות.

אום צו פערניכטען די רעגיערונג, איז נור נויטיג איין זאך: עס איז נויטיג, אז מענשען זאָלען פערשטעהן, אז דער געפיהל פון פאַטריאָטיזם, וואָס דאָס איז דאָס איינציגע, אויף וואָס די רעגיערונג שטיצט זיך, איז א גראָבער, שעדליכער, שענדליכער און א שלעכטער געפיהל, און איבערהויפט אַן אונמאָראַלישער געפיהל. א גראָבער געפיהל איז פאַטריאָטיזם צוליעב דעם, ווייל ער איז אייגענטהימליך נור מענשען וואָס שטעהען אויף דער נידעריגסטער שטופע פון זיטליכקייט, וועלכע ערוואַרטען פון אנדערע פעלקער דיזעלבע געוואַלד־טהאַטען, וועלכע זיי זיינען פערטיג צו בעגעהן איבער אנדערע; א שעדליכער געפיהל איז ער צוליעב דעם, ווייל ער צושטערט די פריעדליכע און גוטע פערהעלטניסע מיט אנדערע פעלקער און איבערהויפט, ווייל ער בעשאַפט די אָרגאַניזאַציאָן פון רעגיערונגען, וועלכע נור די ערגסטע קריגען אריין אין זייער מאכט; א שענדליכער געפיהל איז ער צוליעב דעם, ווייל ער פערוואַנדעלט דעם מענשען ניט נור אין א שקלאַף, נור אין א קאַמפף־האָן, אין אַן אָקס, אין א גלאַדיאַטאָר, וועלכער פערניכטעט זיינע קרעפטען און זיין לעבען ניט פאר זיך, נור פאר זיין רעגיערונג; אַן אונזיטליכעס געפיהל איז עס צוליעב דעם, ווייל, אָנשטאָט זיך צו בעטראַכטען אלס א פרייען מענשען, וועלכער געהט נאָך זיין אייגענעם שכל, ווערט יעדער מענש, אונטער דעם איינפלוס פון פאַטריאָטיזם, א „זוהן פון פאַטערלאַנד“, א קנעכט פון זיין רעגיערונג, און טהוט אזעלכע זאכען, וואָס זיינען ענטגעגען זיין פערשטאַנד און געוויסען.

מענשען דארפען דאָס נור פערשטעהן, און גאַנץ אליין, גאַנץ פון זיך, וועט צופאַלען דיעזע שרעקליכע אָרגאַניזאַציאָן, וואָס רופט זיך רעגיערונג, און צוזאמען מיט איהר וועט אויך נעהמען א סוף צו יענעם שרעקליכען און ניט־נויטווענדיגען איבעל, פון וואָס די פעלקער ליידען.

און עס זיינען שוין אויך דאָ מענשען, וואָס פערשטעהען

עס — אַט וואָס עס שרייבט מיר א בירגער פון די פעראייניגטע שטאַאטען:

„דאָס איינציגע, וואָס מיר בעטען אַלע — די ערד־ארביי־טער, מעכאניקער, סוחרים, פאבריקאנטען, לעהרער — איז דאָס רעכט צו בעשעפטיגען זיך מיט אונזערע אייגענע אנגעלעגענהיי־טען. מיר האָבען אונזערע הייזער, ליעבען אונזערע פריינד, מיר זיינען איבערגעגעבען צו אונזערע פאמיליען, און מיר מישען זיך ניט אריין אין די אנגעלעגענהייטען פון אונזערע שכנים, ביי אונז איז דאָ ארבייט, און מיר פערלאַנגען צו ארבייטען.

„לאָזט אונז אין רוה!

„אָבער די פּאָליטיקער ווילען עס ניט; זיי ליגען אויף אונז ארויף טעקסעס; זיי פערפרעסען אונזער אייגענטהום, זיי צעה־לען אונז, וויפיעל נפשות מיר זיינען, אונזער יוגענד נעהמען זיי אוועק אויף זייערע מלחמות.

„גאנצע מאסען מענשען, וואָס לעבען פון די רעגיערונג, הענגען אָב פון איהר, און ווערען פון איהר אויפגעהאַלטען, אום אויף אונז ארויפצולעגען טעקסעס. און כדי זיי זאָלען די טעק־סעס קענען קריגען, האַלטען זיי אויף די ארמיי. דער אויסרעד, אז מען דארף די ארמיי, אום צו פערטהיידיגען דאָס לאַנד, איז אן אָפיציעלער שווינדעל.

„די פראנצויזישע רעגיערונג שרעקט דעם פאָלק, דער־צעהלענדיג איהם, דאָס די דייטשען ווילען איהם בעפאַלען; די רוסישע האָבען מורא פאר די ענגלענדער. און איצט, אין אמע־ריקא, זאָגט מען אונז, אז מיר מוזען פערגרעסערען אונזער פלאָטע, מאכען גרעסער די ארמיי, ווייל איירָאפּא קען יעדען מאָמענט זיך א נעהם טהאָן צו אונז. דאָס איז א ליגען. דער איינפאכער פאָלק אין פראנקרייך, דייטשלאַנד, ענגלאַנד און אמעריקא איז געגען א מלחמה. מיר פערלאַנגען נור, מען זאָל אונז לאָזען צורוה. מענשען, וואָס האָבען פרויען, עלטערן, קינ־דער, היימען, האָבען קיין לוסט ניט אוועקצוגעהן שלאָגען זיך מיט וועמען עס איז. מיר ליעבען פריעדען, מיר האָבען מורא פאר א מלחמה, מיר האסען איהר.

„מיר ווילען ניט טהאָן אַנדערע דאָס, וואָס מיר וואָלטען ניט געוואָלט, אז מען זאָל טהאָן געגען אונז.

„קריעג איז די פאָלגע דערפון, וואָס עס זיינען דאָ בעוואַפענטע מענשען. אַ לאַנד, וואָס האָט אַ גרויסע שטענדיגע אַרמיי, ווערט פריהער אָדער שפּעטער פיהרען אַ מלחמה. דער מענש, וואָס שטאָלצירט מיט זיין כח אין אַ קאַמפּף מיט'ן קאָלאַק, ווערט זיך זיכער אַנשטויסען אויף אַ מענשען, וואָס האַלט זיך פאַר שטאַרקער — און זיי ווערלען זיך שלאָגען. פראַנקרייך און דייטשלאַנד ווארטען אויף די געלעגענהייט אום אויסצופּרובירען איינער געגען אַנדערען זייערע קרעפטען. זיי האָבען זיך שוין געשלאָגען עטליכע מאָל, און זיי וועלען זיך נאָך וויעדער שלאָגען. ניט, ווייל זייערע פעלקער פערלאַנגען אַ מלחמה, נור, ווייל די העכערע קלאַסען בלאָזען אין זיי אויף די געגענזייטיגע פיינדשאַפט, און ריידען איין די מענשען, אַז זיי מוזען פיהרען קריעג, אום זיך צו פערטהיידיגען.

„ווי אַזוי אָבער זאָלען מיר זיך בעפרייען פון דיעזען קלאַסלעדיג־געהער, וואָס אַרבייטען ניט, און זיינען דאָך געקליידעט אין טהייערען, דינעם טוך מיט מעשענע קנעפּ און אַנדערע דעקאָראַציעס, וועלכע לעבען פון אונזער אַרבייט, פאַר וועלכע מיר בעאַרבייטען די ערד?

„זאָלען מיר אַרויסגעהן אין קאַמפּף מיט זיי?

„אָבער מיר גלויבען ניט אין בלוט־פערגיסונג. און אויסער דעם, האָבען זיי די וואַפען, דאָס געלד, און זיי וועלען אויסהאַלטען לענגער פאַר אונז.

„אָבער ווער שטעלט צוזאַמען די אַרמיי, וועלכע מען ווערט אַרויסשיקען אין קאַמפּף געגען אונז?

„אין דיעזע אַרמיי זיינען דאָך מיר אַליין, אונזערע בעשווינדעלטע שכנים און ברידער, וועלכע מען האָט איינגערעדט, אַז זיי דיענען גאָט, פערטהיידיגענדיג די לאַנד פון דעם שונא. דער אמת איז אָבער, דאָס אונזער לאַנד האָט ניט קיין אַנדערע שונאים, אויסער די העכערע קלאַסע, וועלכע האָט זיך אונטערנומען אַכטונג צו געבען אויף אונזערע אינטערעסען, אויב מיר וועלען נור זיי בעצאָהלען דערפאַר. זיי זויגען אונז אויס דעם

מאַרך פון די ביינער און הערצן אויף אונזערע אייגענע ברידער געגען אונז, אום צו פערשקלאַפען און ערנידריגען אונז.

„איהר קענט ניט שיקען א טעלעגראַמע צו אייער פרוי אָדער פריינד, אָדער א טשעק, אָהנע צו בעצאָהלען אַ טאַקסע, וואָס געהט, אום אויפצוהאַלטען בעוואַפענטע מענשען, וועלכע קענען געברויכט ווערען, אום אייך אַליין צו טוידטען, און וועלכע ווע־לען געוויס אייך ארייגזעצען אין געפענגניס, אויב איהר וועט די טאַקסע ניט בעצאָהלען.

„די איינציגע רעטונג בעשטעהט אין דעם, געבען מענשען צו פערשטעהן, דאָס עס איז אונמענשליך צו טוידטען. איגנאָ־רירט די העכערע קלאַס, ענטזאגט זיך צו קניען פאר זייער בלוט־טיגען געץ. הערט אויף צו אונטערשטיצען די פרעדיגער פון קריעג, און וואָס שטעלען ארויס דעם פאַטריאָטיזם, אלס עטוואָס וויכטיגעס!

„זאָלען זיי ארבייטען, ווי מיר!

„מיר וועלען זיך ניט לאָזען נעהמען פאר קיין סאָלדאַטען. מיר וועלען ניט שיסען, ווען מען וועט אונז הייסען, מיר וועלען זיך ניט בעוואפנען מיט ביקסען געגען א גוטען שטילען פאָלק. מיר וועלען ניט אויף דעם וואונש פון סעסיל רהאָדס שיסען אין פאַסטוכער און לאַנדארבייטער, וואָס פערטהיידיגען זייערע היימען.

„אייער פאלשער געשריי: „וואָלף, וואָלף!“ דערשרעקט אונז ניט. מיר צאָהלען נור אונזערע טאַקסעס, ווייל מיר זיינען געצוואונגען דאָס צו טהאָן. מיר וועלען אזוי לאַנג צאָהלען, ביז מיר וועלען מ ו ז ע ן. מיר וועלען ניט צאָהלען קיינע רעליגיע־זע טעקסעס די גאָטס־גנבים, און מיר וועלען ביי יעדע געלעגענ־הייט ארויסזאָגען אונזער מיינונג.

„און אונזער ווירקונג וועט ווערען אלץ גרעסער און גרע־סער. און אפילו מענשען, וואָס מען האָט שוין גענומען פאר סאָלדאַטען, וועלען זיך ענטזאגען צו קעמפפען, מיר וועלען פער־ברייטען דעם געדאַנק צווישען די מענשען, דאָס אַ לעבען פון פריעדען איז בעסער פון אַ לעבען פון קאַמפף, בלוטפערגיסונג און מלחמה.

„פריערען אויף דער ערד! — קען נור דאן אָנקומען, ווען מיר וועלען זיך פריי מאכען פון אונזערע ארמייען און מיר וועלען ווינשען צו אנדערע דאָס זעלבע, וואָס מיר ווינשען פאר זיך.“

דאָס שרייבט א בירגער פון די פעראייניגטע שטאאטען, און פון פערשיעדענע זייטען אין פערשיעדענע פאָרמען לאָזען זיך הערען עהנליכע שטימען.

אָט וואָס א דייטשער סאָלדאט שרייבט:

.8

„איך האָב דורכגעמאכט צוויי שלאכטען צוזאמען מיט דער פּרייסישער גווארדיע (1866—1870) און איך האס דעם קריעג פון מיין טיעפען הארצען, ווייל ער האָט מיר געמאכט אזוי אונגליקליך, אז איך קען עס גאָרניט אויסדריקען. מיר, צוקאליעטשעטע סאָלדאטען, קריגען מייסטענטהייל אזא עלענדע בעלוינונג, דאָס עס קומט ווירקליך אוים זיך צו שעהמען פאר דאָס, וואָס מיר זיינען אמאָל געוועזען פּאטריאָטען. איך, צום ב"ש, קריג טעגליך פאר מיין דורכגעשאָסענע האנד 80 פּעניג, א יאגדהונד פערברויכט מעהר, אום צו לעבען; איך האָב פערלאָרען א גוטע שטעלע; איידער איך בין געוועזען א סאָלדאט, בין איך געוועזען א ביער־ברויער, און נאָך דעם קריעג האָב איך שוין מעהר ניט געקאָנט קריגען דיעזע שטעלע. פון דעמאָלט אָן קען איך זיך שוין ניט מעהר שטעלען אויף די פיס. דער משוגעת פון פּאטריאָטיזמוס איז אוועק, און איצט קומט מיר אוים צו מאכען מיין לעבען פון בעטלען.

„אין א וועלט, וואו מענשען לויפען ארום, ווי אויסגעלערענטע חיות, און זיי זיינען ניט פעהיג אויף קיין אנדער געדאנקען, ווי נור אָבצונארען איינער דעם אנדערען צוליעב דעם פערפלוכטען געלד, אין אזא וועלט מעג מען מיר האלטען פאר משוגע, אָבער איך פיהל דאָך אין מיר דעם געטליכען געדאנק פון פריערען. נאָך מיין טיעפער איבערצייגונג, איז קריעג נור א האנדעל אין א גרעסערען מאסשטאב — א האנדעל פון די כבוד־זוכענדע און מעכטיגע מענשען מיט דעם גליק פון די געקנעכטעטע פעלקער.

„און וואָס פאר א שרעקליכע זאכען עס קומט איינעם אוים

דורכצולעבען אין א מלחמה! קיינמאָל וועל איך זיי ניט פער־געסען, דיזע קלאָגענדע קרעכצען, וואָס דרינגען איינעם דורך ביז די מארך פון די ביינער.

„מענשען, וואָס האָבען קיינמאָל איינער דעם אנדערען קיין שלעכטעס ניט געטהאָן, טוידטען איינער דעם אנדערען, ווי וויל־דע חיות, און די קליינינקע שקלאָפּישע נשמות פערמישען נאָך דעם גוטען גאָט אלס העלפער אין זייערע פערברעכענס.

„א סאָלדאט, וואָס איז געשטאנען לעבען מיר אין סטראָי, האָט א קויל צובראָכען די יאסלע. דער אונגליקליכער איז משוגע געוואָרען פון וועהטאָג. ער איז געלאָפען, ווי א משוגע־נער. אונטער די ברענענדע זומער היץ האָט ער ניט געפונען א ביסעל וואסער, אָבצופרישען זיין וואונד. אונזער קאָמאנ־דיר, קראָנפּרינץ פריעדריך, האָט דאן געשריעבען אין זיין טאָ־געבוך: „דער קריעג — דאָס איז די איראָניע אויף דעם יע־וואנגעליום...“

מענשען, אלזאָ, הויבען שוין אָן צו פערשטעהן דעם שוויג־דעל פון פּאטריאָטיזם, אין וועלכען מען וויל עס אזוי שטארק אויפהאלטען די פעלקער.

## 9.

„אָבער וואָס וועט זיין, ווען קיין רעגיערונג וועט ניט זיין?“ פרעגט מען געוועהנליך.

— עס וועט גאָר ניט זיין. עס וועט זיין נור דאָס, וואָס עס וועט פערניכטעט ווערען דאָס, וואָס איז שוין געוועזען לאנג ניט נויטיג און דאריבער איבעריג און שעדליך.

„אָבער ווען עס וועט ניט זיין קיין רעגיערונג, וועלען דאָך מענשען הרג'ענען איינער דעם אנדערען אין די גאסען“, זאָגט מען געוועהנליך.

— אָבער פאר־וואָס? פאר־וואָס וועט דאָס די פערניכטונג פון די אָרגאניזאציאָן, ועמעס אבשטאמונג איז געוואלט, און וועלכעס איינציגע בעשעפטיגונג פון דור צו דור איז געוועזן די אויסאיבונג פון געוואלד — פאר־וואָס וועט עס די פערניכטונג פון אזא אינסטיטוציאָן מאכען, אז מענשען זאָלען הרג'ענען אין די גאסען איינער דעם אנדערען? פערקעהרט, דאכט זיך, די

פערניכטונג פון אזא ווערקצייג פון געוואלד, מוז פיהרען דער־צו, אז מענשען זאָלען אויפהערען צו פערגוואלדיגען און צו טוידטען איינער דעם צווייטען.

איצט זיינען דאָ מענשען, וואָס ווערען ספּעציעל אויפ־געהאָדעוועט, אום צו טויטען און צו געברויכען געוואלט איבער אנדערע מענשען — מענשען, וועלכע מען גיט דאָס רעכט דאָס צו טהון. אזא פערגוואלטיגונג אין מענשען־מערדעריי האלט מען פאר גוט, פאר עטוואָס שעהנעס, גרויסארטיגעס. ווען עס וועט אָבער ניט זיין קיין רעגיערונג, וועלען מענשען ניט ערצויגען ווערען צו זיין מערדער; קיינער וועט ניט האָבען דאָס רעכט צו טוידטען, עס וועט ניט זיין מעהר די אָרגאניזירטע געוואלט, און געוואלט און מאָרד וועלען בעטראכט ווערען פאר עטוואָס זעהר שלעכטעס.

ווען אָבער נאָך דעם, ווי רעגיערונג וועט שוין נים זיין, וועלען דאָך פאָרקומען געוואלט־טהעטיגקייטען, וועלען זיי אָבער זיכער ניט זיין אזוי פיעל, ווי איצט, ווען די מאָרד־פּראָפעסיאָן ווערט אנערקענט פאר א ניצליכע זאַך.

מענשען זאָגען, ביודעים אָדער בלא יודעים, צוזאמענ־מישענדיג די געוואלט־טהעטיגקייט פון די רעגיערונגען מיט די פערשיעדענע טהעטיגקייטען פון די געזעלשאפט: „עס וועלען ניט זיין קיין געזעצע, קיין אייגענטהום, קיין געריכטע, קיין פּאָליציי, קיין פאָלקס־בילדונג“.

אָבער דאָס איז ניט אמת. די פערניכטונג פון די רעגיערונ־גען, וועלכע זיינען געשאפען דערצו אום צו בעגעהן געוואלט־טהאטען, וועט בשום אופן ניט ברענגען מיט זיך די פערניכטונג פון אלעס דאָס וואָס איז פערנינפטיג און גוט אין דעם מענש־ליכען לעבען. אומגעקעהרט, די אבוועזענהייט פון די גראָבע געוואלטמאכט פון די רעגיערונגען, וועלכע האָבען אלס זייער הויפּטצוועק, אויפצוהאלטען זיך זעלבסט, וועט זעהר פיעל העלפען צו א פיעל פערנינפטיגערע, גערעכטערע געזעלשאפט־ליכע אָרגאניזאציאָן, וועלכע נויטיגט זיך ניט אין געוואלט. געריכטס־פערהאנדלונגען, געזעלשאפטליכע טהעטיגקייטען און פאָלקס־בילדונג — דאָס אלעס וועט זיין אזוי פיעל, וויפיעל די

מענשען וועלען זיך נויטיגען אין דעם. מיט דער פערניכטונג פון דער רעגיערונג וועט נור פערניכטעט ווערען דאָס שלעכטע אין דעם געזעלשאפטליכען לעבען.

אָבער ווען מען זאָל אפילו אָננעהמען, דאָס דורך די אב־וועזענהייט פון רעגיערונגען וועלען פאָרקומען שלעגערייען, אינערליכע צוזאמענשטויסונגען, איז אפילו דאַן וואָלט די לאגע פון די נאציאָנען געווען פיעל בעסער ווי זי איז איצט. די לאגע פון די פעלקער איז איצט אזוי שלעכט, דאָס ערגער קען מען זיך זי קוים פאָרשטעלען, דאָס פאָלק איז גענצליך רואינירט, און דיזע רואינירונג מוז אלץ ווערען שטארקער און שטארקער. אלע מענער זיינען שוין אומגעוואנדעלט אין מיליטערישע שקלא־פען און יעדע מינוט מוזען זיי זיין בערייט צו פאָלגען דעם בעפעהל צו געהן הרג'ענען אנדערע אָדער אליין גע'הרג'עט צו ווערען. טו צו וואָס נאָך ווארטען? אז די בערויבטע פעלקער זאָלען אין גאנצען אויסשטארבען פון הונגער? דאָס פאנגט זיך שוין אויך אָן אין רוסלאנד, איטאליען און אין אינדיען! אָדער דאָס א חוץ מענער זאָלען אויך פרויען מוזען געהן פאר סאָלדא־טען? אין טראנסוואל האָט אויך דאָס זיך שוין אָנגעפאנגען.

אלזאָ, ווען די אבוועזענהייט פון רעגיערונגען וואָלט אפילו טאקע בעטייט אנארכיע אין דעם ערגסטען זין פון וואָרט: אין דעם זין פון אונאָרדנונג, (וואָס דאָס איז גאָר ניט דער טייטש), וואָלט אויך דאַן קיין אונאָרדנונג, קיין אנארכיע ניט געקענט מאכען ערגער די לאגע פון די מענשען, צו וועלכע די רעגיערונגען האָבען זיי געבראכט.

און דארום קען עס ניט זיין ניט־ניצליך פאר די מענשען פריי צו ווערען פון דעם פאטריאָטיזמוס און צו פערניכטען די רעגיערונגען, וועלכע זיינען געבויט אויף איהם.

10.

זעהט זיך ארום מענשען, און צוליעב אייער אייגענעם גליק, קערפערליכען און גייסטיגען און דעם גליק פון אייערע ברידער און שוועסטער, האלט אָב! קוקט זיך ארום, דענקט, וועגען דעם, וואָס איהר טהוט! בעדענקט אייך און פערשטעהט, דאָס אייערע פיינד זיינען ניט בורען, ניט ענגלענדער, ניט פראנצוי־

זען, ניט דייטשען, ניט טערקען, ניט פינלענדער, ניט רוסען, נור דאָס אייערע שונאים און די איינציגע שונאים — זיינט איהר אליין, וואָס האַלט אויף מיט'ן פּאַטריאָטיזמוס די רעגיערונגען, וואָס דריקען און שטיקען אייך, און מאַכען אייך אונגליקליך.

זיי האָבען זיך גענומען צו פערטהיידיגען אייך פון געפאהר און זיי האָבען אייך געבראַכט אזוי ווייט, דאָס זיי האָבען אייך געמאַכט פאר סאָלדאטען, פאר שקלאַפען, איהר זיינט שוין אַלע באַלד רואינירט, און איהר דארפט ערווארטען, דאָס די אָנגעצויגענע סטרונע וועט פּלאַצען, עס וועט זיך אָנפאַנגען אַ שרעקליכע אויסמאָרדונג פון אייך און פון אייערע קינדער.

און, ווי די אויסמאָרדונג זאָל ניט זיין גרויס, און מיט וואָס דאָס זאָל זיך ניט ענדיגען, וועט די לאַגע דאָך בלייבען דיזעלבע. די רעגיערונגען וועלען נאָך אַלץ האַלטען אין איין בעוואפענען, רואינירען און קאָרומפּירען אייך און אייערע קינדער! און דאָס ניט דערלאָזען, אָדער אָבשטעלען עס, וועט קיינער אייך ניט העלפען, אויב איהר וועט זיך אַליין ניט העלפען.

די הילף איז אָבער נור אין איין זאַך — אין די פערניכטונג פון די שרעקליכע מאַשין פון געוואַלט, וועלכע מאַכט מעגליך פאר דעם אָדער די צו הערשען איבער אַ גאַנצעס פאָלק, און דאָס זיכערער הערשען זיי, וואָס אונמענשליכער, וואָס גרויזאַמער זיי זיינען, ווי מיר ווייסען עס פון די נאַפּאָלעאָנס, ניקאָלאַיס, ביסמארקס, טשעמבערליינס, ראָהדסעס און אונזערע אייגענע דיקטאַטאָרס, וועלכע רעגיערען איבער די פעלקער אין דעם נאָמען פון צאַר.

צו פערניכטען דיזען פּלאָנטער איז אָבער דאָ נור איין מיטעל — אייער אויפוואַכונג פון דעם שרעקליכען חלום פון פּאַטריאָטיזמוס.

פערשטעהט, אז די אַלע צרות, פון וועלכע איהר ליידט, מאַכט איהר זיי זיך אַליין, אונטערוואַרפענדיג זיך די איינרעדענישען מיט וועלכע עס בעשווינדלען אייך די אימפּעראַטאָרס, די קעניגע, די פּאַרלאַמענטס-מיטגליעדער, די רעגיערער, די קריעגספיהרער, די קאַפּיטאַליסטען, די גייסטליכע, די שרייבער, די

קינסטלער — אלע די, פאר וועמען דער שווינדעל פון פאטריאָ־טיזמוס איז נויטיג, אום צו לעבען פון איער פראצע.

ווער איהר זאָלט ניט זיין, — פראנצויז, רוס, פּאָליאַק, ענגלענדער, איירישער, דייטש, טשעך — פערשטעהט, דאָס אלע אייערע איצטיגע מענשליכע אינטערעסען, וועלכע זיי זאָלען ניט זיין, צי אלס ערד־ארבייטער, אלס סוחר, אלס פאבריקאנט, אלס קינסטלער אָדער געלעהרטער — אלע דיזע אינטערעסען, ווי אויך אייערע פערגעניגענס און פריידען זיינען ניט אין ווידער־שפּרוך מיט די אינטערעסען פון אנדערע פעלקער, און דאָס איהר זיינט פעראייניגט דורך א געגענזייטיגע צוזאמענווירקונג, דורך דעם אויסטויש פון געפעליגקייטען, דורך די פרייד פון א ברייטע, ברידערליכע געמיינשאפטליכקייט, דורך דעם אויסטויש ניט נור פון פּראָדוקטען, נור אויך פון געדאנקען און געפיהלען מיט די מענשען פון אנדערע פעלקער.

פערשטעהט, דאָס די פראגען איבער דעם, וועמען עס האָט זיך איינגעגעבען צו פערכאפּען ווע־הא־ווע, פּאָרט־ארטהור אָדער קובא — צי אייער רעגיערונג אָדער אן אנדערע — זיינען פאר אייך ניט נור פון קיין אונטערשיעד, נור יעדע אזעלכע פער־כאפּונג, וואָס אייער רעגיערונג האָט געמאכט, שאדט אייך שוין צוליעב דעם, ווייל דאָס מוז אונפערמיידליך ברענגען מיט זיך, דאָס אייער רעגיערונג זאָל ווערען נאָך מעכטיגער, און דאָס זי וועט אייך צווינגען אנטהייל צו נעהמען אין דיזע רויבערייען און געוואלט־טהעטיגקייטען, וועלכע זיינען נויטיג פאר ווייטערע פערכאפּונגען און פאר דאָס איינהאלטען פון דאָס פערכאפּטע.

פערשטעהט, דאָס אייער לעבען קען זיך גאָרניט פער־בעסערען דורך דעם וואָס עלזאס וועט געהערען צו דייטשלאנד אָדער פראנקרייך, און איירלאנד אָדער פּוילאנד וועלען זיין פריי אָדער אונטערדריקט. וועמעס זיי זאָלען ניט זיין, קענט איהר לעבען וואו איהר ווילט. אפילו איהר זאָלט אליין זיין אן עלזאסער, אן איירישער אָדער פּאָליאַק וועט יעדע פאנאנדער־פלאקערונג פון פאטריאָטיזמוס פערערגערען אייער לאגע, ווייל די פערשקלאפונג, אין וועלכע אייער פאָלק געפינט זיך, שטאמט דאָך פון דעם קאמפף פון די פערשיעדענע פאטריאָטיזמען ; און

יעדער ארויסווייזען זיך פון פאטריאָטיזם אין איין פאָלק פער־גרעסערט די רעאקציאָן געגען איהם אין א צווייטען פאָלק. פערשטעהט, דאָס ראטעווען זיך פון אלע אייערע צרות קענט איהר נור דאן, ווען איהר וועט זיך פריי מאכען פון די אָבגעלעב־טע אידעע פון פאטריאָטיזם און פון די אונטערטהעניגקייט צו די רעגיערונג, און ווען איהר וועט מוטהיג אריינטרעטען אין דער וועלט פון יענע העכערע אידעע פון ברידערליכע געמיינשאפט־ליכקייט, וועלכע איז שוין לאנג אריינגעטראָטען אין לעבען, און פון אלע זייטען רופט זי אייך צו זיך.

זאָלען נור מענשען פערשטעהן, אז זיי קענען ניט זיין קיין „זיהן“ פון וועלכען־עס־איז פאטערלאנד אָדער רעגיערונג, דאָס זיי טאָרען ניט זיין קיין שקלאפען און ניט קיין פיינד פון אנדערע מענשען, און גאנץ פון זיך אליין וועלען צופאלען זי פערפוילטע איינריכטונגען, וואָס זיינען אונז פערבליעבען פון אלטערטהום, די איינריכטונגען וואָס רופען זיך מיט דעם נאָמען רעגיערונגען. און מיט זיי וועלען אויך אויפהערען די אלע ליידען, פערגעוואלטיגונגען, בעליידיגונגען און פערברעכען, וועלכע זיי ברענגען מיט זיך.

# געלד

געלד! וואָס איז געלד? געלד רעפּרעזענטירט מיט זיך ארבייט.

איך האָב בעגעגענט מענשען, וועלכע מיינען זאָגאר, אז געלד שטעלט מיט זיך פאָר די ארבייט פון דעם, וועלכער האָט דאָס געלד.

איך בין זיך מודה, דאָס איך האָב פריהער אויך אזוי געדענקט, אבער איך האָב געפיהלט א שטארקען דראנג צו דערוויסען זיך אויף קלאָר, וואָס איז עס געלד. און אום דאָס צו דערגעהן, האָב איך מיך געווענדעט צו דער וויסענשאפט.

די וויסענשאפט זאָגט, אז געלד איז ניט עטוואָס אונגערעכטעס אָדער שעדליכעס; דאָס געלד איז דער נאטירליכער פערהעלטנים פון דעם געזעלשאפטליכען לעבען, און דאָס עס איז גאָרניט אויסצוקומען אָהן געלד.

געלד איז נויטיג זאָגט די וויסענשאפט צוליעב פיער זאכען:

1. פאָר די פערלייכטערונג פון האנדעל.
2. פאָר די בעשטימונג פון די מאָסען פון ווערטה.
3. פאָר צוועקען פון אָבשפּאָרען, און
4. פאָר צו מאכען צאָהלונגען.

דער מעכטיגער פאקט, דאָס איך, ווען איך האָב נור דריי רובעל אין קעשענע, אין וועלכע איך נויטיג זיך ניט, דארף נור א וואונק געבען, און באלד זיינען דאָ ארום מיר, אין יעדער ציווילירטער שטאדט, א הונדערט מענשען, וועלכע זיינען פערטיג, צוליעב דיזע דריי רובעל, צו טהון די שווערסטע און די עקעליכסטע ארבייט—דיזער פאקט, ווערט ערקלערט, קומט ניט פון דעם, וואָס עס איז דאָ געלד, נור פון די העכסט־פערפלאָנטערטע פערהעלטניסע פון דעם עקאָנאָמישען לעבען פון די נאציאָנען.

דאָס, וואָס מאנכע מענשען הערשען איבער די אנדערע, דאָס, זאָגט מען אונז, קומט ניט פון דעם געלד, נור פון דעם,

וואָס דער ארבייטער קריגט ניט דעם פולען ווערטה פון זיין ארבייט. און דאָס וואָס דער ארבייטער קריגט ניט דעם פולען ווערטה פון זיין ארבייט, ווערט ערקלעהרט מיט די איינגענשאַפ־טען פון קאַפּיטאַל, רענט און ווײדזשעס און מיט די פערבונדענע און פערקניפּטע שייכות צווישען דיעזע פאַקטאָרען און דעם פּראָצעס פון פּראָדוקציאָן, פון פערטהיילונג און דעם פערברויך פון רייכטהום.

אין פּראָסטע דיבורים וואָלט מען געקענט זאָגען, אז די יעניגע, וועלכע האָבען געלד, קענען טהאָן אלעס, וואָס זיי געלוסט זיך מיט די יעניגע, וועלכע האָבען גאָרניט. אָבער די וויסענ־שאַפט זאָגט, אז איינס מיט דאָס אנדערע האָט גאָר ניט צו טהון.

די וויסענשאַפט זאָגט:

„אין יעדען סאָרט פון פּראָדוקציאָן שפּיעלען אַ ראָלע דריי פאַקטאָרען: לאַנד, אָנגעזאַמעלטע ארבייט (קאַפּיטאַל) און ארבייט. און פון די פערשיעדענע שיכות צווישען דיזע פאַק־טאָרען, און פון דעם פאַקט, דאָס די ערשטע צוויי פאַקטאָרען — לאַנד און קאַפּיטאַל — זיינען ניט אין די הענד פון די ארביי־טער, נור פון אנדערע פערזאָנען, מיט אלע פערפלאָנטערטע קאָמבינאַ־ציאָנען, וועלכע קומען ארויס דערפון — אָט פון דעם אלעם שטאַמט עס, וואָס מאַנכע מענשען זיינען פערשקלאַפט פון אנדערע.“

פון וואַנען קומט עס די הערשאַפט פון געלד, וועלכע מאַכט אונז שטוינען מיט איהר אונגערעכטיגקייט און גרויזאַמקייט?

ווי קומט עס, אז מיט דער הילפע פון געלד הערשען מאַנכע מענשען איבער אנדערע?

אויף דעם ענטפערט די וויסענשאַפט:

דאָס קומט פון דער אָבגעטהיילטקייט צווישען די פאַקטאָ־רען פון דער פּראָדוקציאָן; און אָט די פערהעלטניסע, וועלכע קומען עס ארויס פון דיעזער אָבגעטהיילטקייט, דריקען עס די ארבייטער.

דיזער ענטפער האָט מיר אימממער־צו אויסגעזעהען גאַנץ מאָדנע, ניט נור, ווייל ער איגנאָרירט איין זייט פון דיעזער פּראַ־גע, — נעמליך, די ראָליע, וואָס געלד שפּיעלט — נור אויף דער־

פאר, ווייל די ערקלערונג פון דער אבגעטהיילטקייט צווישען די פאקטארען פון דער פראדוקציאן, קומט אויס פאר א מענשען מיט א גלייכען שכל, פאר א מענשען אהן פאראורטהיילע, א זעהר קרומע ערקלערונג. די פונאנדערטהיילונג פון די פראדוק־ציאנס־פאקטארען איז קינסטליך און אונגאטירליך.

עס ווערט בעהויפטעט, דאס אין יעדען סארט פון פראדוק־ציאן שפיעלען א ראליע דריי פאקטארען: לאנד, קאפיטאל און ארבייט. און דערמיט ווערט געמיינט, דאס דער רייכטהום, (וואס איז דאס־זעלבע, וואס געלד) ווערט נאטירליך פער־טהיילט צווישען די יעניגע, וועלבע זיינען די בעזיצער פון איי־נעם אדער פון א צווייטען פון דיזע דריי פאקטארען.

רענט, דער ווערטה פון לאנד, געהערט צום לאנד־אייגענ־טהימער.

פראצענט צום קאפיטאליסט און ווידזשעס פאר ארבייט צום ארבייטער.

איז עס ניט אזוי?

---

אבער איז עס ווירקליך ריכטיג, דאס אין אירגענד וועלכער פראדוקציאן שפיעלען דיעזע פאקטארען א ראליע?

אט געראדע, ווען איך שרייב דיעזע שורות, זיינען מענ־שען ארום מיר בעשעפטיגט אין פראדוצירען היי.

וואס זיינען די עלעמענטען פון דיזער פראדוקציאן?

מען זאגט מיר: אט איז דאס לאנד, אויף וועלכען דאס גראז איז געוואקסען, דער קאפיטאל — סערפען, גראבליעס און וואגענס פאר דאס אריינפיהרען פון דעם היי — און ארבייט.

אבער איך זעה, אז דאס איז ניט אמת.

א חוץ דעם לאנד קומען אריין אין די פראדוקציאן די זון, דאס וואסער, די סאציאלע ארגאניזאציאן, וועלכע בעשיצט דאס פעלד פון די פיה; די געשיקטקייט פון די ארבייטער, זייער לייכטקייט פון צוזאמענרעדען און פערשטענדיגען זיך צווישען זיך; און נאך פיעלע אנדערע פאקטארען, וועלכע די וויסענ־שאפט, צוליעב וועלכען עס איז גרונד, נעהמט ניט אין אנבע־טראכט.

די אייגענשאפטען פון דער זון זיינען פונקט אזא פאק־טאָר, און נאָך מעהר נויטיג, ווי דאָס לאַנד. איך קען מיר פאָר־שטעלען מענשען, לעבענדיג אין א צושטאַנד, אונטער וועלכען (ווי דאָס איז אין די גרויסע שטעדט) מאַנכע מענשען האלטען זיך פאר בערעכטיגט צוצונעהמען דעם זונענשיין פון אַנדערע דורך ווענד און בוימער. ווארום, אלזאָ, ווערט די זון ניט פער־רעכענט אלס פאקטאָר אין דער פּראָדוקציאָן?

וואסער איז א צווייטער פאקטאָר, וואָס איז פונקט אזוי נויטיג, ווי לאַנד. די לופט איז נאָך אזא פאקטאָר. און איך קען מיר אויך פאָרשטעלען מענשען, וועלכע ווערען בערויבט פון וואסער און ריינער לופט, ווייל אַנדערע מענשען גלויבען, אז זיי האָבען דאָס רעכט צו טהאָן מיט'ן וואסער און לופט, אזוי ווי עס איז נויטיג פאר זייערע בעדירפניסע.

סאָציאלע זיכערהייט איז פונקט אזא נויטווענדיגער פאקטאָר.

נאַהרונג און קליידונג פאר די ארבייטער איז ווידער נאָך א פאקטאָר, ווי דאָס גיבען צו זאָגאר מאַנכע עקאָנאָמיסטען.

די ערציהונג, וועלכע מאכט עס מעגליך צו פּראָדוצירען מיט שכל און מיט א טאַלק, איז ווידער א פאקטאָר.

איך וואָלט געקאָנט אָנפילען א גאנצען בוך מיט אזעלכע פאקטאָרען, פון וועלכע די וויסענשאפט מאכט זיך גאָר־ניט ווי־סענדיג.

ווארום־זשע זיינען אויסגעקליבען געוואָרען יענע דריי פאק־טאָרען און זיי זיינען געמאכט געוואָרען צום פונדאמענט פון דער וויסענשאפט? ווארום זיינען ניט אָנגעגעבען אלס פאקטאָ־רען: די שטראהלען פון דער זון, דאָס וואסער, די נאַהרונג, ערציהונג, און עס ווערען בעטראכט אלס פּראָדוקציאָנס־פאקטאָ־רען בלויז די דריי: לאַנד, די פּראָדוקציאָנס־מיטלען און ארבייט?

דער איינציגער גרונד, וואָס איך קען מיר משער זיין, איז דער, וואָס גאָר זעלטען מאכען מענשען פּרעטענזיעס צו זיין די אייגענטהימער פון די זונען־שטראהלען, פון וואסער, פון לופט, און אזוי ווייטער, וועהרענד די פּרעטענזיעס פון אייגענטהום

אויף לאַנד און אויף פּראָדוקציאָנס־ווערקצייג ווערען שטענדיג געמאַכט פון אונזער געזעלשאַפט.

קיין אנדער ערקלערונג איז ניטאָ. און אַזוי זעה איך, דאָס די צוטהיילונג פון די פּראָדוקציאָנס־פאַקטאָרען אין דריי קלאַסען איז אין גאַנצען אַ קינסטליכע און איז ניט אין איינקלאַנג מיט דער ווירקליכקייט.

אָבער, אפשר איז דיזע קלאַסיפיצירונג אַזוי נאַטירליך ביי מענשען, דאָס וואו נור עס ענטוויקלען זיך עקאָנאָמישע פער־העלטניסע, ווערען גלייך בעזאָנדערס בולט דיזע דריי פאַקטאָרען?

לאָמיר זעהען, אויב דאָס איז אַזוי.

צוערשט טהו איך אַ קוק אויף דעם נאָהענטסטען פאַקט, פון די רוסישע קאָלאָניסטען, פון וועלכע עס איז דאָ אַ גאַנצער מיליאָן.

דיזע קאָלאָניסטען קומען אויף זייער בעשטימטען פּלאַץ, בעזעצען זיך אויפ'ן לאַנד און הייבען אָן צו אַרבייטען. עס קריכט גאָר קיינעם אין קאָפּ ניט דער געדאַנק, דאָס אַ מענש, וואָס געברויכט ניט דאָס לאַנד, האָט אירגענד וועלכען רעכט אויף איהם; און דאָס לאַנד אַליין מאַכט געוויס ניט קיינע פּרעטענזיעס אויף בעזאָנדערע רעכטע. גראָד פערקעהרט, די קאָלאָניסטען ערקלערען מיט פולער איבערלעגונג דאָס גאַנצע לאַנד אַלס געמיינשאַפטליכען אייגענטהום, און האַלטען עס פאַר מעהר ניט ווי רעכט, אַז יעדער זאָל זייען און שניידען, וויפיעל ער וויל, און וואו ער וויל.

די קאָלאָניסטען פיהרען איין ווערקצייג פאַר די קולטיווי־רונג פון די פעלדער, פאַר די פלאַנצונג פון גערטנער, פאַר דאָס בויען פון הייזער, און, ווידער אַמאָל, עס קומט גאָר קיינעם אויפ'ן זין ניט אַרויף, דאָס די ווערקצייג וואָלטען געקענט פון זיך אַליין ברענגען אירגענד וועלכען פּראָפיט, און אויך דער קאַפּיטאַל האָט קיינע פּרעטענזיעס אויף קיינע רעכטע. גראָד פערקעהרט, מיט פולען בעוואוסטזיין בעשליסען די קאָלאָניסטען דאָס אירגענד וועלכער פּראָפיט פון דעם געברויך פון די אַרבייטס־געצייג, פון דער הלואה פון קאָרן, פון קאַפּיטאַל איז אַן אונרעכט.

די קאָלאָניסטען ארבייטען, אויף פרייען לאנד, מיט זייערע אייגענע ווערקצייג, אָדער מיט אזעלכע, וועלכע מען האָט זיי געליהען אָהן פּראָצענט, יעדער איינער פאר זיך אָדער אלע צוזאמען פאר די אַלגעמיינע אינטערעסען; און אין אזא געמיינדע קען מען ניט געפינען ניט קיין רענט, ניט קיין פּראָ־צענט און ניט קיין ווירדזשעס.

רעדענדיג פון אזעלכע געמיינדען, טראכט איך גאָר ניט אויס, נור איך שילדער דאָס, וואָס האָט עקזיסטירט צו אַלע צייטען און וואָס עקזיסטירט אויך איצט ניט נור צווישען די רוסישע קאָלאָניסטען, נור אומעטום אזוי לאנג, ווי די נאטירליכע אייגענשאפטען פון די מענשען ווערען ניט צוקאַליעטשעט פון וואָס־עס־איז. איך שילדער דאָס, וואָס יעדער קען אָבשעצען, אלס נאטירליך און פערנינפטיג.

מענשען בעזעצען דאָס לאנד, און יעדער טהוט זיין ארבייט. האָבענדיג פערטיג געמאכט די נויטיגע ווערקצייג, געהט יעדער אָן מיט זיין ארבייט. אויב עס שטעלט זיך ארוים, אז עס איז בעקוועמער צו ארבייטען צוזאמען, בילדעט זיך אַ קאָאָפּעראטיווע אָרגאַניזאציאָן. אבער ניט אין פּריוואט־בעזיץ און ניט אין דעם וואָס געהערט צו אַלעמען קען מען אָנווייזען אויף בעשטימטע פּראָדוקציאָנס־פאקטאָרען; עס איז נור דאָ ארבייט, און די אַלע בעדינגונגען, וואָס זיינען נויטיג צו דער ארבייט: די זון, וואָס ווארמט אַלעמען; די לופט, וועלכע אַלע אָטהעמען; דאָס לאנד, וועלכעס מיר אַלע בעארבייטען; די קליידער אויף די קערפּער; דאָס עסען אין די מאָגענס; אַ שופליע, אַ גראבליע, אַ מאשין, מיט וועלכען זיי ארבייטען. און עס איז בעשיינפּער־ליך, דאָס ניט די זון, ניט די לופט, ניט דאָס וואסער, ניט די קליידער, ניט דער אקער־אייזען קענען זיין דער אייגענטהום פון אירגענד וועמען אַ חוץ די יעניגע, וועלכע געברויכען יענע זאכען, וועלכע געניסען די שטראַהלען פון דער זון, אָטהעמען די לופט, טרינקען דאָס וואסער, עסען דאָס ברויט, בעדעקען זייערע קערפּער, און געברויכען די גראבליע אָדער די מאשין, ווייל דיזע זיינען נור נויטיג פאר די יעניגע, וועלכע געברויכען זיי. און

ווען מענשען האנדלען אזוי, זעהען מיר, אז זיי האנדלען אזוי ווי עס פאסט פאר מענשען — דאָס מיינט, פערנינפטיג.

אָבער, אפשר איז דיזע צוטהיילונג נור אוננאטירליך אין פרימיטיווע געזעלשאפטען, ווערענד, ווען די בעפעלקערונג פערמעהרט זיך און קונסט און וויסענשאפט ווערען ענטוויקעלט, איז אזא קלאסיפיצירונג פון די פאקטאָרען אונפערמיידליך? אָדער אפשר איז עס אמת, דאָס דיזע צוטהיילונג איז אויסגעפיהרט געוואָרען אין דער אייראָפּעאישער געזעלשאפט, און מיר קענען ניט ענטזאגען זיך אנצוערקענען דאָס, וואָס עס איז שוין דאָ?

לאָמיר זעהען, אויב עס איז אזוי.

מען זאָגט אונז, אז דיזע קלאסיפיצירונג פון די פאקטאָרען איז שוין א פאקט — דאָס הייסט, אז מאנכע מענשען בעזיצען דאָס לאנד, אנדערע — די פּראָדוקציאָנס־מיטלען, ווערענד נאָך אנדערע האָבען ניט קיין לאנד און ניט קיין קאפּיטאל.

דער ארבייטער האָט ניט קיין לאנד און ניט קיין ווערקצייג.

מיר זיינען אזוי שוין צוגעוועהנט געוואָרען צו דיזער בעהויפּטונג, דאָס מיר ווערען שוין גאָר ניט איבערראשט פון איהר משונה'דיגקייט. אָבער, ווען מיר דענקען נור נאָך אביסעל איבער דיזער בעהויפּטונג, זעהען מיר גלייך איהר אונגערעכטיג־קייט און זאָגאר איהר לעכערליכע אונזיניגקייט. אין דיזער בעהויפּטונג איז דאָ א וועזענטליכער ווידערשפּרוך.

דער בעגריף פון אן ארבייטער שליסט שוין איין דעם בעגריף פון דעם לאנד, אויף וועלכען ער לעבט און דעם בעגריף פון די ווערקצייגע, מיט וועלכע ער ארבייט. ווען ער וואָלט ניט געלעבט אויפ'ן לאנד, ווען ער וואָלט ניט געהאט די ארבייטס־אינסטרו־מענטען, וואָלט ער ניט געווען קיין ארבייטער. עס איז קיינמאָל ניט געוועזן און עס קען קיינמאָל ניט זיין אן ארבייטער אָהן לאנד און אָהן ארבייטס־אינסטרומענטען. עס קען ניט זיין קיין פאר־מער אָהן לאנד, וועלכע ער זאָל קענען בעארבייטען און אָהן אן אקער־מאשין, וואָגען און פערד. פּונקט אזוי קען ניט זיין קיין שוסטער אָהן א הויז געבויט אויף לאנד, אָהן וואסער, לופט און ווערקצייג מיט וועלכע צו ארבייטען.

ווען דער פארמער האָט ניט קיין לאנד, קיין פערד, קיין

אקער־אייזען; ווען דער שוסטער האָט ניט קיין הויז, קיין וואסער, קיין אָל — דאן מיינט עס, דאָס אימיצער האָט פער־טריעבען דעם פארמער פון זיין לאַנד, און דאָס מיט געוואלט אָדער שווינדעל האָט אימיצער אוועקגענומען פון איהם זיין אקער־אייזען, וואָגען און פערד; אבער דאָס בעווייזט פאר קיין פאַל ניט, אַז עס קענען זיין פארמערס אָהן אקער־אייזענס און שוסטערס אָהן ווערקצייג.

פונקט ווי עס איז אונמעגליך צו דענקען פון א פישער אויף דער יבשה און ניט געברויכענדיג זיינע פישער־אינסטרומענטען, סיידען מיר דענקען פון איהם, ווי פון איינעם, וואָס איז פער־טריעבען געוואָרען פון וואסער און וואָס איז בערויבט געוואָרען פון זיינע אינסטרומענטען, אזוי איז אונמעגליך צו דענקען פון א בויער אָהן לאַנד און אָהן ווערקצייג, סיידען מיר שטעלען זיך פאָר, דאָס אימיצער האָט איהם פערטריעבען פון לאַנד און גערויבט פון איהם די געצייג.

עס מעגען זיין מענשען, וועלכע ווערען געטריעבען פון איין פלאַץ אויף א צווייטען, ביי וועמען מען נעהמט צו די געצייג, און וועלכע זיינען דארום געצוואונגען צו אַרבייטען מיט די געצייג פון אנאנדערען זאכען, וואָס זיי דארפען גאָר ניט; אָבער דאָס מיינט ניט, אַז דאָס איז די נאטור פון דער פּראָדוקציאָן. דאָס מיינט נור, אַז עס זיינען דאָ פעלע, וואו דער נאטירליכער כאראקטער פון דער פּראָדוקציאָן איז אין גאנצען פערקריפּעלט. אויב אָבער מיר זאָלען בעטראַכטען אַלס פּראָדוקציאָנס־פאקטאָ־רען אַלעס דאָס, וואָס מען קען פון ארבייטער אוועקנעהמען מיט געוואלט, דאן ווארום ניט האלטען פאר א פּראָדוקציאָנס־פאקטאָר אויך די פּרעטענזיע פון דעם שקלאפען־אייגענטהימער אויף דער פּערזאָן פון דעם שקלאַף? ווארום ניט אריינרעכנען אַלס פאק־טאָר די פּרעטענזיעס אויף די זונען־שטראַהלען אָדער אויפ'ן וואסער?

א מענש קען בויען א וואנד און צונעהמען דעם זונען־שיין פון זיין שכן; א מענש קען פערגיפטען דאָס וואסער פון א טייך מיט דעם, וואָס ער וועט איהם צופיהרען צו א זומפּ, און א מענש קען בעהויפּטען, אַז א צווייטער מענש איז זיין אייגענ־

טהום. אבער ניט די ערשטע, ניט די צווייטע און ניט די דריטע בעהויפּטונג, ווען דאָס זאָל אויסגעפיהרט ווערען דורך געוואַלט, קען אנערקענט ווערען אַלס פונדאַמענט פאַר די קלאַסיפיקאַציאָן פון די פּראָדוקציאָנס־פאַקטאָרען. און דערפאַר איז עס פּונקט אַזוי אונגערעכט אנצוערקענען די כלומרשט'דיגע רעכטע אויפ'ן לאַנד און ווערקצייג, אַלס פּראָדוקציאָנס־פאַקטאָרען, ווי עס איז דאָס כלומרשט'דיגע רעכט אויף דעם אויסשליסליכען געברויך פון דער זונ'ס שטראַהלען, פון דער לופט, פון וואַסער און פון דער פּערזאָן פון א צווייטען, אַלס אויסדריקליכע פּראָדוקציאָנס־פאַקטאָרען.

עס קענען זיין מענשען, וועלכע בעהויפּטען צו האָבען א רעכט אויף דאָס לאַנד און ווערקצייג, פּונקט ווי עס זיינען געוועזען מענשען, וועלכע האָבען בעהויפּטעט צו האָבען אַן אייגענטהומס־רעכט איבער די פּערזאָן פון דעם ארבייטער, און ווי עס קענען זיין מענשען, וועלכע בעהויפּטען דאָס רעכט אויף דעם אויס־שליסליכען גענוס פון די זונען־שטראַהלען, לופט און וואַסער. עס קענען זיין מענשען, וועלכע טרייבען דעם ארבייטער פון פּלאַץ צו פּלאַץ, און וועלכע בערויבען איהם פון די פּראָדוקטען פון זיין ארבייט, אַזוי שנעל, ווי ער ארבייט זיי אויס, און פון זיינע ווערקצייג, און וועלכע צווינגען איהם צו ארבייטען פאַר א בעל הבית, אַנשטאַט פאַר זיך, ווי דאָס ווערט געטהאָן אין די פאַבריקען. אַלעס דאָס איז מעגליך. אבער עס קען ניט זיין קיין ארבייטער אָהן לאַנד, פּונקט ווי עס קען ניט זיין קיין אייגענטהום אין א מענשען, ניט קוקענדיג אויף דעם, דאָס פאַר א לאַנגע צייט איז דאָס געהאַלטען געוואָרען אַלס מעגליך.

און פּונקט ווי די בעהויפּטונג פון אייגענעמס רעכט אַלס דער אייגענטהימער פון א צווייטען מענשען, קען ניט אַוועקנעהמען פון דעם שקלאַף זיין איינגעבאָרענע נייגונג צו זוכען דאָס, וואָס איז גוט פאַר איהם און ניט פאַר זיין בעל הבית, אַזוי איז אויך אין דיעזען פאַל, די בעהויפּטונג פון דעם רעכט פון אייגענטהום איז לאַנד און אין אנאַנדערענס געצייג קען ניט אַוועקנעהמען פון דעם ארבייטער דעם מענשענס איינגעבאָרענע נייגונג צו לעבען אויפ'ן לאַנד און צו ארבייטען מיט זיינע אייגענע אָדער מיט

געמיינשאפטליכע אינסטרומענטען אויף זאכען, וועלכע ער האלט פאר ניצליך פאר זיך.

אלעס, וואס די וויסענשאפט קען זאגען, אונטערזוכענדיג די הערשענדע פערהעלטניסע, איז, דאס עס זיינען דא געוויסע פרעטענזיעס, געמאכט פון מאנכע מענשען, אויף דאס לאנד און אויף די ארבייטס־געצייג, און צוליעב דעם ווערען פערגעוואל־טיגט די נאטירליכע פערהעלטניסע פון דער ארבייט פאר א געוויסען טהייל פון ארבייטער (פאר קיין פאל אבער ניט פאר אלע), אזוי דאס דיזע ארבייטער ווערען בערויבט פון לאנד און געצייג און ווערען געצוואונגען צו ארבייטען מיט די געצייג פון אנאנדערען. אבער די וויסענשאפט קען ניט זאגען, דאס דיזע צופעליגע פערגעוואלטיגונג פון דעם נאטירליכען געזעץ פון פראדוקציאן איז אין דער ווירקליכקייט דער פונדאמענטאלער געזעץ פון פראדוקציאן.

ערקלערענדיג, דאס די צוטהיילונג פון די פאקטארען פון דער פראדוקציאן איז ווירקליך דער פונדאמענטאלער געזעץ פון פראדוקציאן, טהוט דער עקאנאמיסט פונקט דאס זעלבע, וואס דער זאאלאג וואלט געטהאן, ווען, געפינענדיג א גרויסע צאהל פון פויגלען אין שטייגען מיט אונטערגעהאקטע פליגלען, און די קליינע וואסער־שיסעלע, בעוועגענדיג זיך אויף שינעס, וואלט ער ערקלערט, דאס דיזע זיינען די עיקר־פערהעלטניסע פון דער עקזיסטענץ פון די פויגלען, און דאס דער לעבען פון די פויגעל הענגט אב פון די דריי פאקטארען: פון דעם שטייג, פון אונטערגעהאקטע פליגלען און פון דער וואסער־שיסעלע.

ווי גרויס עס זאל ניט זיין די צאהל פון די פויגעל מיט אונטערגעהאקטע פליעגעל אין די שטייגען, קען דאך דער זאאלאג ניט ציהען פון דעם דעם שלוס, אז שטייגען זיינען דער נאטיר־ליכער צושטאנד פון די פויגעל.

ווי גרויס עס זאל ניט זיין די צאהל פון די ארבייטער, וואס ווערען פערטריעבען פון זייערע פלעצער, און וועמען עס פעהלט די פרוכט פון זייער ארבייט, ווי אויך די אינסטרומענ־טען פון דער פראדוקציאן, וועט אבער דער נאטירליכער צו־שטאנד פון דעם ארבייטער אימער בלייבען דאס לעבען אויפ'ן

לאנד און דאָס ארבייטען מיט זיינע אייגענע געצייג דאָס וואָס ער בעדארף.

אמת, עס ווערען געמאכט פּרעטענזיעס אויפ'ן לאנד און די געצייג פון ארבייטער פונקט ווי זיי זיינען געמאכט געוואָרען אין די אַלטע צייטען; אבער עס קען ניט זיין אַ פונאנדערטהיילונג פון די פאַקטאָרען פון פּראָדוקציאָן אין לאנד און קאַפּיטאַל, ווי די עקאָנאָמיסטען ווילען עס פעסטשטעלען אין דער מאָדערנער געזעלשאַפט.

און דיזע אונבערעכטיגטע פּרעטענזיעס פון מאנכע אויף די פרייהייט פון אנדערע מענשען רופט עס די וויסענשאַפט דער נאַטירליכער צושטאנד פון פּראָדוקציאָן.

אנשטאַט צו ציהען איהר פונדאַמענטאַלען שלוס פון דעם נאַטירליכען צושטאנד פון די מענשליכע געזעלשאַפטען, האָט איהם די וויסענשאַפט געצויגען פון אַ ספּעציעלען פאַל; און ווינשענדיג רעכטצופערטיגען דיזען פאַל, האָט זי אנערקענט דאָס רעכט פון איין מענשען אויף דאָס לאנד, וואָס ווערט בעארבייט פון אַ צווייטען — דאָס מיינט, זי האָט אנערקענט אַ רעכט, וועלכעס האָט קיינמאָל ניט עקזיסטירט און וועלכעס קען ניט עקזיסטי־רען, און דער אויסדרוק פון וועלכען ענטהאַלט אַ ווידערשפּרוך, ווייל דאָס רעכט פון אַ מענשען אויף דאָס לאנד, וועלכע ער בע־אַרבייט ניט, איז אין גרונד גענומען ניט קיין אנדער זאַך, ווי צו געברויכען דאָס, וואָס ער געברויכט ניט, וועהרענד דאָס רעכט אויף די ווערקצייג איז דאָס רעכט צו געברויכען אינסטרומענטען, וועלכע ער געברויכט ניט.

מיט איהר בעשטימונג פון די פּראָדוקציאָנס־פאַקטאָרען האָט די וויסענשאַפט פעסטגעשטעלט, אַז דער נאַטירליכער צושטאנד פון ארבייטער איז יענער אוננאַטירליכער צושטאנד, אין וועלכען ער איז איצט אַוועקגעשטעלט, פונקט ווי אין דער אַלטער וועלט די צוטהיילונג פון מענשען אין בירגער און שקלאַ־פען איז געוועזן די בעהויפּטונג, דאָס די אוננאַטירליכע לאַגע פון די שקלאַפען איז געוועזן די נאַטירליכע לאַגע פון דער געזעל־שאַפט.

דיזע צוטהיילונג, וועלכע איז אָנגענומען פון דער וויסענ־

שאפט מיט קיין אנדער צוועק, ווי נור אום צו רעכטפערטיגען די עקזיסטירענדע אונגערעכטיגקייט, וועלכע איז דער פונדא־מענט פון איהר גאנצער פארשונג, איז פעראנטוואָרטליך פאר דעם פאקט, דאס די וויסענשאפט מאטערט זיך אומזיסט צו געבען וועלכע־עס־איז גענינענדע ערקלערונג פון דער עקזיסטי־רענדער אָרדנונג, פערלייקענענדיג די מייסט בעשיינפערליכע און איינפאכסטע ענטפערס אויף די פראגען און געבענדיג ענטפערס, וועלכע זיינען אבסאָלוט זינלאָז.

די פראגע פון דער עקאָנאָמישער וויסענשאפט איז דיזע:

וואָס איז די אורזאכע פון דעם פאקט, דאָס מאנכע מענשען, וואָס האָבען געלד און לאנד, קענען פערשקלאפען די יעניגע, וועלכע האָבען ניט קיין קאפיטאל און לאנד?

דער ענטפער, וואָס ווערט געגעבען פון דעם געוועהנליכען שכל איז, אַז דאָס קומט פון דעם געלד, וואָס האָט אין זיך די איינענשאפט צו פערוואנדלען מענשען אין שקלאפען.

אָבער די וויסענשאפט לייקענט עס און זאָגט:

דאָס קומט ניט פון דער נאטור פון געלד, נור פון דעם פאקט, וואָס מאנכע מענשען האָבען לאנד און געלד, וועהרענד אנדערע האָבען עס ניט.

מיר פרעגען: ווארום פערשקלאפען די, וועלכע האָבען לאנד און געלד די, וועלכע האָבען עס ניט?

און מען ענטפערט: ווייל זיי האָבען לאנד און קאפיטאל.

אָבער דאָס איז דאָך טאקע וואָס מיר פרעגען.

דער ניט האָבען פון לאנד און קאפיטאל איז שוין פער־שקלאפונג.

וועהרענד דער ענטפער איז ניט קיין בעסערער, ווי יענער, דאָס די מעדיצין איז איינשלעפערנד, ווייל זי האָט אַן איינ־שלעפערנדע ווירקונג —

דאָס לעבען הערט ניט אויף ארויסצושטעלען זיין וויכטיגע פראגע, און זאָגאר די וויסענשאפט ווערט געוואָהר וועגען דעם, און זי גיט זיך די מיה צו פערענטפערן איהם. אָבער זי קען עס ניט טהאָן, ארויסגעהענדיג פון איהר איצטיגער שטעלונג,

און אזוי האָלט זי זיך אין איין דרעהען אין אַ פערצויבערטען קרייז.

אַז די וויסענשאַפט זאָל קענען ענטפערען אויף דיזער פראַגע, דאַרף זי אָנהויבען דערמיט, וואָס זי זאָל פערוואַרפען די פאַלשע פאַנאַנדערטהיילונג פון די פּראָדוקציאָנס־פאַקטאָרען — דאָס הייסט, זי מוז אויפהערען צו קוקען אויף די פאָלגען פון די ערשיינונגען, אַלס זייער אורזאַכע, און מוז זוכען צוערשט די נאָהענטסטע און דאַן די ווייטע אורזאַכען פון יענע ערשיינונגען, וועלכע זיינען דער געגענשטאַנד פון איהר פאָרשונג.

די וויסענשאַפט מוז ענטפערן אויף דער פראַגע: וואָס איז די אורזאַכע, וואָס מאַנכע מענשען ווערען בערויבט פון לאַנד און פון די פּראָדוקציאָנס־מיטלען, וועהרענד אַנדערע האָבען זיי?

אָדער: וואָס איז די אורזאַכע, וואָס עס ווערט אוועקגענומען דאָס לאַנד און די ווערקצייג פון די יעניגע, וועלכע קולטיווירען דאָס לאַנד און געברויכען די ווערקצייג?

און אזוי שנעל, ווי די וויסענשאַפט וועט שטעלען די פראַגע אין דיזער פאָרם, וועלען ערשיינען גאַנץ נייע בעטראַכטונגען, און דיזע וועלען אין גאַנצען איבערקעהרען די אַלע פּרינציפּען פון דער עקספּלאָדירטער וויסענשאַפט, וועלכע דרעהט זיך אין אַ פערצויבערטען ראָד פון בעהויפּטונגען, דאָס די לאַגע פון דעם ארבייטער איז עלענד, ווייל זי איז עלענד.

פאַר איינפאַכע מענשען שיינט עס אויסער יעדען צווייפעל, דאָס די נאָהענטסטע אורזאַכע פון דער פערשקלאַפונג פון מאַנכע מענשען דורך אַנדערע, איז דאָס געלד. אָבער די וויסענשאַפט לייקענט דאָס און בעהויפּטעט, אַז געלד איז בלויז אַ טוישמיטעל, וועלכעס האָט גאָר ניט קיין שיכות מיט דער פערשקלאַפונג פון די מענשען. לאָמיר זעהען, אויב דאָס איז ווירקליך אזוי.

וואָס איז די אָבשטאַמונג פון געלד?

אונטער וועלכע פערהעלטניסע פון נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ ווערט דאָס געלד אימער געברויכט, און אונטער וועלכע פערהעלטניסע קענען מיר נאַציאָנען, וועלכע קומען אויס אָהן געלד?

אין אפריקאַ און אויסטראַליען לעבען נאָך איצט קליינע פעלקער אויף אַזאַ אופן, ווי די מענשהייט אין אַלגעמיין האָט

געלעבט אין די אַלטע צייטען. די שטאַמען לעבען בעשעפטיגט מיט לאַנד־ארבייט, מיט פיהצוכט און מיט גערטנעריי־פלאַנצונג. דאָס לערנען מיר ביין שוועל פון דער געשיכטע.

די געשיכטע פאַנגט זיך אָן מיט דעם בעפאַלען פון איין שטאַם אויף א צווייטען, און די זיעגער טהוען אימער איין און דיזעלבע זאַך: זיי נעהמען צו פון די בעזיעגטע אַלעס, וואָס זיי קענען נור: פיה, קאָרן, געוועב־שטאָפען, זאָגאַר מענער און פרויען נעהמען זיי אַלס געפאַנגענע.

אין עטליכע יאָהרען שפּעטער קומען די זיעגער צוריק, אָבער די בעזיעגטע האָבען נאָך ניט געהאַט גענוג צייט צו קומען צו זיך, גוט צו מאַכען זייערע פערלוסטען, און די זיעגער האָבען גאָר ניט וואָס צוצונעהמען. דאַן טראַכטען זיי פון נייע פּלענער, ווי צו עקספּלאָאַטירען די כחות פון שטאַם. דיזע פּלענער זיינען זעהר איינפאַך, און זיי פאַלען גלייך איין יעדען איינעם.

דער ערשטער פּלאַן איז פערזענליכע שקלאַפעריי.

דיזער פּלאַן איז גאַנץ אונבעקוועם, ווייל דאָס מיינט אויפצופאַסען אויף די אַלע ארבייטס־פעהיגע מענשען פון דעם גאַנצען שטאַם, און צו געבען אַלעמען נאַהרונג, און דאַן פאַלט איין, נאַטירליך, א צווייטער פּלאַן: איבערצולאָזען דעם שטאַם אויף זיין לאַנד, וועלכען די זיעגער ערקלערען אַלס זייער אייגענ־טהום, און דאַן ווערט דיזער אייגענטהום צוטהיילט צווישען די קריעג־פיהרער, וועלכע ווערען עס די אַגענטען, די פערמיטלער, דורך וועמען די ארבייט פון דעם שטאַם געהט אריבער צו די זיעגער.

אָבער אויך דיזער פּלאַן האָט זיינע אונבעקוועמליכקייטען. די קריעגפיהרער מוזען אכטונג געבען אויף די גאַנצע ארבייט פון שטאַם, און דאַן קומט איין לעבען א נייער פּלאַן, וועלכער איז פּונקט אזוי פרימיטיוו, ווי אַלע פריהעריגע, וועלכער בעשטעהט פון ארויפלעגען א בעשטימטען פעריאָדישען צינז אויף די בעזיעגטע.

דער צוועק פון די זיעגער איז ארייכצוקריגען די מעגליכסט־גרעסטע צאָהל פּראָדוקטען פון די בעזיעגטע.

אום צו קריגען די גרעסטע צאָהל, מוז דער זיעגער נעהמען

די זאכען, וועלכע זיינען מעהרסטענס ווערטהפול צום שטאם, און וועלכע, אין דערזעלבער צייט, עס איז ניט שווער אריבער־צושיקען און צו האלטען — פוטערוואָרג און גאָלד.

אזוי ווערט דער צינז געוועהנליך בעשטימט אין פוטער אָדער גאָלד און ער ווערט פּעריאָדיש אויפגעמאָהנט פון די פאמיליען אָדער פון דעם גאנצען שטאם, און מיט דער הילפע פון דיזען צינז געניסען די זיעגער אויף דעם בעקוועמליכסטען אופן די פרוכט פון דער ארבייט פון דעם בעזיעגטען שטאם.

ווען דאָס גאנצע גאָלד און פוטערוואָרג ווערט אוועקגענומען, זיינען די מיטגליעדער פון דעם שטאם געצוואונגען צו פערקויפען איינער צום אנדערען, צום זיעגער, צו די קריעגער אלעס, וואָס זיי האָבען: זייער גוטס, אזוי אויך זייער ארבייט.

אזוי איז געווען אין אלטערטהום, אזוי איז געווען אין מיטעלאלטער, און אזוי איז עס נאָך איצט.

אין אלטערטהום מיט זיינע אָפטע מלחמות צווישען די פעלקער, און מיט דעם פעהלען פון דעם געדאנק פון מענשליכער גלייכהייט, איז די פערזענליכע שקלאפעריי געווען דער מייסט־פערשפּרייטער פּלאַן פון צו פערשקלאפען מענשען.

אין מיטעלאלטער איז געווען די פעאָדאלע סיסטעם — דאָס מיינט, לאנד־אייגענטהום און דערמיט אויך די לייב־אייגענ־שאפט. דיזע פערנעהמט דעם פּלאַץ פון מענשליכער שקלאפע־ריי, און דער שווערפּונקט פון שקלאפעריי ווערט אריבערגעטראָ־גען פון דער פערזאָן אויף דאָס לאנד.

אין היינטיגע צייטען, זייט די ענטדעקונג פון אמעריקא און דער ענטוויקלונג פון האנדעל, און ווען גאָלד איז געוואָרען דער אלוועלטליכער געלד־צייכען, איז דער געלד־צינז געוואָרען, מיט דער פערשטארקונג פון דער רעגיערונגס־אויטאָריטעט, דער הויפּט־מיטעל פאר די פערשקלאפונג פון די מענשען, און דורך איהם ווערען בעשטימט אלע עקאָנאָמישע פערהעלטניסע צווישען די מענשען.

אין דעם „ליטעראַרישען מאגאזין“ דערצעהלט פּראָפעסאָר יאנזשיל די געשיכטע פון די פיזשי אינזלען.

אויף די זיד־זעע אינזלען, אין פּאָלינעזיען, לעבט דער

פיזשי־שטאַם. די גאַנצע גרופּע פון אינזלען, דערצעהלט פּראָ־
פעסאָר יאַנזשיל, בעשטעהט פון אַ גרויסע צאָהל קליינע אינזלען,
וואָס פערנעהמט אַ שטח פון אַרום אַ פערציג טויזענד ענגלישע
סקווער מייל. נור אַ העלפט פון דיזען שטח איז בעוואוינט פון
אַ פופצעהן טויזענד איינגעבאָרענע און אַ פופצעהן הונדערט
ווייסע. די איינגעבאָרענע האָבען פאַר אַ לאַנגע צייט געלעבט
אין אַ מעהר אָדער ווייניגער ציוויליזירטען צושטאַנד, זיינען
פיעל געבילדעטער ווי די אַנדערע איינגעבירטיגע שטאַמען פון
פּאָלינעזיען, און זיי רעפּרעזענטירען מיט זיך אַ פאָלק, וואָס איז
פעהיג זיך צו ענטוויקלען, וואָס זיי האָבען אויך בעוויעזען מיט
דעם, וואָס זיי זיינען געוואָרען אין אַ גאַנץ קורצער צייט גוטע
לאַנד־ארבייטער און פיה־ציכטער.

די איינוואוינער פון די אינזלען זיינען געווען גוט אָב.
אבער אין 1858 האָט דער קעניגרייך זיך געפונען אין אַ פּער־
צווייפעלטער לאַגע: די פיזשי־נאַציאָן און איהר קעניג, קאַ־
קאַבאָ, האָבען זיך גענויטיגט אין געלד.

זיי האָבען בעדאַרפט האָבען פינף־און־פיערציג־טויזענד
דאָלאַר, אום צו בעצאָהלען די פעראייניגטע שטאַאטען פאַר דעם
בלומרשט׳דיגען שאַדען, וועלכען מאַנכע פידזשיער האָבען גע־
טהאָן געוויסע בירגער פון דער אמעריקאַנישער רעפּובליק. אום
איינצומאָהנען דיזען טאַקס, האָבען די אמעריקאַנער געשיקט אַ
סקאַדראָן, וועלכער האָט פּלוצלינג פערכאַפּט די בעסטע אינזלען,
אַלס משכן, און האָט געסטראַשעט צו באָמבאַרדירען און צו
פערניכטען אַלע דערפער, אויב דער טאַקס וועט ניט בע־
צאָהלט ווערען די אמעריקאַנער פאָרשטעהער אין אַ בעשטימטען
טאָג.

די אמעריקאַנער זיינען געווען צווישען די ערשטע קאָלאָ־
ניסטען, וועלכע זיינען ערשיענען, צוזאַמען מיט די מיסיאָנערען,
אויף די פידזשי־אינזלען.

אויסקלייבענדיג און אַריינכאַפּענדיג, אונטער דיזער אָדער
יענער פּרעטענזיע, די בעסטע שטיקער לאַנד אויף די אינזלען
און אויפבויענדיג דאָרט קאַטען־ און קאַפּע פּלאַנטאַציעס, האָבען
די אמעריקאַנער געדונגען גאַנצע מאַסען איינגעבאָרענע, פער־

פליכטענדיג זיי דורך קאָנטראַקטען, וועלכע זיי האָבען גאָרניט פערשטאַנען, אָדער קריגענדיג זיי דורך סוחרים אין לעבעדיגע סחורה.

צוזאַמענשטויסונגען צווישען די בעלי בתים־פלאַנצער און די איינגעבאָרענע, וועלכע זיינען בעטראַכט געוואָרען אַלס שקלאַ־פען זיינען געוועזען אונפערמיידליך. מאַנכע פון דיזע צוזאַמענ־שטויסונגען האָבען דאָס געדיענט אַלס אויסרייד פאַר דעם טאַקס, וואָס די אמעריקאַנער האָבען אַרויפגעלעגט אויף דעם פידזשי־פאָלק.

און כאָטש די לאַגע פון די אינזלען איז געוועזען זעהר אַ גוטע, און די איינגעבירטיגע האָט גאָר ניט געפעהלט, דאָך די פידזשיער האָבען נאָך אויפגעהאַלטען די פאָרמען פון דער נאַטירליכער עקאָנאָמישער אָרגאַניזאַציאָן, וועלכע האָט עקזיסטירט אין איירָאָפּאַ אין מיטעלאַלטער ביז צו אונזער צייט. עס איז ניט געוועזען קיין געלד אין צירקולאַציאָן צווישען די איינגעבאָרענע, און דער גאַנצער האַנדעל האָט געהאַט דעם כאַראַקטער פון בייטען. געוויסע זאַכען זיינען אויסגעביטען געוואָרען אויף אַנדערע, און די וועניגע לאָקאַלע און קעניגליכע שטייערען זיינען אויך בעצאָהלט געוואָרען דירעקט אין פּראָדוקטען.

וואָס האָבען די פידזשיער און זייער קעניג קאַקאָבאָ געקענט טהון, ווען די אמעריקאַנער האָבען אַזוי צודרינגליך געפאָדערט פינף און פערציג טויזענד דאָלאַר אונטער דעם סטראַשונאַק פון די שווערסטע בעשטראָפונג?

די סומע אַליין איז געוועזען אַזאַ, וואָס די פידזשיער האָבען גאָרניט געקענט בעגרייפען, שוין ניט רעדענדיג וועגען דעם געלד, וואָס זיי האָבען קיינמאָל ניט געזעהן אין אַזאַ צאָהל.

קאַקאָבאָ האָט זיך געהאַלטען אַן עצה מיט די אַנדערע הויפּטלינגע און האָט בעשלאָסען צו אַפּעלירען צו דער קעניגין פון ענגלאַנד, אַז זי זאָל נעהמען די אינזלען אונטער איהר שוץ, און שפּעטער איז ער געגאַנגען אַזוי ווייט, ווי צו פערלאַנגען, אַז ענגלאַנד זאָל מאַכען די אינזלען פאַר איהרע.

די ענגלענדער זיינען אָנגעגאַנגען זעהר פּאָרזיכטיג אין

דיזער אנגעלעגענהייט, און האָבען זיך ניט געאײלט צו בעפרייען
דעם האַלב־ווילדען מאָנארך פון זיין שווערער לאַגע.

אנשטאַט א דירעקטען ענטפער האָבען די ענגלענדער אין 1860 אויסגעריכט א עקספּעדיציע צו אונטערזוכען די פיזשי־אינזלען, מיט דער אַבזיכט צו בעשליסען, אויב עס לוינט זיך זיי צו מאכען דיזע אינזלען פאַר זייער אייגענטהום און אויסצוגעבען געלד, אום צו בעפריעדיגען די אַמעריקאַנער קרעדיטאָרען.

דערווייל האַט די אַמעריקאַנער רעגיערונג געפאָדערט אַלץ שטרענגער איהר חוב, און געהאַלטען אַלס זיכערהייט, אין פּראַק־טישער אייגענטהום, מאַנכע פון די בעסטע פּונקטען; און אַזוי שנעל, ווי זי האָט געמאַכט א פאָרזיכטיגע אָבשעצונג פון דעם נאַציאָנאַלען רייכטהום, האָט זי געהעכערט די פאָרדערונג אויף ניינציג טויזענד דאָלאַר און האָט געסטראַשעט עס נאָך ווייטער צו העכערען אייב קאַקאָבאָ וועט זיך ניט אונטעראײלען און בעצאָהלען.

דאַן, קאַקאָבאָ, געדריקט פון אַלע זייטען, און אונבעקאַנט מיט די אייראָפּעאישע מעטאָדען פון קרעדיט־פערהאַנדלונגען, האָט ער גענומען די עצה פון די אייראָפּעאישע קאָלאָניסטען, און האָט פּרובירט צו קריגען געלד פון געשעפטסלייט אין מעלבאָרן, אויף אירגענד וועלכע פּראָצענטען און בעדינגונגען, ניט אָבשטע־לענדיג זיך דערביי זאָגאַר, וואָס ער האָט געמוזט אָבטרעטען זיין קעניגרייך צו פּריוואַט־פּאַרטייען.

אויף קאַקאָבאָס וואונש האָט זיך אין מעלבאָרן געבילדעט א סטאַק קאָמפּאַניע. דיזע סטאַק קאָמפּאַניע, וועלכע האָט זיך א נאָמען געגעבען „די פּאָלינעזישע אסס'ן“, האָט געמאַכט קאָנ־טראַקטען מיט די פידזשי־הערשער, אויסנעהמענדיג פאַר זיך די פּאָרטהיילהאַפטעסטע בעדינגונגען. אונטערנעהמענדיג זיך צו בעצאָהלען דעם חוב, וואָס האָט געקומט דער אַמעריקאַנער רע־גיערונג, אין אָבצאָהלונגען צו בעשטימטע טערמינען, האָט די קאָמפּאַניע, אַלס בעלוינונג פאַר דעם, געקראָגען צוערשט הונ־דערט טויזענד אַקער לאַנד און דאַן צוויי הונדערט טויזענד אַקער לאַנד און טאַקע פון דעם בעסטען לאַנד, וואָס זי האָט אַליין אויסגעקליבען. דאַן האָט זי אָבגעמאַכט, אַז זי דאַרף זיין

פריי פון אַלערליי טאַקסעס, פאַר אַן אומבעשטימטע צייט, אויף אַלע איהרע פאַבריקען, אָפּעראַציאָנען און קאָלאָניען, און דאַן האָט זי געקראָגען דאָס אויסשליסליכע רעכט, פאַר אַ לאַנגע צייט, צו גרינדען בענק פאַר די ארויסגעבונג פון געלד, מיט דער פּריווילעגיע פון אַן אונבעגרענצטער ארויסגאַבע פון נאָוטס.

זינט דיזען קאָנטראַקט, וועלכער איז ענדליך געשלאָסען געוואָרען אין 1868, אין פידזשי, איז אויסגעוואקסען זייט ביי זייט מיט דער לאָקאַלער רעגיערונג מיט קאַקאָבאַ אַן דער שפּיצע, אַ צווייטע הערשאַפט, אַ מעכטיגע האַנדעלס־אָרגאַניזאַציאָן, מיט גרויסע לאַנד־מאַיאָנטקעס אויף אַלע אינזלען און מיט אַן אַלמעכטיגען איינפלוס אין דער אדמיניסטראַציאָן.

ביז צו יענער צייט האָט די קאַקאַבאַ־רעגיערונג זיך צופריעדענגעשטעלט, פאַר די בעפריעדיגונג פון איהרע בעדירפניסע, מיט די טאַקסען, וואָס זיינען גע־צאָהלט געוואָרען אין די מאַטעריעלע פּראָדוקטען, און מיט אַ קליינעם אָבצאָהל אויף די פרעמדע אימפּאָרטירטע סחורות. זינט אָבער דער קאָנטראַקט איז געשלאָסען געוואָרען, און זינט עס האָט זיך געגרינדעט די פּאָלינעזישע אַסאָציאַציאָן, האָבען זיך די פינאַנציעלע פערהעלטניסע פון דער רעגיערונג אין גאַנ־צען געענדערט. ווי באַלד אַ גרויסער טהייל פון דעם בעסטען לאַנד איז געוואָרען דער אייגענטהום פון דער אסס׳ן, איז די איינקונפט פון די טאַקסען שטאַרק קלענער געוואָרען. פון דער אַנדערער זייט, אַזוי ווי דיזע אַסאָציאַציאָן האָט פאַר זיך אויס־גענומען די פרייהייט פון עקספּאָרטירען און אימפּאָרטירען פון אַלערליי פּראָדוקטען, איז אויך די איינקונפט פון די טאַריף־אָבצאָהלונגען שטאַרק קלענער געוואָרען. די איינגעבירטיגע — דאָס הייסט ניין און ניינציג פּראָצענט פון דער בעפעלקערונג — האָבען קיינמאָל ניט געצאָהלט פיעל אין טאַריף־אָבצאָהלונגען, ווייל זיי האָבען ניט געברויכט קיין סך אייראָפּעאישע פּראָדוק־טען, אַ חוץ איינינע וועב־פּראָדוקטען און מעטאַל־סחורות; און דערפאַר, ווייל די רייכסטע אייראָפּעער זיינען בעפרייט געוואָרען פון דעם חוב צו צאָהלען שטייערען אויף די אימפּאָרטירטע סחורות, איז די איינקונפט פון קאַקאָבאַ געוואָרען אַ קלעגליך

קליינע, און עס איז געוואָרען נויטיג פאַר איהם צו טראַכטען, ווי צו פערגרעסערען זיין איינקונפט.

קאַקאַבאַ האָט זיך געהאַלטען אַן עצה מיט זיינע ווייסע פריינד וועגען דעם בעסטען אופן, ווי צו העלפען זיך, און זיי האָבען איהם אַן עצה געגעבען איינצופיהרען דעם ערשטען דירעקטען טאַקס אין לאַנד, און, וואהרשיינליך, צוליעב זיין טובה וועגען, אַז דער טאַקס זאָל געצאָהלט ווערען אין געלד.

דער טאַקס איז אויך גלייך בעשטימט געוואָרען אין דער געשטאַלט פון אַ יעהרליכער אָבצאָהלונג פון איין פונט שטערלינג (5 דאָלאַר) פאַר יעדען מאַנספּאַרשוין און 4 שילינג (1 דאָל.) פאַר יעדע פרוי איבער דער גאַנצער גרופּע פון די אינזלען.

ווי מיר האָבען שוין ערקלערט, לעבען זאָגאַר נאָך איצט די פידזשיער אונטער אַ פּרימיטיווער סיסטעם פון עקאָנאָמיע, אונ־טער דעם סיסטעם פון בייטען זיך. זעהר וועניגע איינגעביר־טיגע האָבען געלד; זייער רייכטהום בעשטעהט מעהרסטענס פון פערשיעדענע רויה־פּראָדוקטען און פון פיה. געלד האָבען זיי ניט.

אבער דער נייער טאַקס האָט געמאַכט געלד פאַר אַ נויט־ווענדיגקייט צו אַ בעשטימטער צייט, און אין אַזא סומע, וואָס איז פאַר די איינגעבירטיגע געווען גאָרניט קיין קליינע.

ביז איצט האָט דער איינגעבירטיגער ניט געטראָגען קיינע פערזענליכע לאַסטען צו גונסטען פון דער רעגיערונג. אַ חוץ די פּערזענליכע דיענסטע, וואָס ער האָט געמוזט ערפילען, זיינען אַלע זיינע טאַקסען בעצאָהלט געוואָרען דורך דעם דאָרף אָדער דורך די געמיינדע, צו וועלכער ער האָט געהערט, און פון דעם געמיינשאַפטליכען לאַנד, וועלכעס איז געווען דער הויפּט־קוואַל פון זיין איינקונפט.

איצט אָבער איז איהם געבליבען בלויז איין וועג — צו ווענדען זיך נאָך געלד צו די ווייסע קאָלאָניסטען, דאָס הייסט, צו געהן צו די סוחרים און די פּאָמיעשטשיקעס, וועלכע האָבען געהאַט דאָס, וואָס ער האָט בעדאַרפט — געלד.

צו די ערשטע האָט ער געמוזט פערקויפען זיינע פּראָדוק־טען פאַר אירגענד וועלכען פּרייז, ווייל דער טאַקס־מאַנער האָט

נעפארדערט, אז דאס געלד זאל בעצאהלט ווערען אין א בעשטימ־טען טערמין, און ער איז זאגאר געצוואונגען געוועזן צו באָרגען געלד אויף זיינע קומענדע פּראָדוקטען. עס פערשטעהט זיך, אז די קרעמער האבען זיך געאיילט דאס גוט אויסצונוצען פאר זיך, און האבען געריסען אונגעהייערע פּראָצענטען. און אז ניט צו די סוחרים, האט ער געמוזט געהן צום לאנד־אייגענטהימער, איהם פערקויפען זיין ארבייטס־קראפט, ד. ה. ווערען אן ארבייטער.

אבער די ווידזשעס, און טאקע דערפאר, ווייל עס האט זיך מיט אמאל געיאוועט אזא גרויסער אָנבאָט פון ארבייטס־קראפט, זיינען געוועזן זעהר קליינע; ניט מעהר ווי איין שילינג א וואָך פאר אן ערוואקסענעם מענשען, אָדער צוויי פונט און צוועלף שילינג פאר א גאנצען יאהר. דערפאר, אום צו קריגען בלויז געלד צו בעצאהלען זיין טאקס, שוין ניט רעדענדיג פון ערנעהרען זיין פאמיליע, האט דער פידזשיער געמוזט פערלאָזען זיין הויז, זיין לאנד, און פערקויפען זיך צום גרויסען לאנד־אייגענטהימער, וועניגסטענס אויף זעקס מאָנאטען, אפט מוזענדיג געהן זעהר וויט, צו אנאנדער אינזעל, אום צו געפינען בעשעפטיגונג, וועהרענד ער האט ניט געקענט בעצאהלען פאר זיין גאנצע פאמיליע, סיידען צולעגענדיג דערצו נאך אנדערע מיטלען.

דער רעזולטאט פון אזא לאגע מוז זיין קלאָר פאר יעדען.

פון זיינע 150 טויזענד אונטערטהאנען האט קאקאבא גע־קענט ארויסקריגען בלויז זעקס־טויזענד פונט סטערליג, און דאס האט נעבראכט מיט זיך א גאנצע רייהע פון צוואנג־מיטלען, דורך וועלכע מען האט ארויסגעריסען די טאקסעס, וועלכע זיינען פריהער גאר ניט געוועזן.

די לאָקאלע רעגיערונג, וועלכע איז פריהער געוועזן געוויסענ־האפט, האט געשלאָסען א בונד מיט די ווייסע קאָלאָניסטען, וועלכע זיינען געוואָרען די אמת׳ע בעלי־בתים פון לאנד.

ווען א פידזשיער פערפעהלט צו צאהלען זיין טאקס, ווערט ער פּראָצעסירט און פעראורטהיילט צו זעקס מאָנאטען געפענג־ניס, וועניגסטענס, אויסער, וואס ער מוז נאך בעצאהלען די קאסטען. די נעפענגנים — דאס איז דער מאיאָנטעק פון דעם

ערשטען ווייסען קאָלאָניסט, וועלכער באָט אָן צו בעצאָהלען דעם טאקס און די פּראָצעס־קאָסטען פאר דעם פּעראורטהיילטען. אויף אזא אופן קריגען די ווייסע אַן איבערפלוס פון ביליגער ארבייט, וויפיעל זיי דארפען נור.

צוערשט איז דער טערמין פון געצוואונגענער ארבייט געווען בעגרענצט אויף זעקס מאָנאטען; אבער שפּעטער־צו האָבען די אונטערגעקויפטע ריכטער פערלענגערט דעם טערמין ביז צו אכטצעהן מאָנאטען, אָפט בענייענדיג דעם אורטהייל ווען דער אלטער שטראף־טערמין האָט זיך געענדיגט.

זעהר שנעל, אין וועניגע יאָהרען, איז דער גאנצער אנבליק פון דעם עקאָנאָמישען צושטאנד פון די פידזשיער גענצליך געווען גאָר אנאנדערער. גאנצע דיסטריקטען זיינען פעראָרימט און פוסט געוואָרען.

די גאנצע מענליכע בעפעלקערונג, א חוץ די אלטע און קראנקע, האָט געארבייט פאר די ווייסע פּריצים, אום צו קריגען געלד, וואָס איז נויטיג געווען צו בעצאָהלען דעם טאקס אָדער אויסצופיהרען דעם אורטהייל פון געריכט.

די פרויען אין פידזשי טהוען וועניג וואָס פעלד־ארבייט, און דערפאר, אז זייערע מענער זיינען אוועק, זיינען די הויזווירט־שאפטען פערנאכלעסיגט אָדער אין גאנצען פערלאָזען געוואָרען.

אין עטליכע יאָהר איז א העלפט פון דער בעפעלקערונג פון די פידזשי־אינזלען געווען אין שקלאפעריי ביי די ווייסע קאָלאָניסטען.

אום צו פערבעסערען זייער לאגע, האָבען די פידזשיער זיך ווידער געווענדעט צו ענגלאנד.

עס איז פערפאסט געוואָרען א שריפט, אין וועלכער די איינגעבירטיגע האָבען געבעטען פון ענגלאנד, אז זי זאָל זיי און זייער לאנד נעהמען אונטער איהר שוץ און מאכען עס א טהייל פון איהר קעניגרייך.

ארום דיזער צייט האָט ענגלאנד, א דאנק פיעלע וויסענ־שאפטליכע עקספּעדיציעס, אויסגעפאָרשט און אויסגעמאָסטען די גאנצע אינזעל־גרופּע, און אזוי איז זי שוין געווען אין דער ריכטיגער לאגע אָבצושעצען דעם נאטירליכען רייכטהום פון

דיזען פראכטפולען ווינקעל פון דער ערד. צוליעב דעם האָט שוין דיזעם מאָל די ביטע געווירקט, און אין 1879, צו דעם גרויסען פערדרוס פון די אמעריקאנער לאנד־איינגענטהימער, האָט ענגלאנד אָפיציעל איבערגענומען די אויטאָריטעט איבער די אינזלען, און האָט זיי געמאכט פאר א טהייל פון איהרע קאָלאָניען.

די רעגיערונג איבער די אינזלען איז אָנפערטרויט געוואָרען צו סער ראָבינזאָן, דעם גאָווערנאָר פון ניו סאוטה וויילס.

אין דעם ערשטען יאָהר פון דער ענגלישער הערשאפט האָבען די אינזלען ניט געהאט קיין אונאבהענגיגע אדמיניסטראַציאָן, נור זי איז געווען אונטער דער אויטאָריטעט פון סער ראָבינזאָן, וועלכער איז רעפרעזענטירט געוואָרען דורך איינעם, וועמען ער האָט בעשטימט.

איבערנעהמענדיג די קאָנטראָל איבער די אינזלען, האָט ענגלאנד גענומען אויף זיך די שווערע אויפגאבע צו ערפילען די פערשיעדענע ערוואַרטונגען פון די איינגעבירטיגע. דאָס ערשטע האָבען זיי נאטירליך ערוואַרט, אז דער פערהאסטער טעקס וועט אָבגעשאפט ווערען. וואָס די ווייסע קאָלאָניסטען אָנבעלאנגט, האָבען זיי בעטראכט די ענגלישע הערשאפט מיט מיסטרוי, ווערהענד דער ענגלישער טהייל פון דער בעפעלקערונג האָט ערוואַרט פון איהר נייער רעגיערונג אלערליי ברכות — צום ביישפיעל, די אנערקענונג פון זייער הערשאפט, די אנערקענונג פון דעם געזעצליכען רעכט־איינגענטהום אויף די לענדער, וועלכע זיי האָבען מיט געוואלט גערויבט פון די איינגעבירטיגע, און אנדערע פריווילעגיען.

די ענגלישע רעגיערונג האָט זיך ארויסגעוויזען אלס זעהר פעהיג צו איהר אויפגאבע, און איהר ערשטער אקט איז געווען די פולע אָבשאפונג פון דעם טאקס, וועלכער האָט געמאכט די איינגעבירטיגע צו שקלאפען צום פאָרטהייל פון די וועניגע ווייסע קאָלאָניסטען.

אבער סער ראָבינזאָן האָט געהאט פאר זיך א זעהר ערנסטען פראָבלעם: עס איז געווען, נאטירליך, העכסט־וויכטיג אָבצושאפען דעם טאקס, וועלכער איז געווען די אורזאכע פון דעם

פערלאַנג פון אַלע איינגעבאָרענע צו ווערען אונטערטהאַנען פון ענגלאַנד, אָבער צו דערזעלבער צייט, לויט די פּרינציפּען פון דער ענגלישער קאָלאָניאַל-פּאָליטיק, מוזען די קאָלאָניען זיך אַליין אונטערשטיצען, ד. ה., זיי מוזען געפינען זייערע אייגענע מיט-לען צונויפצוברענגען די אויסגאַבען פון דער רעגיערונג. איצט, אַז דער טאַקס איז אָבגעשאַפט געוואָרען, האָט די גאַנצע הכנסה פון די טאַריף-אבצאָהלונגען ניט איבערשטיגען די סומע פון זעקס טויזענד פונט שטערלינג, און די רעגיערונגס-אויסגאַבען זיינען געווען זיעבציג-טויזענד פונט יעהרליך.

סער ראָבינזאָן איז איינגעפאַלען דער געדאַנק איינצופיה-רען אַן ארבייטער-טאַקס — דאָס מיינט, אַ טאַקס, וואָס זאָל בעצאָהלט ווערען אין ארבייט ביי די רעגיערונגס-ארבייטער.

אָבער דיעזער ארבייטס-טאַקס האָט דאָך ניט געבראַכט די זיעבציג-טויזענד פונט שטערלינג, וועלכע זיינען נויטיג געווען פאַר די אויסהאַלטונג פון סער ראָבינזאָן און זיינע אסיסטענטען; און דיזע אונגעוויסהייט האָט געדויערט ביז עס איז בעשטימט געוואָרען אַ נייער גובערנאַטאָר — גאָרדאָן, וועלכער האָט פערשטאַנען די נארישקייט פון צו וועלען אויפמאָהנען אין געלד, איידער געלד איז נאָך גאָר אין צירקולאַציאָן אין אַ גענינגענדער קוואַנטיטעט אויף די אינזלען, און ער האָט בעשלאָסען צו נעהמען פון די איינגעבאָרענע זייערע פּראָדוקטען, און עס אַליין פערקויפען.

דיזע טראַגישע פּאַסירונג אין דעם לעבען פון די פידזשיער איז די בעסטע און קלאָרסטע אילוסטראַציאָן פון דעם כאַראַקטער און ראָלע פון געלד.

דאָ האָט זיך אַלעס ארויסגעוויזען זעהר קלאָר: די ערשטע פונדאַמענטאַלע בעדינגונג פון פערשקלאַפונג — סטראַשונקעס, קאַנאָנען, מאָרד און די פערכאַפּונג פון לאַנד און דער הויפּט-מיטעל — געלד, וועלכער האָט נאָכהער פערנומען דעם פּלאַץ פון אַלע אנדערע מיטלען.

דאָס, וואָס אין אַ היסטאָרישע שילדערונג פון דער עקאָנאָ-מישער ענטוויקלונג פון די נאַציאָנען, וועלכע שטעלט מיט זיך פאָר די פאַלשטענדיגע ענטוויקלונג פון אַלע פאָרמען פון געלד-

הערשאפט וואָלט געווען נויטיג דורכצוגעהן דורך פיעלע און לאַנגע יאָהרהונדערטע, האָבען מיר דאָ קאָנצענטרירט אין אַ פעריאָדע פון 10 יאָהר.

די דראמא פאנגט זיך אָן מיט דעם, וואָס די אמעריקאנער רעגיערונג שיקט אַ קריעגסשיף מיט קאַנאָנען צו די ברעגען פון די אינזלען, וועמעס איינגעבאָרענע זי וויל מאכען זיך אונטער־טהעניג.

דער אויסרייד פאַר דעם איז עפּעס אַ געלד־זאַך. אבער דער אָנפאנג פון דער דראמא איז אין דעם, וואָס די מיילער פון די קאַנאָנען זיינען געצילעוועט געגען אַ ל ע איינגעבאָרענע — פרויען, קינדער, אַלטע מענשען, יונגע מענשען, וועלכע זיינען אין קיין זאַך ניט שולדיג. אַ פאקט, וואָס מיר געפינען איבער־אַל: אין אמעריקא, אין כינא און אין צענטראל־אזיען.

דאָס איז דער אָנפאנג פון דער דראמא: „דיין געלד אָדער דיין לעבען", וואָס איז ווידערהאָלט געוואָרען אין די אַלע מלחמות פון אַלע נאציאָנען.

פינף־און־פערציג טויזענד דאָלאר (נאכהער ניינציג) אָדער אַן אויסשלאַכטונג.

אָבער די ניינציג־טויזענד זיינען ניטאָ: זיי זיינען אין די קעשענעס פון די אמעריקאנער.

דאַן הייבט זיך אָן דער צווייטער אקט: דאָס איז די אָב־לעגונג, די פערביטונג פון אַ בלוטיגער אויסשלאַכטונג, אַ שווי־דערליכע און אַ קאָנצענטרירטע אין אַ קורצע ווייל, אויף ליידען, וועלכע זיינען ניט אַזוי קענטיג, אָבער מעהר און לענגער אָנ־האַלטענדע.

און דער שטאַט מיט זיין קעניג זוכען די מיטלען צו רעטען זיך פון דיזער אויסשלאַכטונג דורך דעם, וואָס זיי פערשקלאַפען זיך צום געלד.

זיי באָרגען געלד, און דורך דעם ווערט פאַר זיי בעשטימט די פאָרם פון זייער שקלאַפעריי.

דיעזע מעטאָדע הייבט גלייך אָן צו ווירקען, ווי אַ דיסצי־פּלינירטע ארמיי, און אין פינף יאָהר צייט איז אַלעס פערטיג. ניט נור האָבען די מענשען פערלאָרען אַלעס, וואָס זיי האָבען

נעהאט, דאס רעכט צו ארבייטען אויף זייער לאנד, נור זיי האבען אויף פערלארען זייער פערזענליכע פרייהייט — זיי זיינען שקלאפען.

דער דריטער אקט פאנגט זיך אן — די לאגע ווערט אונ־ערטרעגליך, און עס טראגען זיך ארום קלאנגען, אז עס איז מעגליך פאר זיי אומצובייטען זייערע העררען. פון צו בעפרייען זיך פון דער שקלאפעריי, וועלכע דאס געלד האט ארויפגעצוואונ־גען אויף זיי, דענקט שוין גאר קיינער ניט. און דער שטאם בעט אויף זיך אן אנדער הערשער, וועלכען ער בעט מיט תחנונים צו פערלייכטערען זיין לאגע.

די ענגלענדער קומען, זיי זעהען, דאס דער בעזיץ פון די אינזלען ווערט זיי געבען די מעגליכקייט אויפצוהאלטען פיעלע לעדיג־געהער פון צווישען זיי, און די ענגלישע רעגיערונג ערקלערט די אינזלען אלס איהר אייגענטהום. אבער זי מאכט ניט די איינגעבארענע פאר פארמאלנע שקלאפען; זי נעהמט ניט צו דאס לאנד, אום צו צוטהיילען עס צווישען איהרע בעאמטע. דיזע אלטע מעטאדען זיינען איצט ניט נויטיג.

וואס עס איז נויטיג איז בלויז, דאס עס זאל געצאהלט ווערען א שטייער, א געניגענדער גרויסער שטייער, וואס זאל ניט דער־לאזען די ארבייטענדע אונטערטהאנען זיך בעפרייען פון דער שקלאפעריי און זאלען אויף אזא אופן מוזען אויפהאלטען א גרויסע צאהל לעדיג־געהער.

די איינגעבארענע מוזען צאהלען זיעבציג־טויזענד פונט א יאהר. דאס איז דער הויפט־תנאי, אויף וועלכען ענגלאנד איז מרוצה צו בעפרייען דיא פידזשיער פון די אמעריקאנער, און דיזער תנאי איז אויך דער איינציגער, וואס פערזיכערט די פאלשטענדיגע פערשקלאפונג פון די איינגעבארענע.

באלד אבער ווערט עס קלאר, אז אין דעם צושטאנד, אין וועלכען זיי זיינען, קענען זיי ניט צונויפברענגען זיעבציג טויזענד פונט. דאס איז א צו גרויסע פארדערונג. די ענגלענדער ענדערן זייערע בעדינגונגען און זיי זיינען מרוצה צו נעהמען דערווייל א טהייל פון דעם טאקס אין פראדוקטען, מיט דעם בעשלוס, אז

דער פולער טאקס זאָל בעצאָהלט ווערען אין געלד אזוי שנעל, ווי עס וועט זיין געגוג געלד אויף די אינזלען.

ענגלאנד האנדעלט ניט ווי די ערשטע קאָמפּאניע, וועלכע קען פערגליכען ווערען צו דעם ערשטען אריינרייסען זיך אין א פרעמד לאנד פון ווילדע בעזיעגער, וועלכע ווינשען ארויסצו־קוועטשען אזוי פיעל ווי מעגליך און דאן אוועקגעהען. ענגלאנד האנדעלט ווי א קליגערער פערשקלאפער, וויסענדיג, דאס עס איז בעסער ניט צו טוידטען די הוהן, וועלכע לעגט די גאָלדענע אייער.

ענגלאנד מאכט צוערשט לויז די לייצעס, אום זיי נאכ־הער אָנצוציהען שטייף און שוין אויף אימער; צו צווינגען די פידזשיער אין יענעם צושטאנד פון געלד־שקלאפעריי, אין וועל־כער עס געפינען זיך אלע ציוויליזירטע נאציאָנען אין איירא̇פּא, און פון וועלכען עס איז ניטאָ קיין אויסזיכט צו בעפרייען זיך אזוי גיך.

געלד איז א גאנץ נאטירליכער אויסטויש־מיטעל! אָבער ניט דאן, ווען אויף די ברעגען פון לאנד ווערען אוועקגעשטעלט אָנגעלאָדענע קאנאָנען, וועלכע זיינען געציעלט געגען די איינ־וואוינער.

אזוי שנעל, ווי געלד ווערט ארויסגעריסען פון איינעם אונ־טער דעם סטראשונאָק פון געוואלד, ווערט אונפערמיידליך ווידערהאָלט דער ספּעקטאקעל, פון וועלכען מיר זיינען געווען עדות אויף די פידזשי אינזלען. עס ווערט, און איז געוואָרען, ווידערהאָלט, איבעראל און שטענדיג; צווישען די אלטע שבטים און זייערע פּרינצען און צווישען די מאָדערנע נאציאָנען און זייערע רעגיערונגען.

מענשען, וואָס האָבען די מאכט צו טיראניזירען איבער אנדערע, וועלען דאס טהאָן דורך דעם, וואָס זיי וועלען ארויפ־לעגען אויף זיי אזא געלד־שטייער, וועלכער וועט זיי צווינגען צו ווערען זייערע שקלאפען; און, נאָך מעהר, עס וועט אימער פּאסירען דאס, וואָס עס האָט פּאסירט צווישען די ענגלענדער און די פידזשיער — נעמליך, די טיראנען וועלען אין זייערע פאָדערונגען אריבערגעהן דעם גרענעץ, און ניט בלייבען שטעהן

ביי דעם גרענעץ, ביי וועלכען די צאָהלונג ווערט אונמעגליך, סיידען די געצוואונגענע ווערען אבסאָלוטע שקלאַפען.

זיי וועלען זיך אָבשטעלען ביין גרענעץ נור דאַן, ווען זיי ווערען צוריקגעהאַלטען פון א מאָראַלישען געפיהל; און אפילו א מאָראַלישער געפיהל איז פון קיין שום נוצען ניט, ווען זיי אליין נויטיגען זיך. אָבער רעגיערונגען וועלען אימער איבער־טרעטען דעם גרענעץ, ערשטענס, ווייל עס זיינען ניטאָ קיינע מאָראַלישע געפיהלען, וועלכע רעגיערונגען אנערקענען און, צווייטענס, ווייל, ווי מיר ווייסען, האָבען רעגיערונגען אימער א שטאַרקע בעדירפניס פאַר געלד. דיזע בעדירפניס ווערט גע־שאַפען דורך מלחמות, וועלכע זיי פיהרען אָדער וועלכע זיי האָבען ברעה צו פיהרען און דורך די נויטוועגדיגקייט אויפצו־האַלטען זייערע שותפים, די יעניגע, וועלכע העלפען זיי אין זייער רעגיערונגס־ארבייט.

אַלע רעגיערונגען זיינען איבער׳ן קאָפּ אין חובות און, נאָך מעהר, זיי וואָלטען ניט געקאָנט, ווען זיי וואָלטען זאָגאַר געוואָלט זיך צוריקהאַלטען פון דעם כלל, ווי עס האָט איהם אויסגעדריקט א רוסישער שטאַאטס־מאַן פון 18טען יאָהרהונדערט: „מיר מוזען שערען דעם מוזשיק, און ניט לאָזען זיין וואָל וואַקסען“.

אַלע רעגיערונגען זיינען בעלאַסטעט מיט חובות, וועלכע ווערען קיינמאָל ניט אויסגעצאָהלט, און אַלס א כלל, ניט ריידענ־דיג פון דער צופעליגער פערקלענערונג פון די חובות אין ענגלאַנד און אין אַמעריקא, וואַקסט דער חוב אין א שרעקליכער מאָס. פּונקט אזוי וואַקסען די בודזשעטען, דאָס מיינט, די נויטוועגנ־דיגקייט צו פיהרען מלחמות מיט אַנדערע טיראַנען, און די צוטהיילונג פון געלד און לאַנד־מתנות צווישען די אונטערגעאָר־דענטע טיראַנען. און דערפאַר אויך האַלט די רענט אויף לאַנד אין איין וואַקסען.

וויידזשעס ווערען ניט גרעסער, און ניט צוליעב דעם רענט־געזעץ, נור ווייל עס איז דאָ א טאַקס, וואָס ווערט אויפגעמאָהנט מיט געוואַלד, וועלכער ווערט ארויפגעלעגט מיט דער אַבזיכט אוועקצונעהמען אַלעס, וואָס איז נור מעגליך, כדי איינער זאָל זיין געצוואונגען צו פערקויפען זיין אַרבייטס־קראַפט, ווייל דער

געברויך פון דיזער ארבייטס־קראפט איז געראדע דער צוועק, צוליעב וועלכען דער טאקס ווערט ארויפגעלעגט. די עקספלואַ־טאציאָן פון ארבייט איז נור דאַן מעגליך, ווען עס ווערט געפאָ־דערט מעהר, אין אַלגעמיין, וויפיעל די ארבייטער קענען געבען, ניט לאָזענדיג זיך אין גאנצען אָהן לעבענסמיטעל.

די העכערונג פון ווײדזשעס וואָלט אָבגעשאפט די מעגליכ־קייט פון פערשקלאַפונג; און דערפאר אזוי לאנג, ווי עס איז דאָ צוואנג, קענען ווײדזשעס ניט געהעכערט ווערען.

און דיזע איינפאכע און זעהר בעגרייפליכע בעהאנדלונג פון מאנכע מענשען דורך די אנדערע, רופען די עקאָנאָמיסטען „דער אייזערנער געזעץ"; און די וואפע, מיט וועמעס הילפע אזא בעהאנדלונג ווערט דורכגעפיהרט, רופען זיי אָן אונשעד־ליכער טויש־מיטעל!

געלד — זאָגען זיי — דיעזער אונשעדליכער טויש־מיטעל, איז נויטיג פאר די מענשען אין זייערע געגענזייטיגע פער־העלטניסע.

וואָרום אָבער איז ניטאָ און איז ניט געוועזן קיין געלד, אין זיין ריכטיגען זין, צווישען נאציאָנען, וועלכע האָבען ניט גע־דארפט צאָהלען קיין געלד־טאקסעס צו זייערע בעזיעגער, ווער־רענד עס איז אימער געוועזן און עס וועט אימער זיין, ווי צווישען די פידזשיער, די קירגיזען, די אפריקאנער, די פעניציער? צווישען פעלקער, וועלכע זיינען אין אַלגעמיין פריי פון געלד־טאקסעס, איז נור דאָ א דירעקטער אויסבייט פון זאכען אויף זאכען, אָדער צופעליגע ווערטה־מאָסען, ווי שעפסען, פוטער, פעלען און אזוי ווייטער.

געלד אין זיין ריכטיגען זין קומט ערשט אין געברויך צווישען מענשען, וועלכע ווערען געצוואונגען צו צאָהלען געלד. נור דאַן ווערט געלד נויטיג אלס א מיטעל זיך צו פערזיכערען געגען געוואַלד; דאַן נור קריגט דאָס געלד א שטענדיגען טויש־ווערטה.

און ניט דאָס, וואָס איז בעקוועם פאר'ן אויסטויש, קריגט א טויש־ווערטה, נור דאָס, וואָס די רעגיערונג פאָדערט: אויב די רעגיערונג פאָדערט גאָלד, וועט גאָלד קריגען דעם טויש־

ווערטה; אויב קאָלירטע שטיינער ווערען געפאָדערט, וועלען די קאָלירטע שטיינער האָבען יענעם ווערטה.

אויב דאָס איז ניט אמת, טאָ וואָרום איז עס אימער געווען די פּריווילעגיע פון דער רעגיערונג צו בעשטימען דיעזען טויש־מיטעל?

א פאָלק, למשל, די פידזשיער, האָבען בעשלאָסען צו האָבען א נייעם טויש־מיטעל. נו, לאָזט זיי צורוה, און זאָלען זיי טוישען זייערע זאכען ווי עס געפעלט זיי, און מישט זיך ניט אריין אין זייערע אויסטוישונגען איהר, וועלכע האָט די מאכט. אָבער איהר לאָזט שמיעדען אייערע מטבעות, פערוועהרענדיג אנדערע צו שמיעדען פונקט אזעלכע מטבעות; אָדער, ווי אין רוסלאנד, איהר דרוקט שטיקלעך פּאפּיער, מיט די פּאָרטרעטען פון די צארען, ניט צו מאָדנע אונטערשריפטען, און פארזאָרגט זיך מיט שטרענגע בעשטראָפונגען פאר די, וואָס וועלען זיי נאָכמאכען; דאן צוטהיילט איהר דיעזע פּאפּיערלעך צווישען אייערע העל־פער, און פאָדערט, אונטער דעם נאָמען פון טאקסעס און נאלאָ־גען, פון דעם ארבייטער אזוי פיעל מטבעות אָדער אזוי פיעל פּאפּיערלעך, דאָס דער ארבייטער איז געצוואונגען צו פערקויפע־זיין ארבייט, אום צו קריגען דיעזע מטבעות אָדער פּאפּיערלעך און איהר פערזיכערט אונז, אז דיעזעס געלד איז נויטיג, אלס אן אויסטויש־מיטעל!

אָט זיינען אלע מענשען פריי. קיינער דריקט קיינעם ניט אָדער האלט איהם אין אונטערטהעניגקייט, ווי אָבער דאָס געלד ווייזט זיך אין א געזעלשאפט, קומט באלד מיט איהם דאָס „אייזערנע געזעץ“, וועלכע מאכט עס, אז די רענט ווערט אלץ גרעסער, און ווידזשעס ווערען קלענער ביז צום מינימום.

דער פאקט, דאָס א העלפט אָדער מעהר ווי א העלפט פון די רוסישע בויערען פערקויפען זיך צו די לאנד־אייגענטהימער אָדער צו די פאבריקאנטען אום צו קענען צאָהלען די דירעקטע און אינדירעקטע טאקסעס פון אלערליי סאָרטען, מיינט ניט חלילה (כאָטש עס איז אזוי קלאָר), אז דאָס ארויפלעגען פון צוואנג־טאקסעס צו גונסטען פון דער רעגיערונג און איהרע

שותפים, די לאַנד־אייגענטהימער, צווינגט די ארבייטער צו ווערען די שקלאַפּען פון די יעניגע, וועלכע לעגען ארויף דיעזע טאַקסעס, אָה ניין! דאָס בעטייט, דאָס דיעזע זיינען: דאָס געלד — אַן אויסטויש־מיטעל, און אַן אייזערנער געזעץ!

איידער די לייב־אייגענע זיינען בעפרייט געוואָרען, האָב איך געקאָנט צווינגען וואנקאַ'ן צו טהאָן אירגענד וועלכע אר־בייט; און אז וואנקא האָט זיך ענטזאגט, האָב איך איהם געשיקט צום ריכטער, וועלכער האָט איהם געלאָזט שמייסען, ביז ער האָט געפאָלגט. אין דערזועלבער צייט, אויב איך האָב גע־צוואונגען וואנקאַ'ן צו ארבייטען איבער זיינע כחות, אויב איך האָב איהם ניט געגעבען לאַנד און נאהרונג איז די זאַך מיטגע־טהיילט געוואָרען דער נאטשאלסטוואָ, און איך האָב זיך בע־דארפט פערענטפערען.

איצט זיינען די מענשען פריי. אָבער איך קען צווינגען וואנקאַ'ן און פעטרושקאַ'ן און סידאָרקאַ'ן צו טהאָן פאר מיר אירגענד וועלכע ארבייט, און אויב איינער ענטזאגט זיך, גיב איך איהם קיין געלד ניט צו צאָהלען זיינע טאַקסעס, און זיי וועלען איהם שמייסען, ביז ער געהאָרכט און גיט זיך אונטער. נאָך מעהר, איך קען צווינגען די דייטשען, די פראַנצויזען, די כינעזער צו ארבייטען פאר מיר, בעשטראָפען זיי פאר אונגע־האָרכזאמקייט מיט דעם, וואָס איך וועל זיי ניט געבען דאָס געלד, וואָס זיי דארפען, אום צו קריגען לאַנד, אָדער קויפען ברויט, ווייל זיי האָבען ניט קיין לאַנד און ניט קיין ברויט; און אויב איך צווינג זיי צו ארבייטען איבער די כחות, אויב איך טוידט זיי מיט דער ארבייט, וועט מיר קיינער קיין וואָרט ניט זאָגען; און אויב, אַלס אַ צולאָג, בין איך נאָך אַ וואויל־געלע־רענטער אין די פּאָליטיש־עקאָנאָמישע ביכער, קען איך זיין ביי זיך פעסט, אז אַלע מענשען זיינען פריי, און דאָס געלד ברענגט מיט זיך ניט קיין שקלאַפעריי.

אונזערע מוזשיקעס האָבען עס שוין פון לאַנג געוואוסט, אז מיט'ן רובעל קען מען דערלאַנגען פיעל שמערצליכערע קלעפּ, ווי מיט'ן שטעקען, נור אונזערע פּאָליטיקאָ־עקאָנאָמיסטען ווייסען עס ניט.

צו זאָגען היינט, אז געלד ברענגט ניט מיט זיך קיין שקלאַ־פעריי איז פונקט אזוי ריכטיג, ווי עס איז געוועזן ריכטיג, מיט 50 יאָהר צוריק, צו זאָגען, דאָס לייב־אייגענשאַפט האָט ניט בעשאַפען קיין שקלאַפעריי.

די פּאָליטיקאַ־עקאָנאָמיסטען זאָגען, דאָס ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס דורך בעזיץ פון געלד קען איינער פערשקלאַפען אַ צווייטען, דאָך איז געלד אַן אונשעדליכער טויש־מיטעל.

ווארום איז ניט געזאָגט געוואָרען, מיט אַ האלבען יאָהר־הונדערט צוריק, דאָס ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס לייב־אייגענ־שאַפט האָט געגעבען די מעגליכקייט מאַנכע מענשען צו טיראַני־זירען אַנדערע, איז די לייב־אייגענשאַפט ניט געוועזן אַ מיטעל פאַר די פערשקלאַפונג פון מענשען, נור אַן אונשעדליכער מיטעל פאַר געגענזייטיגער הילפע צווישען מענשען: מאַנכע גיבען זייער אַרבייט, און די אַנדערע נעהמען אויף זיך די זאָרג פאַר דעם קערפּערליכען און גייסטיגען וואוילזיין פון די לייב־אייגענע און די אָרגאַניזאַציאָן פון אַרבייט.

ווי עס איז, איך דענק, אז מאַנכע האָבען טאַקע אזוי בעהויפּטעט.

---

ווען דיעזע זאָגענאַנטע וויסענשאַפט, די פּאָליטישע עקאָנאָ־מיע, וואָלט זיך ניט פערנומען דערמיט, מיט וואָס עס זיינען פעראינטערעסירט אַלע יורידישע וויסענשאַפטען — מיט דער צושטעלונג פון אַן ענטשולדיגונג פאַר געוואַלד — וואָלט זי ניט געקאָנט ניט זעהן יענע מערקווירדיגע ערשיינונג, דאָס די פער־טהיילונג פון דעם רייכטהום און די עקספּלואַטאַציע פון מאַנכע מענשען דורך אַנדערע קומען פון געלד, און דאָס נור מיט דער הילפע פון געלד קענען מאַנכע מענשען ווערען די בעלי־בתים איבער די אַרבייט פון אַנדערע — ד. ה., פערשקלאַפען זיי.

איך ווידערהאָל, אַ מענש, וואָס האָט געלד, קען קויפען דאָס גאַנצע ברויט און לאָזען אַנדערע הונגערען, אָדער מאַכען זיי פאַר שקלאַפען צוליעב דעם ברויט.

און דאָס איז עס, וואָס קומט פאָר פאַר אונזערע אויגען אויף אַ גרויסען מאַסשטאַב.

עס וואָלט אויסגעזעהן, אזוי ווי עס וואָלט נויטיג געווען צו זוכען די שיכות צווישען געלד און שקלאַפעריי. אָבער די וויסענשאַפט בעהויפּטעט מיט פאַלשטענדיגער זיכערהייט, אַז דאָס געלד האָט גאָר ניט צו טהאָן מיט דער פערשקלאַפונג פון מענשען.

די וויסענשאַפט זאָגט:

„געלד איז אַ סחורה, ווי יעדע אַנדערע, און זיין ווערטה ווערט בעשטימט פון די פּראָדוקציאָנס־קאָסטען; דער אונטערשיעד איז נור אין דעם, דאָס דיעזע געוויסע סחורה איז אויסגעקליבען געוואָרען אַלס אַ טויש־מיטעל צוליעב איהר צוגעפּאַסטקייט פאַר די בעשטימונג פון ווערטהען, פאַר די אַנזאַמלונג פון דאָס, וואָס איינער שפּאָרט אָב און פאַר צאָהלונגען."

איין מענש האָט געמאַכט שיך, אַ צווייטער האָט ארויסגעבראַכט קאָרן, אַ דריטער האָט אויפגעהאָדעוועט שאָף, און כדי זיי זאָלען קענען בעקוועם זיך אויסבייטען מיט זייערע סחורות, האָבען זיי איינגעפיהרט געלד, וועלכעס רעפּרעזענטירט אַ געוויסע קוואַנטיטעט פון ארבייט, און דורך דיעזען טויש־מיטעל, ווערען פּאָדעשוועס אויסגעביטען אויף אַ פוס פון אַ קאַלב אָדער אויף צעהן פונט מעהל.

די אָנהענגער פון דיעזער כלומרשט'דיגער וויסענשאַפט האָבען ליעב אויסצומאָלען זיך אַזאַ מין צושטאַנד. אָבער אין דער ווירקליכקייט האָט די וועלט קיינמאָל ניט געקאָנט אַזאַ מין צושטאַנד.

אַזוי איז עס מיט יענעם אַנדערען פאַנטאַסטישען בילד פון אַ פּרימיטיווער, ריינער און פאָלקאָמענער געזעלשאַפט, וועלכע די אַלטע פילאָזאָפען האָבען ליעב געהאַט צו מאָלען.

אָבער אַזאַ געזעלשאַפט האָט קיינמאָל ניט עקזיסטירט.

אין אַלע מענשליכע געזעלשאַפטען, אין וועלכע עס האָט עקזיסטירט געלד, אַלס געלד, איז אימער־צו געווען די אונטערדריקונג פון די שוואַכע און אונבעוואַפענטע דורך די שטאַרקע און בעוואַפענטע; און וואו עס איז געווען צוואַנג האָט געלד — די צייכענס פון ווערטה, צי פיה, צי פוטער, צי פעלען אָדער מעטאַלען — אונפערמיידליך פערלאָרען זיין אייגענשאַפט פון

א ווערטה־מאָס, און איז געוואָרען פּשוט א מיטעל, ווי זיך צו בעפרייען פון צוואנג.

קיין ספק, דאָס געלד האָט די אלע אונשעדליכע אייגענ־שאַפטען, וואָס די וויסענשאפט רעכענט אויס; אָבער עס האָט זיי נור אין אזא געזעלשאפט, וועלכע איז פריי פון דער טיראַניי פון איין מענשען איבער א צווייטען — אין אן אידעאלער געזעל־שאפט; אָבער אין אזא געזעלשאפט וואָלט געלד, אלס אן אלגע־מיינע ווערטה־מאָס גאָר ניט עקזיסטירט, ווייל עס איז ניט געוועזן קיין געלד אין אירגענד וועלכער פון יענע געזעלשאפטען, וועלכע זיינען געוועזן אונטערוואָרפען צו א רעגיערונגס־טיראַניי.

פון דער אַנדערער זייט, אין אלע געמיינדען, וועלכע זיינען אונז בעקאַנט, וואו עס איז דאָ געלד, קריגט דאָס געלד די בעדיי־טונג פון א טויש־מיטעל נור דערפאַר, ווייל ער דיענט אלס א הילפס־מיטעל דער טיראַניי; און זיין הויפּט־עובדא איז ניט צו דיענען, אלס טויש־מיטעל, נור אלס א צוואַנגס־מיטעל.

וואו עס רעגיערט געוואַלד, קען ניט געלד דיענען, אלס א ריכטיגער טויש־מיטעל, ווייל עס קען ניט זיין דאַן קיין ריכטי־גער ווערטה־מאָס.

און עס קען ניט זיין קיין ווערטה־מאָס דערפאַר, ווייל עס קען ניט זיין קיין מאָס אין א געזעלשאפט, וואו איין מענש האָט די מעגליכקייט צו רויבען א צווייטען פון דעם פּראָדוקט פון זיין ארבייט.

ווען פערד און קיה, אויפגעהאָדעוועט פון זייערע אייגענ־טהימער, ווערען געבראַכט אויף א מארק, וואו זיי מוזען קאָנקו־רירען אין פּרייז מיט פערד און קיה, וועלכע זיינען גע׳גנב׳עט געוואָרען פון זייערע אייגענטהימער און פערקויפט געוואָרען פון רויבער, איז עס קלאָהר, דאָס די פּרייזען פון די פערד און קיה אין יענעם מארק וועלען ניט בעשטימט ווערען פון דער ארבייט, וועלכע עס האָט געקאָסט אויפצוהאָדעווען די חיות; און די פּרייזען פון אלע אנדערע סחורות וועלען דורכמאַכען אן ענדערונג, וואָס וועט זיין אין איינקלאַנג מיט דעם פּרייז פון די פערד און קיה; און דאָס געלד וועט שוין מעהר ניט בעשטימען דעם ווערטה פון דיעזע סחורות. אחוץ דעם, אויב עס איז מעגליך צו

קריגען דורך געוואלד א פערד, א קוה אָדער א הויז, איז עס דאָך פונקט אזוי מעגליך צו קריגען געלד אויף דעם זעלבען אופן. נון, אויב געלד אליין קען מען קריגען דורך געוואלד און מען קען עס אויסגעבען אין אויסטויש פאר זאכען, דאן הערט עס דאָך נעגצליך אויף צו האָבען זאָגאר די עזהנליכקייט פון א טויש־מיטעל.

דער רויבער, וועלכער קויפט מיט דעם גערויבטען געלד ארבייטס־פּראָדוקטען, מאכט דאָ ניט קיין אויסטויש; ער קריגט איינפאך דאָס, וואָס ער דארף, מיט דער הילפע פון געלד.

און ווען עס וואָלט זאָגאר עקזיסטירט יענע פאנטאסטישע אונמעגליכע געזעלשאפט, אין וועלכער, ווען עס וואָלט קיין רעגיערונגס־צוואנג ניט געווען, געלד — זילבער אָדער גאָלד — וואָלט געדיענט, אלס א ווערטה־מאָס און אלס אַן אויסטויש־מיטעל, וואָלט דיעזע פונקציאָן גלייך פערשוואונדען אזוי שנעל, ווי געוואלד וואָלט זיך געוויזען.

דער געוואלד־מענש קומט אין דער געזעלשאפט אין דער געשטאלט פון א זיעגער. דער געוואלד־מענש, וועלען מיר אָנ־נעהמען, פערכאפּט די פערד, די קיה, די קליידונג און די הייזער פון די איינוואוינער; אָבער עס איז ניט בעקוועם פאר איהם צו האלטען ביי זיך דיעזע אלע זאכען, און גאנץ נאטירליך קומט איהם דער געדאנק צו רויבען די מענשען פון דאָס וואָס רעפּרע־זענטירט צווישען זיי יעדען סאָרט פון ווערטה, און וואָס קען אויסגעביטען ווערען אויף אירגענד וועלכען פּראָדוקט — געלד. און דאן הערט אויף גלייך די פונקציאָן פון געלד אלס א ווערטה־מאָס אין יענער געזעלשאפט, ווייל דער ווערטה־מאָס פון די זאכען וועט אימער זיין אָבהענגיג פון דער הפקר'דיגער אויפ־פיהרונג פון דעם געוואלד־מענשען.

יענע זאך, וואָס דער געוואלד־מענש וועט געברויכען אם מייסטען, און פאר וועלכע ער וועט געבען דאָס מייסטע געלד, וועט קריגען א העכערען ווערטה, און פערקעהרט.

אלזאָ, אין א געמיינדע, וואָס איז אונטערוואָרפען א געוואלד־מאכט, קריגט דאָס געלד גלייך די אייגענשאפט פון געוואלד אין די הענד פון דעם מאכט־האָבער, בלייבענדיג ביי זיין בעדייטונג

פון א טויש־מיטעל פאר די פערגעוואלדיגטע נור ביז צו אזא גראד און נור אין אזא הינזיכט, ווי דאס איז גוט פאר דעם פערגעוואלדיגער.

לאמיר בעטראכטען די זאך אין א קליינעם קרייז.

די לייב־אייגענע שטעלען צו דעם לאנד־אייגענטהימער לייוועגט, היהנער, שאף און טעגליכע ארבייט. דאן פיהרט איין דער לאנד־אייגענטהימער א געלד־טאקס אנשטאט די פראדוקטען און בעשטימט די פרייזען פון די פראדוקטען. דער, וואס האט ניט קיין לייוועגט, היהנער, שאף, און וועלכער קען אויך ניט געבען קיין ארבייטס־קראפט, קען בעצאהלען א געוויסע סומע פון געלד.

עס איז קלאהר, דאס צווישען די לייב־אייגענע פון דיעזען לענדלארד וועט דער פרייז פון די פראדוקטען אימער אבהענגען פון דעם ווילען פון דעם פריץ. דער אייגענטהימער געברויכט די אנגעזאמעלטע פראדוקטען; מאנכע געברויכט ער מעהר, מאנכע וועניגער, און לויט דעם בעשטימט ער די פרייזען, ניעדריגע און העכערע.

עס איז ווידער קלאהר, דאס דער ווילען אדער די בעדירפ־ניסע פון דעם אייגענטהימער וועלען בעשטימען די פרייזען פון די פראדוקטען זאגאר אזוי ווייט, ווי זיי זיינען צוטהיילט צווישען די לייב־אייגענע גופא.

אויב דער אייגענטהימער דארף האבען ברויט, וועט ער בעשטימען א הויכען געלד־טאקס פאר די פריווילעגיע צו צאה־לען איהם מיט אנדערע זאכען, אזוי, אז די יעניגע, וועלכע האבען איהם צוצושטעלען די זאכען, וועלכע ער דארף ניט זעהר נויטיג — לייוועגד, היהנער, פיה, פערזענליכע ארבייט — וועלען האבען איהם פיעל צו צאהלען. דערפאר וועלען די יעניגע, וועלכע האבען ניט קיין ברויט צו געבען, וועלען פער־קויפען זייער ארבייט אדער זייער לייוועגד און פיה, אום צו קויפען ברויט פאר זייער אייגענטהימער.

אויב דער אייגענטהימער בעשליסט איינצופיהרען א געלד־טאקס פאר אלע צאהלונגען, וועט דער פרייז פון די פראדוקטען, ווידער, ניט אבהענגען פון דער קוואנטיטעט ארבייט, וועלכע

זיי פערקערפערן, נור, צום אלעם ערשטען, פון דער קוואנטי־
טעט געלד, וואס דער אייגענטהימער פאָדערט, און, צווייטענס,
פון דעם סאָרט פראָדוקטען, וועלכע ער דאַרף אם מייסטען, און
פאר וועלכע ער צאָהלט פאַלגליך מעהר געלד.

דאָס ארויפלעגען פון א געלד־טאַקס דורך דעם אייגענטהי־
מער וואָלט נור דאן ניט בעריהרט די פרייזען פון די פראָדוקטען
צווישען די בויערען, ווען די בויערען וואָלטען, ערשטענס, גע־
לעבט אָבגעזונדערט פון אנדערע מענשען און וואָלטען ניט געהאט
קיינע אַנדערע פערהעלטניסע מיט זייערע אייגענטהימער און
איינער מיט'ן צווייטען און, צווייטענס, ווען דער אייגענטהימער
וואָלט פערברויכט דאָס געלד אום צו קויפען זאכען אויסער זיין
דאָרף, און ניט אין דאָרף גופא. נור אונטער דיעזע צוויי בעדינ־
גונגען וואָלט דער ווערטה פון די זאכען, כאָטש נאָמינעל ענדע־
רענדיג זיך, פערהעלטניסמעסיג געבליבען נאָרמאַל, און דאָס
געלד וואָלט געהאט די פונקציאָן פון א ווערטה־מאָס און פון א
טויש־מיטעל; אָבער אויב די בויערען האָבען עקאָנאָמישע פער־
העלטניסע מיט זייערע שכנים, דאן, צוערשט, וועט די גרעסערע
אָדער קלענערע פאָרדערונג פון געלד דורך דעם אייגענטהימער
בעשטימען דעם העכערען אָדער ניעדריגערען ווערטה פון זייערע
פראָדוקטען אין זייער האנדעל מיט די שכנים. אויב מען פאָ־
דערט פון זייערע שכנים וועניגער געלד, ווי פון זיי, דאן וועלען
זייערע פראָדוקטען זיך פערקויפען אויף א ניעדריגערען פרייז,
ווי די פראָדוקטען פון די שכנים; און פערקעהרט.

און וויעדער, דאָס ארויפלעגען פון א געלד־טאַקס פון דעם
אייגענטהימער אויף זיינע לייב־אייגענע וואָלט ניט בעריהרט
דעם ווערטה פון די פראָדוקטען פון זיינע בויערען, ווען ער
קויפט ניט מיט דעם געלד, וואס ער מאָהנט איין, אין זיין אייגע־
נעם דאָרף. טהוט ער עס יא, וועלען די פערהעלטניסע צווישען די
פרייזען פון די סחורות שטענדיג זיך ענדערען; און דיעזע ענדע־
רונגען וועלען בעשטימט ווערען פון די פאָרערונגען פון דעם
אייגענטהימער פון דעם אָדער יענעם פראָדוקט.

אַנגענומען, דאָס איין אייגענטהימער האָט ארויפגעלעגט
אויף זיינע בויערען א זעהר הויכען טאַקס, וועהרענד זיין שכן

האָט אַרויפגעלעגט אַ ניעדריגען געלד־טאַקס. עס איז קלאָהר, דאָס אויף דעם גוט פון דעם ערשטען וועלען אַלע פּראָדוקטען זיין ביליגער, ווי אויף דעם גוט פון דעם צווייטען, און די פּרייזען אין יעדען מאַיאָנטיק וועלען אָבהענגען פון דער פערגרעסערונג אָדער פערקלענערונג פון דעם טאַקס.

דאָס איז איין ווירקונג פון געוואַלד אויף די פּרייזען.

אַ צווייטע ווירקונג, וועלכע קומט ארויס פון דער ערשטער וועט זיך אַרויסווייזען אין דעם פערהעלטניסמעסיגען ווערטה פון די פּראָדוקטען.

אָנגענומען, דאָס איין אייגענטהימער האָט זעהר אַ גרויסען חשק צו פערד, און צאָהלט פאַר זיי הויכע פּרייזען, ווערהענד אַ צווייטער האָט ליעב געוויסע טיכלעך, און צאָהלט פאַר זיי הויכע פּרייזען. עס איז קלאָהר, דאָס אויף די מאַיאָנטקעס פון דיעזע אייגענטהימער וועלען פערד און טיכלעך זיין זעהר טהייער, און די פּרייזען פון דיעזע וועלען ניט זיין אין אַ נאָרמאַלען פערהעלטניס צו די פּרייזען פון קיה און ברויט. מאָרגען שטאַרבט דער ליעבהאָבער פון די געוויסע טיכלעך, און זיין יורש וועט גאָר זיין אַ ליעבהאָבער פון היהנער, און דער פּרייז אויף די טיכלעך פאַלט, ווערהענד דער פּרייז אויף די היהנער שטייגט.

אין יעדער געזעלשאַפט, וואו עס עקזיסטירט די אונטערדריקונג פון מענש דורך מענש, ווערט די פונקציאָן פון געלד, אַלס אַ ווערטה־מאָס גלייך אָבהענגיג אָן דעם ווילען פון דעם געוואַלד־האָבער, און זיין פונקציאָן אַלס אַ טויש־מיטעל ווערט איבערשטיגען פון אַן אַנדער פונקציאָן — פון צו דיענען, אַלס דער בעקוועמסטער מיטעל צו פּראָפּיטירען דורך די אַרבייט פון אַ צווייטען.

דער אונטערדריקער דאַרף ניט דאָס געלד פאַר אויסטויש־צוועקען אָדער אום צו בעשטימען אַ ווערטה־מאָס, נור איינפאַך, אַלס אַ בעקוועמע וואַפע פון אונטערדריקונג, ווייל דאָס געלד איז לייכט צו היטען און גיט די מעגליכקייט איינעם צו האַלטען אין אונטערטהעניגקייט די גרעסטע צאָהל מענשען.

אוועקצונעהמען די גאַנצע פיה, אום צו האָבען ביי דער האַנד אַזוי פיעל קיה, שעפּסען, פערד, וויפיעל ער קען געברויכען, איז

אונבעקוועם, ווייל מען דארף זיי פיטערען און אויפפּאסען אויף זיי; דאָס גלייכען, קאָרן קען קאַליע ווערען; און דאָס זעלבע מיט ארבייט: אמאָל דארף מען א טויזענד ארבייטער און אמאָל גאָר קיינע.

געלד, ווען עס ווערט געפאָדערט פון די יעניגע, וועלכע האָ־בען עס ניט, בעפרייט איינעם פון אַלע דיעזע אונבעקוועמליכ־קייטען, און מאכט מעגליך פאַר דעם געוואַלד־מענשען צו האָבען אימער אַלעס, וואָס ער דארף; אַלעס, וואָס ער וויל נור האָבען.

אחוץ דעם, דער געוואַלד־מענש דארף אויך האָבען געלד, אום אויסצובייטען זיין רעכט צו פּראָפּיטירען פון אַן אנדער מענשענ'ס ארבייט איבער אַלע, וועמען עס פעהלט געלד, און ניט זיין אָנגעוויזען אויף א געוויסע צאָהל מענשען בלויז.

ווען עס איז ניט געוועזן קיין געלד, האָט יעדער אייגענ־טהימער געקענט אויסניצען בלויז די ארבייט פון זיינע אייגענע בויערען; אָבער ווען צוויי האָבען זיך איינפערשטענדיגט צו מאכען זייערע צאָהלונגען אין געלד, וועלכע די בויערען האָבען ניט געהאַט, האָט יעדער פון זיי געקענט גאָר ניט אויסקלייבענ־דיג געברויכען אירגענד וועלכע און אַלע קרעפטען אויף דיביידע מאַיאָנטקעס.

דערפאַר געפינט עס דער אונטערדריקער זעהר בעקוועם צו פאָדערען א געלד־צאָהלונג פון אַלע די יעניגע, אויף וועמעס ארבייט ער האָט א פּריטענזיע, און ער וויל נור דאָס געלד פאַר זיין אייגענשאַפט צו בעהערשען די ארבייט.

וואָס דעם אונטערדריקטען אָנבעטרעפט, דעם, וועלכער ווערט בערויבט פון זיין ארבייט, ער דארף ניט קיין געלד, ניט צום אויסטויש, ווייל ער קען אויסטוישען אָהן געלד, ווי אַלע מענשען אָהן א רעגיערונג האָבען עס געטהאָן; ער דארף עס אויך ניט פאַר די בעשטימונג פון דעם ווערטה־מאָס, ווייל דאָס ווערט שוין געטהאָן אָהן איהם, אָהן זיין אריינמישען זיך; ער דארף עס אויך ניט, אום אָבצושפּאָרען, ווייל דער, ווער עס ווערט בע־רויבט פון די פּראָדוקטען פון זיין ארבייט קען ניט שפּאָרען; ער דארף עס אויך ניט, אום צו בעצאָהלען אימעצען, ווייל דער אונטערדריקטער גיט אימער מעהר, וויפיעל ער קריגט, און אפילו

ווען ער קריגט עטוואָס, גיט מען איהם גיכער סחורה, ווי געלד, ווי דאָס איז דער פאַל מיט די ארבייטער, וועלכע קריגען, אַנ־שטאָט זייערע וויידזשעס פערשיעדענע זאַכען פון די סטאָרס פון זייערע בעלי בתים, אָדער אפילו ווי די ארבייטער, וועלכע בייטען אויס זייערע וויידזשעס אויף די לעבענס־נויטווענדיג־קייטען אין די „פרייע סטאָרס“.

מען בעפעהלט איהם צו געבען געלד, און מען זאָגט איהם, דאָס אויב ער וועט ניט צאָהלען, קריגט ער ניט קיין לאַנד, קיין ברויט, אָדער, דאָס זיין קוה, זיין הויז וועלען פון איהם אוועק־גענומען ווערען און מען וועט איהם אָדער צווינגען ארבייטען אָדער איהם איינשפּארען אין געפענגנים. ער קען זיך רעטען פון דעם נור אויף דעם תנאי, ער זאָל פערקויפען די פּראָדוקטען פון זיין ארבייט, זיין ארבייטס־קראַפט אָדער די ארבייט פון זיינע קינדער. אָבער דער פּראָדוקט אָדער זיין ארבייט איז ער גע־צוואונגען צו פערקויפען אויף בעשטימטע פּרייזען ניט לויט דעם נאָרמאַלען אויסטויש, נור לויט דער קראַפט, וועלכע פאָדערט פון איהם דעם טאַקס.

און אונטער דיעזער ווירקונג פון טאַקסעס אויף די ווער־טהען, וועלכע זיינען אימער און איבעראַל דאָ — צווישען לאַנד־אייגענטהימער און זייערע בויערן אויף אַ קליינעם מאַסשטאַב, און רעגיערונגען אויף אַ גרויסען מאַסשטאַב — אונטער דיעזע פערהעלטניסע, וועלכע פעראורזאַכען די ענדערונג אין די ווער־טהען אַזוי קלאָהר, ווי עס איז קלאָהר די אורזאַכע פון דעם טאַנ־צען פון די ליאַלקעס פאַר דעם, וועלכער שטעהט פון הינטען און זעהט די שטריקלעך — אונטער דיעזע פערהעלטניסע — צו ריידען פון געלד בלויז אַלס אַ טויש־מיטעל, איז, מילד גערעדט, זעהר זאָנדערבאַר!

---

יעדער מין אונטערדריקונג פון מענשען דורך מענשען שטיצט זיך אויף דער מעגליכקייט וועלכע איין מענש האָט צו נעהמען דעם צווייטענ'ס לעבען, און צו האַלטען אַ סטראַשענדע שטעלונג, צווינגענדיג זיין געהאָרכזאַמקייט.

איינער קען בעהויפּטען און ניט מורא האָבען צו זיין אין טעות, דאָס וואו נאָר עס איז דאָ די פערשקלאַפונג פון מענשען, דאָס מיינט, וואו נור אַ מענש טהוט עטוואָס געגען זיין ווילען אין געהאָרכזאַמקייט צו דעם וואונש פון אַ צווייטען, איז די אורזאַכע דערפון געוואַלד, וועלכע האָט אַלס איהר פונדאַמענט דאָס סטראַשענען מיט'ן טויט.

דאָרט, וואו אַ מענש גיט אוועק זיין גאַנצע ארבייט צו אַ צווייטען, לעבט אָהן געניגענדע נאַהרונג, לאָזט זיינע קינדער געהן שווער ארבייטען, און ווידמעט זיין גאַנץ לעבען צו אָב־שטויסענדער און אוננוצליכער (פאַר איהם) ארבייט, ווי דאָס ווערט געטהאָן פאַר אונזערע אויגען אין אונזער אייגען וועלט (וועלכע ווערט גערופען ציוויליזירט, ווייל מיר לעבען אין איהר), דערפאַר קען מען זאָגען מיט זיכערהייט, דאָס ער טהוט דאָס אַלעס, ווייל, ווען ער טהוט דאָס ניט, ווערט ער געסטראַשעט מיט דעם פערלוסט פון זיין לעבען.

דערפאַר אין אונזער קולטור־וועלט, וואו די מאַיאָריטעט פון מענשען, אונטער אַ שרעקליכער נויט, טהוט אויף העסליכע און אוננוצליכע (פאַר זיי) ארבייט, איז די מאַיאָריטעט אין אַ צושטאַנד פון שקלאַפעריי, וועלכע איז געגרינדעט אויף דער מורא צו פערלירען דאָס לעבען.

אין וואָס, אַלזאָ, ווייזט זיך ארויס שקלאַפעריי, און ווי ווערט די מורא פאַר'ן טויט אויסגעדריקט?

אין די אַלטע צייטען איז די מעטהאָדע פון פערשקלאַפונג און דער סטראַשענען צו נעהמען איינעמ'ס לעבען געווען זעהר קלאָהר: די פּרימיטיווע מעטהאָדע פון פערשקלאַפען מענשען איז בעשטאַנען אין דעם דירעקטען סטראַשענען מיט'ן טויט דורכ'ן שווערד.

דער בעוואָפענטער האָט געזאָגט צו דעם אונבעוואָפענטען: „איך קען דיך טויטען, ווי דו האָסט געזעהן, מיך טהאָן מיט דיין ברודער, אָבער איך ווינש עס ניט צו טהאָן. איך וועל דיך שאָנע־ווען, הויפּטזעכליך דערפאַר, ווייל פאַר אונזביידע, פאַר מיר און דיר, לוינט זיך עס בעסער, אויב דו וועסט איינוויליגען צו

ארבייטען פאַר מיר אַנשטאַט צו ווערען געטויטעט. אַלזאָ טהו אַלץ, וואָס איך היים. אויב ניט הרג'ע איך דיך."

און דער אונבעוואפענטער האָט זיך אונטערוואָרפען דעם בעוואפענטען און האָט געטהאָן אַלעס, וואָס ער האָט בעפוילען.

דער אונבעוואפענטער האָט געאַרבייט; דער בעוואפענטער האָט געסטראַשעט.

דאָס איז געווען יענע פערזענליכע שקלאפעריי, וועלכע ווייזט זיך פריה צווישען אַלע נאַציאָנען, און וועלכע מען קען נאָך איצט געפינען צווישען די ווילדע נאַציאָנען.

דיזע מעטאָדע צו פערשקלאַפען איז די ערשטע וועלכע קומט אין געברויך, אָבער אַזוי ווי דאָס לעבען ווערט שטאַרק קאָמפּליצירט, ווערט דיזע מעטאָדע געענדערט. אונטער קאָמפּליצירטע אומשטענדען פון לעבען האָט דיזע מעטאָדע פיעלע אונ־בעקוועמליכקייטען פאַר דעם אונטערדריקער. אום צו פּראָפּי־טירען דורך די ארבייט פון די שוואַכערע, מוז דער אונטערדריקער זיי געבען שפּייז און קליידונג — דאָס הייסט, ער מוז אַזוי פיעל אויפּפּאַסען אויף זיי, אַז זיי זאָלען טויגען צו דער ארבייט, און דאָס בעגרענצט די צאָהל פון די פערשקלאַפּטע; נאָך מעהר, דיזע מעטאָדע צווינגט דעם אונטערדריקער צו היטען שטענדיג די פערשקלאַפּטע און האַלטען זיי אין איין סטראַשענען.

און דערפאַר ווערט ענטוויקעלט אַ נייע מעטאָדע פון פער־שקלאַפונג.

מיט פינף טויזענד יאָהר צוריק, לויט די ביבעל דערצעהלט אונז, איז ערפונדען געוואָרען פון יוסף הצדיק יענע מעהר בע־קוועמע און אַלגעמיינע מעטאָדע פון פערשקלאַפען מענשען.

די מעטאָדע איז דיזעלבע, וועלכע ווערט היינט געברויכט אין צעהמען פערד און ווילדע חיות אין די צירקען.

די מעטאָדע איז — הונגער.

אַט איז די ביבלישע שילדערונג פון דיזער ערפינדונג:

בראשית, קאַפּיטעל 47-48. „און ער האָט צונויפגעזאַמעלט די שפּייז פון די זיבען יאָהר, וועלכע זיינען געווען אין דעם לאַנד פון מצרים, און האָט אַוועקגעלעגט די שפּייז אין די שטעדט: די

שפייז פון פעלד, וואָס איז געווען ארום יעדע שטאדט האָט ער אוועקגעלעגט אין דיזעלבע.

„49. און יוסף האָט צונויפגעזאמעלט דעם קאָרן, ווי די זאמד פון דעם ים, זעהר פיעל, ביז ער האָט אויפגעהערט צו צעהלען; ווייל עס איז געווען אָהן א צאָהל.

„53. און די זיעבען זאטע יאָהרען, וועלכע זיינען געווען אין לאנד פון מצרים האָבען זיך געענדיגט.

„54. און די זיבען יאָהרען פון הונגער האָבען אָנגעהויבען צו קומען לויט ווי יוסף האָט געזאָגט: און דער הונגער איז געווען אין אלע לענדער; אבער אין דעם גאנצען לאנד פון מצרים איז געווען ברויט.

„55. און ווען דאָס גאנצע לאנד פון מצרים איז געוואָרען הונגעריג, האָט דאָס פאָלק געשריען צו פרעה פאר ברויט. און פרעה האָט געזאָגט צו אלע מצריים: געהט צו יוסף; וואָס ער זאָגט אייך, טהוט.

„56. און דער הונגער איז געווען איבער דעם גאנצען פנים פון דער ערד. און יוסף האָט געעפענט אלע זיינע שפייכלערס און האָט פערקויפט צו די מצריים. און דער הונגער איז אלץ ערגער געוואָרען אין דעם לאנד פון מצרים.

"57. און אלע לענדער זיינען געקומען נאָך מצרים צו יוסף, אום צו קויפען קאָרן. ווייל דער הונגער איז געווען שרעקליך אין אלע לענדער.

יוסף, געניסענדיג דאָס רעכט פון דער אָריגינעלער מעטאָדע צו פערשקלאפען מענשען דורך דעם סטראשונאָק מיט'ן שווערד, האָט צוזאמענגעקליבען קאָרן אין די יאָהרען פון גערעטענקייט, פאָראויסזעהענדיג שלעכטע יאָהרען, וועלכע געוועהנליך קומען נאָך די גוטע, ווי אלע מענשען ווייסען עס זאָגאר אָהן פרעה'ס חלום, און מיט דיזען מיטעל, מיט הונגער, האָט ער פערשקלאפט אויף דעם זיכערסטען און בעקוועמסטען אופן די מצריים אזוי גוט, ווי די איינוואוינער פון די ארומיגע לענדער. אזוי שנעל, ווי די מענשען האָבען דערפיהלט הונגער, האָט ער געמאכט די זאך אזוי, אום צו פערשקלאפען אויף שטענדיג די מענשען דורך דיזען מיטעל פון הונגער.

אין דעם 47טען קאַפּיטעל ווערט עס געשילדערט ווי פאָלגט:

„13. און עס איז ניט געוועזן קיין ברויט אין דעם גאַנצען לאַנד, ווייל דער הונגער איז געוועזן זעהר שרעקליך, אזוי דאָס דאָס גאַנצע לאַנד מצרים און דאָס גאַנצע לאַנד כנען איז געוועזן אין טוידט־שמערצען צוליעב דעם הונגער.

„14. און יוסף האָט צונויפגעזאַמעלט דאָס גאַנצע געלד, וואָס איז געוועזן אין לאַנד מצרים און אין לאַנד כנען, פאַר דעם קאָרן, וואָס זיי האָבען געקויפט; און יוסף האָט געבראַכט דאָס געלד אין פּרעה'ס הויז.

„15. און ווען דאָס געלד האָט געפעהלט אין לאַנד מצרים און אין לאַנד כנען, זיינען די אַלע מצריים געקומען צו יוסף, און האָבען געזאָגט: גיעב אונז ברויט: ווייל, ווארום זאָלען מיר שטאַרבען אָט דאָ פאַר דיר? ווייל דאָס געלד איז ניטאָ.

„16. און יוסף האָט געזאָגט: גיט אייער פיה, און איך וועל אייך געבען פאַר אייער פיה, אויב געלד פעהלט אייך.

„17. און זיי האָבען געבראַכט דאָס פיה צו יוסף: און יוסף האָט זיי געגעבען ברויט אין אויסבייט פאַר די פערד און פאַר די טשערעדעס און פאַר די פיה און פאַר די אייזלען, און ער האָט זיי געשפּייזט מיט ברויט, זיי און זייערע פיה פאַר יענעם יאָהר.

„18. ווען יענער יאָהר איז געוועזן צו ענדע, זיינען זיי געקומען צו איהם דעם צווייטען יאהר, און האָבען געזאָגט צו איהם: מיר ווילען ניט פערלייקענען פון מיין העררן, ווי דאָס געלד אונזערס איז אוועק; עס איז גאָר ניט איבערגעבליבען אין דעם אָנבליק פון מיין העררן, אחוץ אונזערע קערפּער און אונזער לאַנד.

„19. ווארום זאָלען מיר שטאַרבען פאַר דיינע אויגען, ביידע, מיר און אונזער לאַנד? קויף אונז און אונזער לאַנד פאַר ברויט, און מיר און אונזער לאַנד וועלען זיין שקלאַפען צו פּרעה; און גיב אונז קערנער, דאָס מיר זאָלען קענען לעבען און ניט שטאַרבען, אז דאָס לאַנד זאָל ניט זיין וויסט.

„20. און יוסף האָט געקויפט דאָס גאַנצע לאַנד פון מצרים פאַר פּרעה; ווייל די מצריים האָבען פערקויפט, יעדער

מאַן זיין פעלד, ווייל דער הונגער האָט געהערשט איבער זיי; אַזוי איז דאָס לאַנד געוואָרען פּרעה'ס.

„21. און וואָס דאָס פאָלק אַנבעלאַנגט, האָט ער זיי איבער־גענומען אין די שטעדט פון איין ענד פון די גרענעצען פון מצרים צו דעם צווייטען דערפון.

„22. נור דאָס לאַנד פון די פּריסטער האָט ער ניט גע־קויפט; ווייל די פּריסטער האָבען געהאַט אַ טהייל בעשטימט פאַר זיי פון פּרעה, און האָבען געגעסען זייער טהייל, וואָס פּרעה האָט זיי געגעבען; פאַר דאָס האָבען זיי ניט פערקויפט זייערע לענדער.

„23. דאַן האָט יוסף געזאָגט צום פאָלק: זעהט, איך האָב אייך געקויפט דיזען טאָג און אייער לאַנד פאַר פּרעה; זעהט, דאָ איז תבואה פאַר אייך, און איהר זאָלט פערזייען דאָס לאַנד.

„24. און עס זאָל קומען צו פּאַסירען אין דעם אויסוואַק־סען, דאָס איהר זאָלט געבען דעם פינפטען טהייל צו פּרעה, און פיער טהיילען זאָלען זיין אייערע אייגענע, פאַר די קערנער, פון דעם פעלד, און פאַר אייער שפּייז, און פאַר די פון אייער הויז־געזינד, און פאַר שפּייז פאַר אייערע קליינע קינדער.

„25. און זיי זאָגען: דו האָסט געראַטעוועט אונזערע לע־בענס, לאָז אונז געפינען חן אין די אויגען פון מיין האַרר, און מיר וועלען זיין פּרעה'ס שקלאַפען.

„26. און יוסף האָט געמאַכט אַ געזעץ איבער דעם לאַנד פון מצרים ביז אויף דיזען טאָג, דאָס פּרעה זאָל האָבען דעם פינפטען טהייל; אַ חוץ דאָס לאַנד פון די פּריסטער בלויז, וועלכעס איז ניט געוואָרען פּרעה'ס."

פריהער, אום צו פּראָפּיטירען פון דער אַרבייט פון מענ־שען, האָט פּרעה געמוזט זיי צווינגען צו אַרבייטען פאַר איהם. איצט, האָבענדיג דאָס לאַנד און דעם אָנגעזאַמעלטען קאָרן, דאַרף ער נור היטען די קאָרן־שפּייכלער, און דער הונגער וועט זיי שוין צווינגען צו אַרבייטען פאַר איהם. דאָס לאַנד איז אין גאַנצען זיינס, און די אָנגעזאַמעלטע שפּייז (דער טהייל, וואָס איז גענו־מען פון פאָלק) איז זיינס. אַנשטאַט טרייבען יעדען מענשען בעזונדער צו דער אַרבייט דורכ'ן שווערד, דאַרף ער נור היטען די

קאָרן־שפּייכלער, אום צו מאַכען די מענשען פאַר זיינע שקלאַפען, ניט מיט'ן שווערד, נור מיט'ן הונגער. אין אַ יאָהר פון הונגער קענען אַלע געמאַכט ווערען צו שטאַרבען פון הונגער דורך פּרעה, און אין אַ בעסערער צייט קענען געמאַכט ווערען צו שטאַרבען פון הונגער די אַלע, וועמען צופעליגע אונגליקען האָבען געשטערט פון אריינצונעהמען זייער אייגענע תבואה.

אזוי איז אַלזאָ בעשטימט די צווייטע מעטאָדע פון פער־שקלאַפען מענשען, ניט דורכ'ן שווערד, דאָס הייסט, דורך שטאַרקען טרייבען, מיט דעם שטראַשונאַק צו בעשטראָפען מיט'ן טויט, די שוואַכע צו דער ארבייט, נור מיט אַ שטאַרקערען צו־זאַמענקלייבען די אַלע פּראָדוקטען און היטען זיי, און אַזוי צווינגען די שוואַכע צו פערקויפען זיך פאַר ברויט.

יוסף זאָגט צו די הונגעריגע:

„איך קען אייך מאַכען שטאַרבען פון הונגער, ווייל איך האָב דעם גאַנצען קאָרן, אָבער איך האָב רחמנות אויף אייך, נור מיט דעם תנאי, אז פאַר דעם ברויט, וואָס איך גיב אייך, וועט איהר טהון אַלעס, וואָס איך בעפעהל אייך."

פאַר די ערשטע מעטאָדע פון פערשקלאַפונג — דער געברויך פון ברוטאַלער געוואַלט — דאַרף דער שטאַרקערער האָבען בלויז סאָלדאַטען, וועלכע זאָלען געהען שטענדיג צווישען די שוואַכערע און דורך דעם סטראַשענען מיט טוידט צווינגען זיי צו ערפילען דעם שטאַרקערענס ווילען. פאַר די צווייטע מעטאָדע—די אָנווענ־דונג פון הונגער — דאַרף ער האָבען אַ חויז סאָלדאַטען, וואָס זאָלען היטען דאָס לאַנד און די קראָמען, אַנאַנדער סאָרט העל־פער, גרויסע און קליינע יוסף'ס, אויפפּאַסער און פונאַנדער־טהיילער פון דעם קאָרן. דער הערשער מוז אויך זיי געבען אַ חלק, ער מוז געבען יוסף'ן פיינע קליידער, אַ גאָלדענעם רינג, דיענער, נאַהרונג און זילבער פאַר זיינע ברידער און קרובים. נאָך מעהר, ניט נור די אויפפּאַסער און זייערע קרובים אליין, נור אויך אַלע פּריוואַט־בעזיצער פון קראָמען, ווערען טהיילהאַבער פון דער מאַכט אונטער דער צווייטער מעטאָדע.

ווי אין דער ערשטער פאָרמע, וועלכע איז געגרינדעט אויף ברוטאַלער מאַכט, ווערט יעדער מענש, וואָס האָט וואַפען, אַ

שותף אין דעם רויב, אזוי אויך אין דער צווייטער פארמע, געגרינדעט אויף הונגער, ווערט יעדער בעזיצער פון קארן א שותף אין דער פערגוואלטיגענדער הערשאפט.

די בעסערקייט פון דיזער צווייטער מעטאדע איבער דער ערשטער, פון דעם שטאנדפונקט פון דעם מאכטהאבער, בע־שטעהט הויפטזעכליך אין דעם, וואס ער איז מעהר ניט גע־צוואונגען זיך אנצושטרענגען, אום צו ערצווינגען די געהארזאמ־קייט פון דעם ארבייטער. די ארבייטער קומען צו איהם פריי־וויליג און פערקויפען זיך צו איהם. און, צווייטענס איז דיזע מעטאדע בעסער דערמיט, ווייל א קלענערע צאהל מענשען האט די מעגליכקייט זיך צו רעטען פון דיזער אונטערדריקונג.

דער חסרון פון דיזער מעטאדע פאר דעם אונטערדריקער איז אין דעם, וואס ער מוז זיך צוטהיילען אין זיין רויב מיט א גרעסערע צאהל מענשען.

די בעסערקייט פון דיזער מעטאדע פאר די אונטערדריקטע בעשטעהט אין דעם, וואס זיי ווערען ניט מעהר ברוטאל פער־גוואלטיגט, און דאס זיי קענען אימער האפען אויף די מעגליכ־קייט, אונטער גליקליכע אומשטענדען, אליין צו ווערען אונטער־דריקער.

דיזע נייע מעטאדע פון אונטערדריקונג קומט געוועהנליך אין לעבען צוזאמען מיט דער אלטער, מיט דער מעטאדע פון ברוטאלער געוואלט. און דער הערשער פערשמעלערט אדער פערגרעסערט איינע אדער די צווייטע מעטאדע, לויט די געלעגענ־הייט פאדערט עס.

אבער אויך דיזע מעטאדע איז ניט אין גאנצען צופריעדענ־שטעלענד פאר'ן הערשער. מיט איהר הילפע קען ער נאך אלץ ניט אוועקנעהמען די גרעסט־מעגליכע קוואנטיטעט פון פראדוק־טען פון די גרעסט־מעגליכע צאהל ארבייטער און דערמיט פערשקלאפען די העכסט־מעגליכע צאהל מענשען. דיזע מעטאדע האט אויך דעם חסרון, וואס זי איז ניט אין איינקלאנג מיט די שטארק־פערוויקעלטע פערהעלטניסע פון לעבען, און עס ווערט ענטוויקעלט א נייע מעטאדע.

דיזע נייע און דריטע מעטאָדע איז די מעטאָדע פון ארויפ־לעגען טאקסען.

ווי די צווייטע מעטאָדע, איז זי געגרינדעט אויף הונגער, אָבער צו דער צווייטער מעטאָדע פון פערשקלאפען מענשען, אוועקנעהמענדיג ביי זיי דאָס ברויט, ווערט נאָך צוגעלעגט דאָס אוועקנעהמען פון אנדערע נויטווענדיגקייטען. דער שטארקערער בעשטימט דעם צינז אויף א געוויסע צאָהל פון געלד־צייכענס, וועלכע זיינען אין זיין בעזיץ, און וואָס דאָס צווינגט די מענשען, אום זיי צו קריגען, אוועקצוגעבען ניט נור מעהר ווי א פינפטעל פון דעם קאָרן, וועלכען יוסף האָט געפאָדערט, נור אויך אנדערע זאכען פון דער העכסטער נויטווענדיגקייט, ווי למשל, פלייש, פעל, וואָל, וועב־שטאָפען, קוילען און זאָגאר געביידען. און אויף אזא אופן האלט זיי דער הערשער אימער אין אונטער־טהעניגקייט ניט נור דורך די מורא פאר'ן הונגער, נור אויך דורך די מורא פאר קעלט און אלערליי אנדערע ליידען.

אזוי ענטוויקעלט זיך א דריטע פאָרמע פון שקלאפעריי, ווען דער שטארקערער זאָגט צום שוואכערען:

„איך קען טהון מיט יעדען פון אייך, וואָס איך וויל; איך קען אייך הרג'ענען, אוועקנעהמענדיג פון אייך דאָס לאנד, וועל־כעס ערנעהרט אייך; איך קען מיט דער הילפע פון די געלד־צייכענס, וועלכע איהר מוזט מיר צושטעלען, אָבקויפען דעם גאנצען ברויט, וואָס איהר דארפט האָבען צום עסען, און פער־קויפען עס צו פרעמדע, און אייך מאכען שטארבען פון הונגער; איך קען אוועקנעהמען אלעס, וואָס איהר האָט, אייער פיה, אייערע הייזער, אייערע קליידער. אָבער דאָס איז מיר אונ־בעקוועם און אונאנגענעהם, און דערפאר וועל איך אייך ערלויבען צו טהון מיט אייער ארבייט און פראָדוקטען, ווי עס געפעלט אייך, נור מיט דעם תנאי: איהר זאָלט מיר צאָהלען אזוי פיעל און אזוי פיעל געלד־צייכענס, וועלכע איך וועל בעשטימען אָדער אין דער פאָרמע פון א קאָפּ־טאקס, אָדער אין דער פאָרמע פון א לאנד־טאקס, אָדער א טאקס, לויט די צאָהל זאכען, וואָס איהר פערברויכט, אָדער אין דער פאָרמע פון א טאקס אויף קליידער אָדער הייזער. גיט מיר דיזע צייכענס, און איהר קענט זיך איינ־

אָרדנען אייערע געשעפטען, ווי עס געפעלט איך, אָבער ווייסט, דאָס איך וועל ניט פערטהיידיגען אָדער בעשיצען אלמנות, יתומים, קראַנקע, אַלטע אָדער אָפּפער פון צופעלע. איך וועל נור אויפהאַלטען די ריכטיגע צירקולאַציאָן פון דיזע געלד־צייכענס. דעם וועל איך נור פערטהיידיגען, און דער וועט זיין אַ צדיק אין מיינע אויגען, וועמ עס וועט מיר פּינקטליך צאָהלען די בעשטימטע סומע פון דיזע געלד־צייכענס. ווי אַזוי איהר קריגט זיי — דאָס איז עטוואָס, וואָס געהט מיך ניט אָן.“

און דער שטאַרקער צאָהלט אוים דיזע צייכענס אויסשליס־ליך אין דער פאָרמע פון קוויטונגען, וועלכע בעשטעטיגען, דאָס ער האָט ערהאַלטען דאָס, וואָס ער האָט געפאָדערט.

די צווייטע פאָרמע פון פערשקלאַפונג איז בעשטאַנען אין דעם: פרעה, האָבענדיג גענומען דעם פינפטען טהייל פון דעם קאָרן, און אוועקלעגענדיג עס אין שייער, האָט געקענט, אַלס אַ צולעג צו זיין מאַכט פון פערשקלאַפען מענשען פּערזענליך מיט׳ן שווערד, אויך צוזאַמען מיט זיינע אסיסטענטען, פּראַקטיצירען אָן אויטאָריטעט איבער די ארבייטער אין שלעכטע צייטען און איבער מאַנכע פון זיי אין צייטען פון אַ צופעליגען אונגליק.

די דריטע פאָרמע בעשטעהט אין דעם: פרעה פאָדערט פון די ארבייטער מעהר געלד, וויפיעל עס האָט פריהער געקאָסט אַ פינפט־חלק פון זיין קאָרן, און ער און זיינע שותפים קריגען אַ ני עס מיטעל צו הערשען איבער די ארבייטער, ניט נור אין דער צייט פון הונגער און אונגליק, נור צו אַלע צייטען.

אונטער דער צווייטער פאָרמע ווערט איבערגעלאָזען פאַר די ארבייטער גענוג קאָרן, אַז זיי זאָלען קענען איבערטראָגען קליינע אונגערעטענישען און צופעליגע אונגליקען; אונטער דער דריטער פאָרמע, ווען די פאָדערונג איז אַ גרעסערע, ווערט דער גאַנצער קאָרן אוועקגענומען, און אַלע אָנגעזאַמעלטע נויט־ווענדיגקייטען, און ביי דער קלענסטער אונגערעטעניש, בלייבט דער ארבייטער אָהן קאָרן און אָהן אַלע אנדערע פּראָדוקטען, וועלכע ער וואָלט געקענט אויסבייטען אויף קאָרן, און ער מוז זיך פערקויפען אַלס שקלאַף צו דעם, וואָס האָט געלד.

פאַר די ערשטע פאָרמע דאַרף דער הערשער האָבען בלויז געוואַלט־מענשען, מיט וועלכע ער צוטהיילט זיך; פאַר די צווייטע פאָרמע מוז ער האָבען א חוץ װעכטער פאַר'ן לאַנד און שפּייז־שפּייכלער, אויף קאָלעקטאָרען און פונאַנדערטהיילער. אונטער דער דריטער פאָרמע, קען ער שוין ניט מעהר זיין דער אייגענטהימער פון דעם גאַנצען לאַנד, אָבער ער מוז האָבען, א חוץ קריעג־פיהרער צו בעשיצען דאָס לאַנד און דעם רייכטהום, לאַנד־אייגענטהימער און טאַקס־זאַמלער, ווי אויך טאַקס־אָבשעצער און אויפפּאַסער, קאָסטאָם־בעאַמטע, געלד־מינצער און טרעזשורי בעאַמטע.

די אָרגאַניזאַציאָן פון דער דריטער סיסטעם איז א פיעל מעהר פערפלאָנטערטע, ווי די צווייטע. אונטער דער צווייטער קען דאָס צוזאַמעננעהמען פון די פּראָדוקטען ווערען פעררעגט, ווי דאָס איז געטהאָן געוואָרען אין די אַלטע צייטען, און ווי עס ווערט נאָך איצט געטהאָן אין טערקיי. דאָס ארויפלעגען אָבער פון א געלד־טאַקס פאָדערט א קאָמפּליצירטע אַדמיניסטראַטיווע קערפּערשאַפט, וועלכע זאָל אויפפּאַסען, אַז דאָס פאָלק זאָל בעצאָהלען דעם ארויפגעלעגטען טאַקס, עס זאָל זיך פון איהם ניט ארויסדרעהען. צוליעב דעם, אונטער דער דריטער פאָרמע, מוז דער הערשער זיך צוטהיילען מיט נאָך א גרעסערע צאָהל מענשען, ווי אונטער דער צווייטער פאָרמע. א חוץ דעם, פון דער נאַטור פון דער זאַך, אונטער דיזער פאָרמע, זיינען אַלע די, וועלכע האָבען געלד, צי זיי געהערען צו דיזען אָדער צו א פרעמד־דען לאַנד, טהיילנעהמער אין דער עקספּלאָאַטאַציאָן פון די ארבייטער.

די גוטסקייט פון דיזער פאָרמע איבער די ערשטע און צווייטע, איז ווי פאָלגט:

ערשטענס, קען דאַן גענומען ווערען א גרעסערע קוואַנטי־טעט פּראָדוקטען און אויף א מעהר בעקוועמען אופן, ווייל א געלד־טאַקס איז ווי א שרויף, און קען פערשרויפט ווערען ביז צום סאַמע לעצטען פונקט, ביי וועלכען די הוהן, וועלכע לעגט די גאָלדענע אייער, קען נאָך אַלץ לעבען בלייבען; און עס איז

ניט נויטיג צו ווארטען אויף א שלעכטען יאָהר, ווי אין די צייטען פון יוסף, ווייל דער שלעכטער יאָהר ווערט א שטענדיגער.

צווייטענס, אונטער דיזער פאָרמע, ווערט די אונטערדריקונג פערשפרייט איבער אלע, וועלכע זיינען אונטער די פריהערינע פערשאנעוועט געבליבען; וועלכע, ניט האָבענדיג קיין לאנד, האָבען נור אוועקגעגעבען א טהייל פון זייער ארבייט פאר דעם קאָרן, און וועלכע זיינען איצט געצוואונגען אלס א צולעג צו יענעם טהייל, אויך געבען נאָך א טהייל פון זייער ארבייט אין טאקסען.

דער חסרון פון דיזער פאָרמע פאר דעם אונטערדריקער איז אין דעם, וואָס ער מוז זיך טהיילען אין זיין רויב מיט א גרעסערע צאָהל מענשען — ניט נור מיט זיינע דירעקטע העלפער, נור אויך מיט אלע יענע פריוואט־אייגענטהימער, וועלכע ערשיינען געוועהנליך אונטער דיזער פאָרמע, אזוי אויך מיט אלע יענע מענער, איינגעבאָרענע און פרעמדע, וועלכע בעזיצען די געלד־צייכענס, וואָס ווערען געפאָדערט פון דעם ארבייטער.

פאר דעם אונטערדריקטען איז דיזע סיסטעם אין איין הינזיכט בעסער, ווי די צווייטע; ער קריגט נאָך א גרעסערע מאָס פון פערזענליכער אונאבהענגיגקייט; ער קען לעבען, וואו ער וויל, טהון וואָס ער וויל; ער קען זעען אָדער ניט אָט ווי ער וויל; ער איז ניט געצוואונגען אָבצוגעבען חשבון פון זיין ארבייט, און אויב ער האָט געלד, קען ער זיך בעטראכטען פאר פאָלשטענדיג פריי און אימער האָפען צו דערגרייכען, וועניגסטענס פאר א געוויסע צייט, אויב ער קריגט נור אן עקסטרא סומע געלד אָדער לאנד, ניט נור די לאגע פון אן אונאבהענגיגען מענשען, נור אויך פון אן אונטערדריקער פון אנדערע.

דער חסרון פאר איהם איז אין דעם, דאָס אין גאנצען גענומען, אונטער דער דריטער פאָרמע, איז די לאגע פאר דעם אונטערדריקטען א פיעל שווערערע, און ער ווערט בערויבט פון א גרעסערען טהייל פון זיינע פראָדוקטען, ווייל די צאָהל פון מענשען וואָס עקספלאָאטירען די ארבייט ווערט אלץ גרעסער, און די משא פון זייער אויפהאלטונג פאלט אויף די קלענערע צאָהל.

דיזע דריטע פֿאָרמע פון אונטערדריקונג איז אויך זעהר אַלט און קומט אין לעבען צוזאַמען מיט די ערשטע צוויי, ניט אין גאַנצען אויסשליסענדיג זיי.

דיזע דריי מעטאָדען צו פערשקלאַפען די מענשען האָבען קיינמאָל ניט אויפגעהערט צו עקזיסטירען.

זיי קענען אַלע פערגליכען ווערען מיט שרויפען, וועלכע דריקען ארונטער דעם ברעט, וואָס ווערט ארויפגעלעגט אויף די ארבייטער.

דער הויפּט־שרויף, אָהן וועלכען די אַנדערע וואָלטען ניט געארבייט — דער שרויף וועלכער ווערט אין גאַנצען פערשרויפט און ווערט קיינמאָל ניט לויז געמאַכט, איז דער שרויף פון פערזענליכע שקלאַפעריי — די פערשקלאַפונג פון מענש דורך מענש, דורך דעם סטראַשענען מיט'ן טוידט דורכ'ן שווערד.

דער צווייטער שרויף, וועלכער ווערט פערדרעהט נאָך דעם ערשטען, איז די פערשקלאַפונג פון מענשען דורך דאָס אוועק־רויבען פון זיי דאָס לאַנד און די אָנגעזאַמעלטע פּראָדוקטען, וואָס דאָס ווערט אויסגעפיהרט דורך דעם סטראַשענען מיט'ן טוידט.

אַלע דריי שרויפען ווערען פערשרויפט, און נור ווען איינער ווערט שטאַרקער פערשרויפט, ווערט אַ צווייטער אַביסעל לויזער געמאַכט.

פאַר די פאָלשטענדיגע פערשקלאַפונג פון דעם ארבייטער, זיינען די דריי שרויפען, די דריי מעטאָדען, אַלע נויטווענדיג; און אין אונזער געזעלשאַפט זיינען די דריי מעטאָדען אימער אין געברויך.

די ערשטע מעטאָדע פון פערשקלאַפען מענשען דורך פּער־זענליכע געוואַלט און דעם סטראַשענען מיט'ן טוידט דורך דעם שווערד איז קיינמאָל ניט אָבגעשאַפט געוואָרען, און וועט ניט אָבגעשאַפט ווערען, אַזוי לאַנג ווי אירגענד וועלכע שקלאַפעריי וועט בלייבען, ווייל אויף איהר שטיצט זיך יעדער סאָרט שקלאַפעריי.

מען האָט אונז אַלעמען איינגערעדט, אַז די פּערזענליכע שקלאַפעריי איז אָבגעשאַפט אין אונזער ציוויליזירטער געזעל־שאַפט, דאָס איהרע לעצטע סליאַדען זיינען אין גאַנצען אָב־

געמעקט אין אַמעריקאַ און רוסלאַנד, און דאָס היינט זיינען עס נור באַרבאַרען, וועלכע האַלטען אָן דיזע שקלאַפעריי.

מיר פערזעהען איין קליינינקייט — די עקזיסטענץ פון הונ־דערטע מיליאָנען סאָלדאַטען אין די אַרמייען, אָהן וועלכע עס איז ניטאָ קיין איינציגע רעגיערונג, און מיט דער פערשווינדונג פון וועלכע די גאַנצע עקאָנאָמישע געביידע פון דער רעגיערונג וואָלט צוזאַמענגעפאַלען.

וואָס זיינען אַלזאָ די מיליאָנען סאָלדאַטען, אויב ניט די פער־זענליכע שקלאַפען פון די יעניגע, וועלכע הערשען איבער זיי?

זיינען דען ניט דיזע מענשען געצוואונגען צו ערפילען די ווינשע פון זייערע בעלי בתים אונטער דעם סטראַשונאָק פון פייניגונג און טוידט — סטראַשונקעס, וועלכע ווערען אָפט אויס־געפיהרט? דער אונטערשיעד איז בלויז אין דעם, וואָס די אונטערוואַרפונג פון דיזע שקלאַפען ווערט ניט גערופען מיט דעם נאָמען „שקלאַפעריי“, נור מיט׳ן נאָמען „דיסציפּלין“, און דאָס, וועהרענד די שקלאַפען זיינען געוועזען שקלאַפען פון געבורט ביז׳ן טוידט, זיינען דיזע שקלאַפען פאַר אַ מעהר אָדער ווייניגער בעשטימטע צייט, די צייט פון זייער דיענען.

ניט נור איז פערזענליכע שקלאַפעריי ניט אָבגעשאַפט אין אונזערע ציוויליזירטע געזעלשאַפטען, נור מיט דער איינפיהרונג פון אַלגעמיינעם מיליטער־דיענסט, איז זי די לעצטע צייט פיעל פערשטאַרקט געוואָרען. זי בלייבט דיזעלבע, ווי אימער, נור עטוואָס געענדערט.

און עס קען גאָר ניט זיין אַנדערש. וואָרום אַזוי לאַנג ווי עס וועט זיין די פערשקלאַפונג פון מענש דורך מענש, וועט דיזע פערזענליכע שקלאַפעריי עקזיסטירען, דיזע שקלאַפעריי, וועלכע דורך דעם סטראַשענען מיט׳ן שווערד האַלט אויף די שקלאַפעריי דורך דעם לאַנד־מאָנאָפּאָל און דורך טאַקסעס.

אָבער איז ניט אפשר די אַרמיי נויטיג פאַר דער פער־טהיידיגונג און דעם רוהם פון פאַטערלאַנד?

נו, דיזע ניצליכקייט פון דער אַרמיי איז מעהר ווי צווייפעל־האַפט, ווייל מיר זעהען דאָך, ווי אָפט, נאָך ניט־איינגעגעבענע מלחמות, דיזע אַרמיי דיענט דער פערשקלאַפונג און דער שענ־

דונג פון דעם פאטערלאנד; ווערענד איהר ניצליכקייט איז גאָר אונצווייפעלהאפט אין דער הינזיכט פון אויפהאַלטען שקלאַפעריי דורך דעם לאנד־מאָנאָפּאָל און טאַקסעס.

זאָלען די איירישע אָדער די רוסישע בויערן אריינגעהמען אין זייער בעזיץ דאָס לאנד פון די אייגענטהימער, און באלד וועלען קומען די סאָלדאטען און זיי פערטרייבען פון דעם לאנד.

זאָל אַ ברויערי אויפגעבויט ווערען און פערפעהלען דעם בעשטימטען אָבצאָהל צו געבען, און די סאָלדאטען וועלען באלד קומען און איהר צושליסען.

לאָזען זיי זיך ענטזאגען צו בעצאָהלען טאַקסעס, און דאָס זעלבע וועט פּאַסירען.

דער צווייטער שרויף איז די פערשקלאפונג פון מענשען דורך דאָס אוועקנעהמען פון זיי דאָס לאנד, דאָס מיינט, זייער שפּייז.

דיעזע מעטאָדע פון פערשקלאַפונג האָט עקזיסטירט איבעראַל, וואו מענשען זיינען נור געהאַלטען געוואָרען אין אונטערטהעניגקייט; און עס מאכט ניט אויס, וועלכע ענדערונגען פון פּאָרמען זי געהט דורך, זי עקזיסטירט איבעראַל.

אין מאנכע פעלע געהערט דאָס גאנצע לאנד צום קעניג, ווי אין טערקיי, און דער צעהנטער טהייל פון דער תבואה ווערט אוועקגענומען פון דער קרוין; אין אנדערע פעלע איז נור אַ טהייל פון לאנד דעם קעניג׳ס אייגענטהום, און די טאַקסעס ווערען גענומען פון די פּראָדוקטען פון לאנד; אין מאנכע פעלע געהערט דאָס גאנצע לאנד צו אַ קליינער צאָהל מענשען, און עס ווערען געצאָהלט טאַקסעס פאר זיין געברויך, ווי אין ענגלאנד; אין מאנכע פעלע געהערט אַ גרויסער אָדער אַ קלענערער טהייל צו גרויסע אייגענטהימער, ווי אין רוסלאנד, דייטשלאנד און פראנקרייך.

אָבער איבעראַל וואו עס איז דאָ שקלאַפעריי, געהט אויך מיט דעם האנד אין האנד די צוגעהעריגקייט פון לאנד צו דעם פערשקלאַפער.

דער שרויף פון דיעזער פּאָרמע פון שקלאַפעריי ווערט שטייפער אָדער לייזער פערשרויפט, לויט דער שטייפקייט אָדער

לויזקייט פון די אנדערע שרויפען. אזוי, למשל, אין רוסלאנד, ווען די פערזענליכע שקלאפעריי איז געווען אויסגעשפּרייט איבער די מאיאריטעט פון די ארבייטער, איז די שקלאפעריי דורך דעם לאנד־מאָנאָפּאָל געווען אן איבריגע זאך, און דער שרויף פון פערזענליכער שקלאפעריי איז לויז געמאכט געוואָרען, ווען די לאנד־און טאקס־שרויפען זיינען פערשרויפט געוואָרען שטייף. זיי האָבען גאנץ לויט זייער קאפּריז געמאכט אלעמען פאר מיט־גליעדער פון בעשטימטע געמיינדען, האָבען געמאכט שווער די עמיגראציאָן, האָבען ערקלעהרט אלס זייער אייגענטהום דאָס לאנד, אָדער האָבען עס צוטהיילט צווישען פּריוואט מענשען, און דאן ערשט האָבען זיי געגעבען די בויערען פרייהייט.

אין ענגלאנד, למשל, איז די פערשקלאפונג דורך דעם לאנד־מאָנאָפּאָל די הערשענדע פאָרמע, און דער מיטעל צו נאציאָנאלי־זירען דאָס לאנד מיינט בלויז, דאָס דער שרויף פון טאקסעס זאָל פערשטייפט ווערען, און דער שרויף פון לאנד־שקלאפעריי זאָל לויז ווערען.

די דריטע מעטהאָדע פון פערשקלאפען מיט דער הילפע פון טאקסעס, שטייערען, און צינז־נעהמעריי האָט אימער עקזיסטירט; און אין אונזער צייט, מיט דער פערשפּרייטונג פון עהנליכע געלד־צייכענס אין פערשיעדענע שטאאטען און מיט דער פערשטאר־קונג פון דער רעגיערונגס־אויטאָריטעט, איז דיעזע פאָרמע גע־וואָרען בעזאָנדערס שטארק; זי האָט אין דער ווירקליכקייט זיך אזוי ענטוויקעלט, דאָס זי האָט א שטארקע טענדענץ צו פער־נעהמען דעם פּלאץ פון דער צווייטער מעטהאָדע, פון לאנד־שקלאפעריי.

מיר האָבען אין רוסלאנד, נאָך פאר אונזער געדענקען, דורכגעמאכט צוויי ענדערונגען אין דער פאָרמע פון שקלאפעריי. ווען די לייב־אייגענע זיינען בעפרייט געוואָרען, און די אייגענ־טהימער זיינען געבליבען ביי דעם בעזיץ פון א גרויסען טהייל פון'ם לאנד, האָבען די לעצטע, די אייגענטהימער, מורא געהאט, אז זייער הערשאפט איבער די ערשטע, די בויערען, וועט פער־שווינדען. אָבער, לויט ווי די ערפאהרונג האָט געוויזען, האָבען זיי נור בעדארפט אָבלאָזען די אלטע קייטען פון פערזענליכער

שקלאפעריי, און זיך אנכאפּען אָן א צווייטע, אָן די קייטען פון לאַנד־מאַנאָפּאָל. דעם בויער האָט געפעהלט ברויט צו ערנעה־רען זיך, וועהרענד דער אייגענטהימער האָט געהאט לאַנד און אָנגעזאַמעלטע פּראָדוקטען; דערפאַר איז דער בויער געבליבען דער זעלבער שקלאַף. די אנדערע ענדערונג איז געקומען, ווען די רעגיערונג האָט פערשטייפט דעם טאַקס־שרויף און די מייסטע ארבייטער זיינען געוועזן געצוואונגען צו פערקויפען זיך צום לאַנד־אייגענטהימער און צו די פאַבריקאַנטען. דיעזע נייע פאָרמע האָט די מענשען נאָך שטייפער צוגעדריקט, אזוי, דאָס ניין צעהנטעל פון דער רוסישער ארבייטער בעפעלקערונג ארבייטען פאַר די לאַנד־אייגענטהימער און פאַבריקאַנטען, ווייל זיי ווערען דערצו געצוואונגען דורך די פאָדערונגען פון דער רעגיערונג צו צאָהלען איהר די לאַנד־טאַקסעס און אנדערע טאַקסעס. דאָס איז אזוי קלאָהר, דאָס, ווען די רעגיערונג וואָלט זיך צוריקגעהאַלטען בלויז אויף איין יאָהר פון צו פאָדערען דירעקטע און אינדירעקטע און לאַנד־טאַקסעס, וואָלט די גאַנצע ארבייט אויף די פעלדער פון די לענדלאָרדס און אין די פאַבריקען גענצליך אויפגעהערט. ניין צעהנטעל פון דעם רוסישען פאָלק פערדינגען זיך אלס אר־בייטער נור דאַן, ווען די טאַקסעס ווערען געמאָהנט, און אויס־שליסליך צוליעב די טאַקסעס.

די דריי מעטהאָדען פון פערשקלאַפונג האָבען אימער עקזיס־טירט און עקזיסטירען אויך היינט. אָבער די מענשען זיינען עלול דאָס צו פערזעהן אזוי שנעל, ווי א נייער אויסרייד ווערט פאַר זיי אָנגעגרייט. און דאָס מערקווירדיגסטע דערביי איז, דאָס גראַדע יענע מעטהאָדע, אויף וועלכע אַלעס ווערט געבויט, וועלכע האַלט אויף אַלעס — דיעזע ווערט גאָר ניט בעמערקט.

ווען עס האָט אין דער אַלטער וועלט די גאַנצע עקנאָמישע געביידע געשטיצט זיך אויף פערזענליכע שקלאַפעריי, האָבען דאָס דאַן די גרעסטע מוחות ניט געקאָנט בענעהמען.

קסענאָפאָן׳ען, פּלאַטאָ׳ן, אריסטאָטעל׳ען און די רוימער האָט עס אויסגעזעהן, אז די זאַכען קענען גאָר ניט זיין אנדערש, און דאָס שקלאַפעריי איז דער אונפערמיידליכער און נאַטירלי־

כער רעזולטאט פון מלחמות, אָהן וועלכע, פון זייער זייט, די מענשהייט קען גאָר ניט געמאָלט זיין.

דאָס זעלבע, אין מיטעלאַלטער און ביז אונזער צייט, האָבען מענשען ניט געקענט באַנעהמען די בעדייטונג פון לאַנד־אייגענטהום און פון דער שקלאַפעריי, וואָס פאָלגט פון איהר, וועלכע האָט אויפגעהאַלטען די גאַנצע עקאָנאָמישע געביידע פון דעם מיטעלאַלטער. און פונקט אַזוי היינט זעהט קיינער ניט, אָדער ווינשט ניט צו זעהן, דאָס אין אונזער צייט איז די שקלאַפעריי פון דער מאַיאָריטעט פון מענשען אָבהענגיג פון די געלד־טאַקסעס, וואָס ווערען אויפגעמאָהנט פון לאַנד און פון אַנדערע זאַכען, דורך די רעגיערונג, דאָס הייסט, דורך די אַדמיניסטראַציאָן און די אַרמיי, דיזעלבע אַדמיניסטראַציאָן און אַרמיי, וועלכע לעבען פון דיעזע טאַקסעס.

---

עס איז ניט צו וואונדערען זיך, וואָס די שקלאַפען גופא, וועלכע זיינען אונטעריאָכט פון די עלטעסטע צייטען, ווייסען גאָר ניט וועגען דער נאַטור פון זייער לאַגע, און בעטראַכטען דיעזע לאַגע פון שקלאַפעריי, אין וועלכע זיי האָבען אימער געלעבט, אַלס די נאַטירליכע לאַגע פון מענשליכען לעבען, זעהענדיג אַ פערבעסערונג אין די בלויזע ענדערונגען פון די פאָרמען פון שקלאַפעריי.

אויך איז עס זיך ניט צו וואונדערען, וואָס די שקלאַפען־האַלטער, מאַנכעס מאָל גאַנץ עהרליך, גלויבען, דאָס זיי בעפרייען דעם שקלאַף, ווען זיי מאַכען לויז איין שרויף, ווען אַ צווייטער ווערט פערשרויפט דאָס שטייפער.

ביידע, סיי די שקלאַפען און סיי די שקלאַפען־האַלטער, זיינען צוגעוועהנט געוואָרען צו זייער לאַגע; און די שקלאַפען, ניט וויסענדיג, וואָס פרייהייט איז אין דער אמת'ן, זוכען פערלייכטערונג אין די בלויזע ענדערונגען פון די פאָרמען פון שקלאַפעריי, וועהרענד די שקלאַפען־האַלטער, וועלענדיג פערמאַסקירען זייער אונרעכט, שטרעבען צוצושרייבען אַ בעזונדערע בעדייטונג

צו דיעזע נייע פאָרמען פון שקלאַפעריי, וועלכע פערנעהמען דעם פלאַץ פון דער אַלטער.

אָבער וואָס עס איז יע זיך צו וואונדערען, איז, דאָס די וויסענשאַפט, אין איהר אונטערזוכונג פון די פערהעלטניסע פון לעבען פון די נאַציאָנען, קען פערזעהן דאָס, וואָס עס בילדעט דעם סאַמע פונדאַמענט פון זייער עקאָנאָמישער לאַגע.

עס קען אויסזעהן, דאָס די אויפגאַבע פון דער וויסענשאַפט איז צו געפינען די שייכות צווישען די ערשיינונגען און דעם אַלגעמיינעם גאַנג פון אַ רייהע פון ערשיינונגען. די פּאָליטישע עקאָנאָמיע טהוט פונקט קאַפּויר. זי פערבעהאַלט גאַנץ שטאַרק די שייכות צווישען די ערשיינונגען און זייער בעדייטונג, און מיידעט אויס זעהר פּאָרזיכטיג צו ענטפערען אויף די איינפאַכ־סטע און העכסט פונדאַמענטאַלע פראַגען. ווי אַ פוילער פערד, געהט זי גלייך בארג אַראָב, און ווען זי האָט גאָר ניט קיין משא, צו טראָגען; ווי אָבער זי האָט נאָר אַ משא אויף זיך, ווערט זי גלייך איינגעשפּאַרט, און ענטזאַגט זיך צו געהן גלייך. אַזוי שנעל ווי די וויסענשאַפט שטעהט פּנים אל פּנים מיט אַן ערנסטער און וויכטיגער פראַגע, וואַרפט זי זיך גלייך אַריין אין אַ זעהר געלעהרטען פּלפּול איבער ענינים, וועלכע האָבען גאָר ניט צו טהאָן מיט דיעזער פראַגע, און וואָס עס קאָן נור האָבען איין צוועק: אָבצואוווענדען די אויפמערקזאַמקייט פון דער פראַגע.

איהר פרעגט:

וואָס איז די אורזאַכע פון יענעם אוננאַטירליכען, מאָנסטער־האַפטען, משוגענעם און אונניצליכען, ניין, שעדליכען, פאַקט, דאָס מאַנכע מענשען קענען עסען אָדער אַרבייטען נור אַזוי ווי די אַנדערע ווילען, זיי זאָלען עסען אָדער אַרבייטען?

און די וויסענשאַפט, מיט אַ העכסט־ערנסטען אָנשטעל, ענטפערט:

די אורזאַכע איז די, וואָס מאַנכע מענשען קאָנטראָלירען די אַרבייט און די נאַהרונג פון אַנדערע — און דאָס איז דער געזעץ פון פּראָדוקציאָן.

איהר פרעגט:

וואָס איז עס דיזעס רעכט פון אייגענטהום, אונטער וועלכען געוויסע מענשען אנאייגנען פאר זיך לאנד, שפייז און די ווערק־צייג פון אנדערע?

די וויסענשאפט, מיט א העכסט־ערנסטען אָנשטעל ענט־פערט:

דאָס רעכט איז געגרינדעט אויף דער בעשיצונג פון איינעמס ארבייט — דאָס הייסט, די בעשיצונג פון דער ארבייט פון מאנכע ווייזט זיך ארוים בולט אין דער פערכאפּונג פון דער ארבייט פון אנדערע.

איהר פרעגט, וואָס איז עס דאָס געלד, וועלכע די רעגיערונג אָדער די מאַכט איבעראל שמידט און דרוקט, און וועלכעס, אין מאנכע גרויסע קוואנטיטעטען, ווערט מיט געוואלט אויפגעמאָנט פון ארבייטער און ווערט ארויפגעלעגט אויף די צוקינפטיגע דורות אונטער דער געשטאַלט פון רעגיערונגס־חובות? איהר פרעגט, אויב דאָס געלד, ארויסגעריסען מיט געוואלט אין דער פאָרמע פון טאקסעס און בעשטימט ביז צו די עקסטרימסטע גרענעצען פון מעגליכקייט איינצומאָהנען, אויב דיזעס געלד האָט אירגענד א ווירקונג אויף די עקאָנאָמישע פערהעלטניסע פון די מענשען, פערהעלטניסע צווישען דעם צאָהלער און דעם בע־צאָהלטען?

און די וויסענשאפט, מיט א זעהר ערנסטער מינע, ענט־פערט:

געלד איז א סחורה, ווי צוקער און טוך, אונטערשיידענדיג זיך פון אנדערע סחורות בלויז אין דעם, דאָס עס איז מעהר בעקוועם פאר דעם אויסטויש. טאקסעס האָבען גאָרניט קיין ווירקונג אויף די עקאָנאָמישע פערהעלטניסע פון דער נאציאָן. די געזעצע פון פּראָדוקציאָן, אויסבייט און דער צוטהיילונג פון דעם רייכטהום זיינען איין זאך, און טאקסעס זיינען א צווייטע זאך.

איהר פרעגט, אויב דער פאקט, דאָס די רעגיערונג קען, ווען זי וויל נור, פערגרעסערען די טאקסעס, און פערדראַמען אלע

די, וועלכע האָבען קיין לאַנד ניט, צו שקלאַפּעריי, האָט ניט קיין ווירקונג אויף די עקאָנאָמישע פערהעלטניסע?

און די וויסענשאַפט, מיט אַן העכסט־ערנסטען פּנים, ענט־פערט:

גאָר קיין ווירקונג. די געזעצע פון פּראָדוקציאָן, אויס־טויש און צוטהיילונג זיינען איין וויסענשאַפט, ווערהענד דאָס ארויפלעגען פון טעקסעס און רעגיערונגס־עקאָנאָמיע זיינען אַ צווייטע וויסענשאַפט, די וויסענשאַפט פון פינאַנציעלער גערעכטיגקייט.

ענדליך פרעגט איהר וועגען דעם פאַקט, וואָס דאָס גאַנצע פאָלק איז פערשקלאַפט צו דער רעגיערונג, דאָס די רעגיערונג קען, ווען זי וויל, רואינירען יעדען, בערויבענדיג אַלעמען פון די פּראָדוקטען פון זייער ארבייט און זאָגאָר אוועקרייסען זיי פון זייערע ארבייטען און אריינוואַרפען זיי אין אַ מיליטערישע שקלאַפעריי. איהר פרעגט, אויב דיזער אומשטאַנד האָט איר־גענד אַ ווירקונג אויף די עקאָנאָמישע אומשטענדען.

און אויף דעם ענטפערט די וויסענשאַפט שוין גאָרניט.

דאָס איז אַ גאַנץ אנדער ענין, דאָס איז די וויסענשאַפט פון רעגיערען.

די וויסענשאַפט צוגליעדערט אויף אַ זעהר פערניגפטיגען שטייגער די געזעצע פון דעם עקאָנאָמישען לעבען פון די נאַציאָ־נען, אַלע טהעטיגקייטען פון וועלכע הענגען אָב פון דעם ווילען פון דעם טיראַן, אנערקענענדיג דיזען איינפלוס פון דעם טיראַן אַלס אַ נאַטירליכען פערהעלטנים פון לעבען. די וויסענשאַפט טהוט פונקט, וואָס אַן אונטערזוכער פון די עקאָנאָמישע פער־העלטניסע פון פערזענליכער שקלאַפעריי וואָלט געטהאָן, ווען ער וואָלט זיך געמאַכט ניט וויסענדיג איבער דעם איינפלוס פון דעם בעל הבית ווילען אויף דעם לעבען פון די שקלאַפען — דעם ווילען פון יענעם, וועלכער, לויט זיין קאַפּריז, מאַכט דיזע שקלאַפען צו טהון דיזע אָדער יענע ארבייט, לויט קאַפּריז טרייבט זיי פון פּלאַץ צו פּלאַץ, לויט קאַפּריז שפּייזט זיי אָדער לאָזט זיי איבער הונגערן, לויט קאַפּריז טויטעט זיי אָדער לאָזט זיי לעבען.

איינעם וואָלט זיך געגלוסט צו גלויבען, אז די וויסענשאפט טהוט עס אויס נארישקייט; אבער מען דארף נור אריינבליקען טיעפער און אונטערזוכען די פערהעלטניסע פון דער וויסענ־שאפט, אום צו ווערען איבערצייגט, דאָס דיזער רעזולטאט קומט ניט פון נארישקייט, נור פון גרויסער אינטעליגענץ.

די וויסענשאפט האָט א געוויסען צוועק, וועלכען זי פיהרט אויך אוים.

דער צוועק איז אויפצוהאלטען די פאָראורטהיילע און די איינרעדענישען פון די מענשען, און דערמיט שטערען די מענש־הייט אין איהר פאָרטשריט אויף דעם וועג פון ווארהייט און וואָהלהאבענהייט.

עס האָט לאנג עקזיסטירט און עקזיסטירט נאָך איצט א שרעקליכער אבערגלויבען, וועלכער האָט געטהאָן די מענשען מעהר שאדען, ווי די שרעקליכסטע רעליגיעזע אבערגלויבענס, און עס איז דיזער אבערגלויבען, וועלכען די זאָגענאנטע וויסענשאפט האלט אויף מיט איהר גאנצער מאכט.

דער אבערגלויבען איז עהנליך אין יעדער הינזיכט צו די רעליגיעזע אבערגלויבענס. ער בעשטעהט אין דער בעהויפטונג, דאָס א חוץ די פליכטען פון מענש צו מענש, זיינען נאָך דאָ פיעל וויכטיגערע פערפליכטונגען צו א פאנטאַסטישען וועזען. אין דער טהעאָלאָגיע איז דיזער פאנטאסטישער וועזען — גאָט, און אין די פאָליטישע וויסענשאפטען איז דיזער פאנטאסטישער וועזען די רעגיערונג.

דער רעליגיעזער אבערגלויבען בעשטעהט אין דעם גלויבען, דאָס די קרבנות, אָפט פון מענשליכע לעבענס, וועלכע זיינען געבראכט געוואָרען צו דיזען פאנטאסטישען וועזען, זיינען דער סאמע עיקר, און דאָס מענשען מעגען און זאָלען געבראכט ווערען צו דיזען סאָרט דענקען מיט אלערליי מעטאָדען, געוואלט ניט אויסגעשלאָסען.

דער פאָליטישער אבערגלויבען בעשטעהט אין דעם גלויבען, דאָס א חוץ די פליכטען פון מענש צו מענש, זיינען דאָ נאָך וויכטיגערע פערפליכטונגען צו דעם פאנטאסטישען וועזען — רעגיערונג, און דאָס די קרבנות — אָפט פון מענשליכע לעבענס

— וואָס ווערען געבראַכט צו דיזען פאַנטאַסטישען וועזען, זיינען דער סאַמע עיקר, און דאָס מענשען מעגען און זאָלען געבראַכט ווערען צו דיזען צושטאַנד פון דענקען דורך אַלע מעגליכע מיט־לען, געוואַלט ניט אויסגעשלאָסען.

דיזער אַבערגלויבען, וועלכער איז פריהער אויפגעהאַלטען געוואָרען דורך די פריעסטער פון די פערשיעדענע רעליגיאָנען, ווערט איצט אויפגעהאַלטען פון דער זאָגענאַנטער וויסענשאַפט.

מענשען ווערען געדריקט פון דער שרעקליכסטער און ערגסטער סאָרט שקלאַפעריי; אַבער די וויסענשאַפט סטאַרעט זיך צו פערזיכערען זיי, אַז דאָס אַלעס איז נויטיג, און קען ניט זיין אַנדערש.

רעגיערונג מוז עקזיסטירען צום גוטען פון די מענשען, פאַר די אויספיהרונג פון זייערע אַנגעלעגענהייטען — צו רעגיערען איבער די מענשען און צו בעשיצען זיי פון די שונאים. אום דאָס אויסצופיהרען, דאַרף די רעגיערונג געלד און אַן אַרמיי. געלד דאַרף פערזאָרגט ווערען פון אַלע מענשען, וואָס לעבען אונטער דער רעגיערונג, און דערפאַר ווערען אַלע מענשליכע פערהעלטניסע בעטראַכט אין זייער שייכות צו די נויטווענדיגע פערהעלטניסע פון דער רעגיערונג.

איך וויל העלפען מיין טאַטען אין זיין הויז־ווירטשאַפט, זאָגט אַן איינפאַכער, ניט געלערנטער מענש, איך וויל חתונה האָבען און זיי נעהמען מיך און שיקען מיך אוועק אין קאַזאַן אויף זעקס יאָהר אַלס סאָלדאַט. איך דין אויס מיין צייט אַלס סאָלדאַט, און וויל אַקערען מיין לאַנד און שפּייזען מיין פאַמיליע, אָבער פאַר הונדערט וויאָרסט אַרום איז מיר ניט ערלויבט צו זעען, ניט בעצאָהלענדיג קיין געלד, וואָס איך האָב ניט, צו דיזע מענשען, וועלכע קענען ניט זעען; און זיי ווילען אַזוי פיעל געלד, דאָס איך מוז זיי געבען מיין גאַנצע אַרבייט. דאָך פיהר איך אויס וויפיעל־עס־איז אָבצושפּאָרען און וויל עס אָבגעבען אין גאַנצען צו מיינע קינדער, קומט אָבער דער דיסטריקט־בעאַמטער און נעהמט עס צו פון מיר, אַלס טאַקסעס; ווידער פערדין איך עפּעס און ווידער ווערט עס אוועקגענומען פון מיר. מיין גאַנצע עקאָנאָמישע טהעטיגקייט, ניט אויסגענומען אירגענד

וועלכען טהייל, איז אין גאנצען אין דעם רשות פון דער רעגיע־רונג, און איך גלויב, אז די פערבעסערונג פון מיין לאגע און פון די פון מיינע ברידער מוז קומען פון דער בעפרייאונג פון די רעגיערונגס־פרעטענזיעס.

אבער די וויסענשאפט ענטפערט:

דיינע געדאנקען קומען צו דיר פון דיין אונוויסענהייט. שטודיר די געזעצע פון פראָדוקציאָן, פון אויסטויש און פון דער פערטהיילונג פון דעם רייכטהום, און מיש ניט צונויף פראגען עקאָנאָמישע מיט פראגען פון רעגיערונג. די פאקטען אויף וועלכע דו וויזט אָן, זיינען ניט קיין קייטען אויף דיין פרייהייט, נור זיי זיינען יענע נויטיגע אויפאָפּפערונגען, וועלכע דו צוזאמען מיט אנדערע מאכט פאר אייער פרייהייט און וואוילזיין.

אָבער זיי האָבען דאָך צוגענומען ביי מיר מיין זוהן, און סטראשענען צוצונעהמען ביי מיר אַלע מיינע זיהן אזוי שנעל, ווי זיי וועלען ווערען אַלט די נויטיגע יאָהרען, זאָגט ווידער דער איינפאכער מענש, מען האָט איהם גענומען מיט געוואלט, און מען האָט איהם פערטריעבען אונטער דעם ביקס צו א לאנד, פון וועלכען ער האָט קיינמאָל ניט געהערט, און צוליעב צוועקען, וועלכע ער קען ניט פערשטעהן. אָבער דאָס לאנד, וואָס איז ניט ערלויבט אונז צו בעארבייטען, און צוליעב דעם פעהלען פון וועלכען מיר שטארבען פון הונגער, איז אין דעם בעזיץ פון א מענשען, וועמען מיר האָבען קיינמאָל ניט געזעהען, און וועמעס ניצליכקייט מיר קענען אפילו ניט פערשטעהען. אָבער די טאקס־סעס, פאר וועלכע דער טשינאָווניק האָט צוגענומען מיט געוואלט די קוה פון מיינע קינדער, וועט, אזוי פיעל ווי איך וויים, געהן צו דעם זעלבען פּאָליציי־טשינאָווניק און צו די פערשיעדענע מיטגליעדער פון קאָמיסיעס און מיניסטאָרען, וועלכע איך קען ניט, און אין די ניצליכקייט פון וועלכע איז גלויב ניט. טו ווי אזוי קען דיזער גאנצער צוואנג פערזיכערען מיר מיין פרייהייט, און ווי אזוי וועט דיזע גאנצע אונגערעכטיגקייט פיהרען צו מיין וואוילזיין?

עס איז מעגליך צו צווינגען א מענשען צו זיין א שקלאף און צו טהון דאָס, וואָס ער בעטראכט אלס שעדליך פאר זיך, אבער

עס איז ניט מעגליך צו צווינגען איהם צו דענקען, דאָס ליידענדיג פון דער געוואַלט, איז ער פריי, און די בעשיינפערליכע צרות, וועלכע ער טראָגט איבער, זיינען געמיינט צו זיין טובה.

דאָס זעהט אויס אונמעגליך?

אָבער דאָס איז עס, וואָס איז געטהאָן געוואָרען אין אונזער צייט מיט דער הילפע פון דער וויסענשאַפט.

רעגיערונג — דאָס הייסט בעוואַפענטע און געוואַלט־טהעטיגע מענשען, בעשטימען וויפיעל זיי פערלאַנגען פון די, וועמען זיי פערגוואַלטיגען (ווי די ענגלענדער אין זייערע פער־העלטניסע צו די פיזשיער), זיי בעשטימען וויפיעל ארבייט זיי פערלאַנגען פון זייערע שקלאַפען; בעשטימען, וויפיעל העלפער זיי דארפען, אום איינצומאַנען און אריינצוקריגען די פּראָדוק־טען; אָרגאַניזירען דיזע העלפער, אלס סאָלדאַטען, אלס לאַנד־אייגענטהימער, און אלס טאַקס־איינמאָנער. און די שקלאַפען גיבען אוועק זייער ארבייט און אין דערזעלבער צייט דענקען זיי, אז זיי גיבען אוועק זייער ארבייט ניט, ווייל זייערע הערען ווילען אזוי, נור צוליעב זייער אייגענער פרייהייט און וואוילזיין זיינען נויטיג דיזע עבודה און קרבנות צו דער גאָטהייט, וואָס ווערט גערופען רעגיערונג, און דאָס א חוץ זייער דיענען צו דער גאָטהייט, זיינען זיי פריי.

דאָס גלויבען זיי, ווייל מען האָט זיי אזוי געזאָגט, פריהער ד פריעסטער פון אלערליי רעליגיאָנען, און אין דער לעצטער צייט די געלערנטע מענשען, די פריעסטער פון דער וויסענשאַפט. אבער איינער דאַרף נור אויפהערען צו גלויבען בלינד אין דאָס, וואָס אַנדערע מענשען, וועלכע רופען זיך פריעסטער און וויסענ־שאַפטס־מענער, זאָגען, אום צו זעהען, ווי גאַנץ אָהן א זין זיינען זייערע בעהויפטונגען.

מענשען, וועלכע אונטערדריקען אנדערע, פערזיכערען זיי, דאָס דער צוואַנג איז נויטיג אין דעם אינטערעס פון דער רעגיע־רונג, און דאָס די רעגיערונג איז נויטיג פאַר די פרייהייט און דעם וואוילזיין פון די מענשען: לויט דעם קומט אויס, אז די אונטערדריקער צווינגען די מענשען צוליעב זייער אייגענע פריי־הייט, און טהוען זיי אונרעכט צוליעב זייער אייגענע טובה.

אָבער מענשען זיינען דאָך שכל'דיגע בעשעפעניסע און זיי דארפען דאָך דארום פערשטעהען, אין וואָס עס בעשטעהט פאַר זיי דאָס גוטע, און צו האָבען די פרייהייט דאָס צו טהון.

זאכען אַלזאָ, די גוטסקייט פון וועלכע איז ניט קלאָר פאַר די מענשען, און וואָס אויפצוטהון מוזען זיי געטריבען ווערען דורך צוואנג, קענען ניט זיין גוט פאַר זיי.

נור דאָס אַליין קען זיין גוט פאַר א שכל'דיגען וועזען, וואָס זיין שכל פערשטעהט, אז עס איז גוט.

אויב מענשען, צוליעב ליידענשאפט אָדער נארישקייט, קלייבען אוים צו טהון דאָס, וואָס איז שלעכט, דאן איז אַלעס וואָס די קליגערע קענען טהון, איז איבערצורעדען זיי צו טהון דאָס, וואָס איז פאַר זייער טובה.

עס איז מעגליך איינצורעדען מענשען, דאָס זייער וואוילזיין וועט זיין גרעסער, אויב זיי וועלען דיענען אלס סאָלדאטען, אויב זיי וועלען בערויבט ווערען פון לאנד, אויב זיי וועלען אוועק־געבען זייער ארבייט אין דער פאָרמע פון טאקסעס; אבער ביז אַלע מענשען בעטראַכטען עס פאַר זייער גליק און טהוען עס פרייוויליג, קען עס ניט אָנגערופען ווערען דעם מענשען'ס וואויל־זיין. דער איינציגער סימן פון דער גוטסקייט פון א זאך איז, ווען מענשען טהוען עס פרייוויליג.

און מיט אזעלכע זאכען איז פול דער מענשליכער לעבען.

צעהן ארבייטער אָרגאניזירען א פערבאנד צו ארבייטען צוזאמען, און דאָס טהוענדיג, טהוען זיי אָהן צווייפעל עטוואָס, וואָס איז פאַר זיי אַלעמען גוט; אָבער עס איז אונמעגליך זיך פאָרצושטעלען, דאָס דיזע צעהן ארבייטער, צווינגענדיג אנאנדער ארבייטער אָנצושליסען זיך אָן זיי און ארבייטען מיט זיי געגען זיין ווילען, זאָלען בעהויפטען, דאָס די אינטערעסען פון דעם עלפטען מיטגליעד זיינען פונקט אזעלכע, ווי זייערע אייגענע.

דאָס זעלבע איז אָנווענדבאר אויף העררען, וועלכע גיבען א מאָהלצייט פאַר זייערען א פריינד. עס קען אבער ניט בעהויפ־טעט ווערען, דאָס דער מאָהלצייט וועט אויך זיין א גוטע זאך פאַר דעם מענשען, וואָס וועט זיין געצוואונגען צו בעצאָהלען צעהן רובעל פאַר איהם.

דאָסזעלבע מיט בויערען, וועלכע מעגען דענקען, דאָס די עקזיסטענץ פון א סאזשיווקע איז א גרעסערע זאך און איז מעהר ווערטה ווי די ארבייט וואָס ווערט פערוועגדעט אויף אויסגראָבען איהם. פאר זיי וואָלט דאָס גראָבען געווען א געמיינשאַפטליכער בענעפיט; אבער פאר דעם, וועלכער זאָל דענקען, אז די עקזי־סטענץ פון א סאזשיווקע איז פון א קלענערע ווערטה, ווי אריינ־נעהמען די תבואה אין שייער, וואָס ער האָט פערשפעטיגט א ביסעל, וואָלט פאר איהם דאָס גראָבען פון דער סאזשיווקע ניט געקענט זיין צו וואויל.

דאָסזעלבע מיט גאסען, געבויט פון מענשען, מיט א קירכע, מיט א מוזעאום, און מיט אלע פערשיעדענע געזעלשאַפטליכע און רעגיערונגס־טהעטיגקייטען.

דיעזע אלע זאכען קענען זיין זעהר גוט פאר די יעניגע, וועלכע האלטען עס פאר גוט און וועלכע פיהרען עס אוים פריי־וויליג, ווי, למשל, דער איינקויפען פון ווערקצייג פאר'ן קאָאָ־פעראַטיווען שאפ, ווי דער מאָהלצייט, וואָס ווערט פעראנשטאל־טעט פון די בעלי־בתים, ווי די סאזיווקע, וואָס ווערט געגראָבען פון די בויערען.

אָבער זאכען, צו וועלכע מענשען מוזען געטריבען ווערען דורך געוואלט הערען אויף צו זיין גוט, מחמת דער געוואלט, פאר דעם אלגעמיינעם וואָהלזיין.

דאָס אלעס איז אזוי קלאָהר און איינפאך, דאָס אויב מענ־שען וואָלטען ניט אָבגענארט געוואָרען אזוי לאנג, וואָלט עס גאָר ניט נויטיג געווען צו פערלירען אן איבעריגען וואָרט וועגען דעם.

למשל, מיר לעבען אין א דאָרף, און מיר, איינוואוינער, האָבען אלע בעשלאָסען צו בויען א בריק איבער דעם זומפ, אין וועלכען מיר ווערען פערזונקען. מיר האָבען איינגעוויליגט אָדער צוגעזאָגט, אז יעדער זאָל געבען אזוי פיעל און אזוי פיעל געלד, ארבייט אָדער מאטעריאל. מיר האָבען איינגעוויליגט דאָס צו טהאָן, ווייל עס איז פאר אונז פיעל ניצליכער צו בויען דעם בריק, איידער צו פערזינקען אין דעם זומפ. אָבער צווישען אונז

זיינען דאָ מענשען, פאַר וועמען עס איז ניצליכער אויסצוקומען אָהן אַ בריק, איידער אויסצוגעבען געלד אויף דעם; אָדער אַזעלכע, וועלכע וועניגסטענס גלויבען, אַז עס איז בעסער פאַר זיי אָהן אַ בריק. וועט דאָס צווינגען פון דיעזע מענשען אַנטהייל צו נעהמען אין דיעזער אונטערנעהמונג מאַכען דעם בריק ניצליך פאַר זיי? פערשטעהט זיך אַז ניט. וואָרים, ווי באַלד דיעזע מענשען בעטראַכטען אַ פרייוויליגע מיטווירקונג אין דער אויפבויאונג פון דעם בריק, אַלס ניט ניצליך פאַר זיי, וועלען זיי דאָך נאָך מעהר בעטראַכטען דעם בריק אַלס אונניצליך, ווען זיי וועלען געצוואונגען ווערען מיט געוואַלד מיטצוהעלפען אין דעם. לאָמיר אָננעהמען, זאָגאַר, דאָס מיר האָבען אַלע, אָהן אויסנאַהמע, איינגעוויליגט, צו בויען דעם בריק און האָבען פערשפּראָכען אַזוי פיעל אַרבייט און געלד אויף יעדענס חלק, נאָר דאָס מאַנכע פון אונז האָבען שפּעטער פערפעהלט צו ערפילען זייער צוזאָג, ווייל די אומשטענדען ביי זיי האָבען זיך אַזוי געענדערט, דאָס עס איז געוואָרען פאַר זיי פיעל ניצליכער אויסצוקומען אָהן אַ בריק, איידער אויסצוגעבען געלד אויף דעם, אָדער ווייל זיי האָבען געביטען זייער מיינונג, אָדער אפשר, ווייל זיי האָבען אויסגערעכענט, דאָס די אַנדערע וועלען בויען דעם בריק זאָ־ווי־זאָ, אפילו ווען זיי וועלען גאָר ניט ביישטייערען, און אַזוי קענען זיי האָבען דעם נוצען פון בריק גאַנץ אומזיסט. קען דאָס צווינגען פון דיעזע מענשען צו נעהמען אַנטהייל אין דעם בויען פון בריק מאַכען זייער אויפאָפּפערונג ניצליך? פערשטעהט זיך אַז ניט. ווייל אויב זיי האָבען ניט ערפילט זייער צוזאָג צוליעב געענדערטע אומשטענדען, וועלכע האָבען געמאַכט זייער אויפאָפּפערונג שווערער פאַר זיי, ווי די אונבעקוועמליכקייט ניט צו האָבען דעם בריק, דאַן וועלען דאָך די געצוואונגענע אויפאָפּפערונגען מאַכען נאָך די זאַך פיעל שווערער פאַר זיי. אויב אָבער דיעזע מענשען האָבען נור די אַבזיכט צו פּראָפּיטירען פון דער אַרבייט פון אַנדערע, דאַן וועט דאָך דער צוואַנג זיין אַ שטראָף פאַר זייער אַבזיכט; און דיעזע אַבזיכט, וועלכע איז נאָך גאַנץ אונבעוויזען, וועט ווערען בעשטראָפט נאָך איידער זי איז אויסגעפיהרט געוואָרען. אָבער ניט אין דעם ערשטען און ניט אין דעם צווייטען

פאַל וועט דאַס צווינגען פון די מענשען צו נעהמען אנטהייל אין דעם בויען פון בריק זיין ניצליך פאַר זיי.

אַט אזוי וועט עס זיין, ווען די אויפאָפּפערונגען ווערען ער־צוואונגען פאַר א זאַך, וואָס אַלע פערשטעהען, א זאַך וואָס איז בעשיינפערליך און אָהן א שום ספק, ניצליך, ווי דאָס איז דער בויען פון א בריק איבער דעם זומפּ.

טו וויפיעל אונגערעכטער און זינלאָזער איז דאָס צווינגען פון מיליאָנען פון מענשען צו אויפאָפּפערונגען, דער צוועק פון וועלכע איז זיי אין גאַנצען אונבעקאַנט און אָהן צווייפעל שעד־ליך, ווי דאָס איז דער פאַל מיט דעם מיליטער־דיענסט און מיט דעם צאָהלען פון טעקסעס ?

אָבער, לויט דער וויסענשאַפט, קומט עס אויס, אז אַלעס, וואָס יעדער בעזונדער בעטראַכט אַלס אַן איבעל, איז אין דער ווירקליכקייט צו אַלעמענס נוצען ; עס שטעלט זיך ארויס, אז עס איז דאָ אַן אונבעדייטענדע מינאָריטעט פון מענשען, און נור די אליין ווייסען, וואָס איז גוט פאַר אַלעמען, און ניט קוקענדיג אויף דעם, דאָס אַלע איבעריגע פון דער מענשהייט בעטראַכטען דאָס אַלגעמיין גוטע אַלס איבעל, קען די מינאָריטעט, צווינגענדיג צו דיעזעם בייזע די אַלע איבעריגע, בעטראַכטען עס אַלס עט־וואָס, וואָס איז גוט פאַר דאָס אַלגעמיינע וואָוילזיין.

אין דעם בעשטעהט דער הויפּט־אַבערגלויבען און די הויפּט־איינריידעניש, וועלכע שטערט דעם פאָרטשריט פון דער מענש־הייט צום אמת און וואָהלהאַבענהייט.

דאָס אויפהאַלטען פון דיעזען אַבערגלויבען און דיעזער איינריידעניש, דאָס איז דער צוועק פון די פּאָליטישע וויסענ־שאַפטען אין אַלגעמיין און פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע בעזאָנדערס.

איהר צוועק איז צו בעהאַלטען פון די מענשען יענעם צו־שטאַנד פון אונטערדריקונג און שקלאַפעריי, אין וועלכער זיי לעבען.

די מעטאָדע, וועלכע ווערט געברויכט, איז דיעזע : בעטראַכ־טענדיג די געוואַלד, וועלכע מאַכט מעגליך דעם עקאָנאָמישען לעבען פון דעם שקלאַף, מאַכט מען דעם אָנשטעל, אז דיעזע

געוואלד איז נאטירליך און אונפערמיידליך, און דורך דעם ווערען די מענשען אבגענארט און זייער אויפמערקזאמקייט ווערט אבגעווענדעט פון דער ווירקליכער אורזאכע פון זייער שקלאפעריי.

די אבשאפונג פון שקלאפעריי איז אנגעגאנגען פאר א לאנגע צייט.

רוים האט אבגעשאפט שקלאפעריי; אמעריקא האט איהר אבגעשאפט; רוסלאנד האט דאס זעלבע געטהאן. אבער נור די ווערטער זיינען אבגעשאפט געווארען, ניט די זאך.

שקלאפעריי מיינט די בעפרייאונג פון זיך זעלבסט פון דער נויטוועניגקייט צו ארבייטען פאר די בעפריעדיגונג פון אלערליי בעדירפניסע און דאס ארויפווארפען פון דער ארבייט אויף אנדערע מיט דער הילפע פון פיזישער געוואלד. און דארט, וואו עס איז דא א מענש, וועלכער ארבייט ניט, ווייל א צווייטער איז געצוואונגען צו ארבייטען פאר איהם, דארט עקזיסטירט שקלא־פעריי. און דארט, ווי עס איז אין אלע אייראפעאישע געזעל־שאפטען, וואו מענשען עקספלואטירען די ארבייט פון טויזענדע פון מענשען און בעטראכטען עס אלס זייער פריווילעגיע, וועה־רענד די לעצטע אונטערווארפען זיך דער געוואלד און בעטראכ־טען עס, אלס זייער פפליכט, דארט האבען מיר שקלאפעריי אין א שרעקליכען גראד.

שקלאפעריי עקזיסטירט.

וואו אלזא געפינען מיר איהר?

וואו זי איז אימער געוועזען, און אהן וועלכע זי קען ניט זיין: אין דעם צוואנג פון די שטארקע און בעוואפענטע געגען די שווא־כע און אונבעוואפענטע.

שקלאפעריי האט דריי פונדאמענטאלע מעטאדען: דירעקטע פערזענליכע געוואלד, מיליטאריזם; לאנד־טעקסעס, אויפגעהאל־טען פון דער מיליטערישער מאכט, און דירעקטע און אינדירעקטע טעקסעס אויף בירגער, וויעדער אמאל אויפגעהאלטען פון דער מיליטערישער מאכט.

דיעזע דריי מעטאדען עקזיסטירען היינט פונקט אזוי גוט, ווי פריהער. נור מיר זעהען עס ניט, ווייל יעדע פון דיעזע דריי

פאָרמען פון שקלאַפעריי האָט געקראָגען א נייעם אויסרייד, וועלכער פערדעקט איהר ריכטיגע בעדייטונג.

די פערזענליכע געוואלד פון די בעוואפענטע אויף די אונ־בעוואפענטע איז גערעכטפערטיגט אויף דעם גרונד פון פער־טהיידיגונג פון דעם פאָטערלאַנד געגען א פאַנטאַסטישען שונא. אין דער ווירקליכקייט האָט זי דיזעלבע אַלטע אויפגאַבע: די אונטערוואַרפונג פון די בעזיעגטע צו די פערגוואַלטיגער.

די אינדירעקטע געוואלד פון אַוועקצונעהמען דאָס לאַנד פון די, וועלכע אַרבייטען אויף איהר ווערט בערעכטיגט, אַלס א חוב, וואָס קומט צו גוטען דעם אַלגעמיינעם וואָהלזיין, און וואָס ווערט סאַנקציאָנירט פון דעם ירושה־רעכט; אין דער ווירק־ליכקייט אָבער איז עס דיזעלבע לאַנד־רויבעריי און פערשקלאַ־פונג, וועלכע איז אַמאָל אויסגעפיהרט געוואָרען פון דער מילי־טערישער מאַכט.

די לעצטע, דאָס ארויפלעגען פון א געלד־טאַקסע דורך געוואלד, וואָס איז די מעכטיגסטע און אַלגעמיין אָנגענומענע אין דער איצטיגער צייט, האָט געקראָגען די מערקווירדיגסטע גערעכטפערטיגונג, נעמליך, דאָס די אַוועקנעהמונג פון פרייהייט, פון אייגענטהום און פון אַלעס, וואָס איז גוט פאַר'ן מענשען, איז געראַדע אין די אינטערעסען פון דער אַלגעמיינער פרייהייט און אַלעמענס וואוילזיין.

אין דער ווירקליכקייט איז דאָס ניט קיין אנדער זאַך, ווי שקלאַפעריי.

דאָרט וואו געוואלד עקזיסטירט, אַלס געזעץ, דאָרט וועט אויך זיין שקלאַפעריי.

צי דאָס זיינען פּרינצען און זייערע קריעגס־באַנדעס, וועלכע טויטען פרויען קינדער און פערברענען דערפער; צי דאָס זיינען שקלאַפען־האַלטער, וועלכע פאָדערען געלד אָדער אַרבייט פון די שקלאַפען פאַר דאָס לאַנד, און אין פאַל פון אונגעהאָרכ־זאַמקייט רופען זיי די בעוואפענטע באַנדעס צו זייער הילפע; צי דאָס איז דער מיניסטעריום פון אינערליכע אַנגעלעגענהייטען, וועלכער רייסט אַרויס דאָס געלד דורך די גובערנאַטאָרען און פּאָליציי־בעאַמטע, און, אז עס געלינגט ניט, ווערען געשיקט

בעוואפענטע או‌מייען — אזוי לאנג, ווי עס וועט זיין א טיראנײ, אונטערשטיצט פון שווערד, וועט ניט קענען זיין קיין גערעכטע פערטהיילונג פון דעם רייכטהום, נור דער גאנצער רייכטהום וועט זיין ביי די טיראנען.

א שלאגענדע אילוסטראציאָן פון דער וואהרהייט פון דיע־זער מיינונג איז הענרי דזשאָרדזש'ס פלאן צו נאציאָנאליזירען דאָס לאנד.

הענרי דזשאָרדזש שלאָגט פאָר, אז דאָס גאנצע לאנד זאָל ערקלעהרט ווערען אלס רעגיערונגס־אייגענטהום, עס זאָל איינ־געפיהרט ווערען איין איינציגע רענט־טאקסע אָנשטאָט די אַלע דירעקטע און אינדירעקטע טאקסעס. דאָס הייסט, יעדער איינער, וואָס געברויכט דאָס לאנד, זאָל צאָהלען די רעגיערונג דעם רענט־ווערטה פון דעם לאנד.

וואָס וואָלט געווען דער רעזולטאט? דאָס לאנד וואָלט גע־הערט צו דער רעגיערונג: צו דער ענגלישער רעגיערונג דאָס לאנד פון ענגלאנד, צו דער אמעריקאנער דאָס לאנד אין אמע־ריקא, און אזוי ווייטער. דאָס מיינט, אז דאָס וואָלט געווען א שקלאפעריי, בעשטימט פון דער מאָס לאנד און געברויך. אפשר וואָלט די לאגע פון מאנכע ארבייטער (פון לאנד־ארבייטער) גע־וואָרען דורך דעם א בעסערע; אָבער אזוי ווי עס וואָלט פערבלי־בען דאָס רעכט אריינצוקריגען מיט געוואלד די טאקסעס פון דעם רענט־ווערטה, וואָלט דורך דעם שוין אויך פערבליבען שקלא־פעריי. דער לאנד־ארבייטער אין א שלעכטען יאָהר, ניט זייענדיג פעהיג צו צאָהלען דעם רענט, וואָס ווערט גענאָהנט פון איהם דורך געוואלד, וואָלט געמוזט זיך פערשקלאפען צו דעם מענשען וואָס האָט געלד, כדי ער זאָל קענען בלייבען ביי זיין לאנד און ניט פערלירען אלעס.

ווען א קריגעל רינט, מוז זיכער זיין א לאָך אין איהם.

קוקענדיג אויף דעם קריגעל, קען עס אויסזעהן, אז דאָס וואסער רינט ארויס פון פיעלע לעכער; אָבער וויפיעל מיר זאָלען ניט פערשטאָפּען די פאנטאסטישע לעכער פון דרויסען, וועט דער קריגעל אלץ רינען.

אום אַבצוהאַלטען דאָס רינגען, מוז מען אויסגעפינען דאָס לאָך, דורך וועלכעם דאָס וואַסער קומט אַרויס, און פערשטאָפּען עס פון אינעווייניג.

דאָס זעלבע איז מיט די אַלע פּלענער, וועלכע ווערען פאָר־געשלאָגען אום אַבצושטעלען די אונגלייכע פערטהיילונג פון דעם רייכטהום — צו פערשטאָפּען יענע לעכער, דורך וועלכע דער רייכטהום פון דער נאַציאָן געהט אַרויס.

עס ווערט רעקאָמענדירט: אָרגאַניזירט קאָאָפּעראַציאָנען פון אַרבייטער; מאַכט קאַפּיטאַל פאַר אַלגעמיינעם אייגענטהום; מאַכט לאַנד אַלגעמיינעם אייגענטהום.

דאָס אַלעס איז בלויז די פערשטאָפּונג פון דרויסען פון יענע לעכער, דורך וועלכע עס דוכט זיך אונז אַז דאָס וואַסער רינט אַרויס.

אום אַבצוהאַלטען דאָס רינגען, איז עס נויטיג אויסצוגעפי־נען אינוועניג יענעם לאָך, דורך וועלכען דער רייכטהום פער־לאָזט די הענד פון די אַרבייטער און געהט אַריין אין די הענד פון די ניט־אַרבייטער.

דאָס לאָך איז דער צוואַנג פון די אונבעוואפענטע דורך די בעוואַפענטע.

די געוואַלד פון דער מיליטערישער מאַכט, דורך וועלכע מענשען ווערען אָוועקגעריסען פון זייער אַרבייט, דאָס לאַנד פון די מענשען און די פּראָדוקטען פון די אַרבייטער.

אַזוי לאַנג, ווי עס וועט זיין איין בעוואַפענטער מענש מיט אַן אַנערקענטען רעכט צו טויטען אירגענד וועלכען אַנדערען מענשען, אַזוי לאַנג וועט בלייבען די אונגלייכע פערטהיילונג פון רייכטהום — דאָס הייסט, שקלאַפעריי.

# וועגען טוידט-שטראָפען אין רוסלאַנד

## (איך קען ניט שווייגען.)

### I.

„זיעבען פעראורטהיילט צום טוידט: צוויי אין פעטערבורג, איינער אין מאָסקווע, צוויי אין פענזא, צוויי אין ריגא. פיער טוידט־שטראָפען: צוויי אין כערסאָן, איינער אין ווילנא, איינער אין אָדעס.“

און דאָס געהט אָן ניט וואָכען, ניט מאָנאטען לאַנג, ניט א יאָהר, נור יאָהרען לאַנג. און דאָס קומט פאָר אין רוסלאַנד, אין דעם זעלבען רוסלאַנד, וואו דאָס פאָלק האלט יעדען פער־ברעכער פאַר אַן אונגליקליכען, און וואו עס איז ניט געוועזען ביז דער סאַמע לעצטער צייט, לויט געזעץ, קיין טויט־שטראָף.

איך געדענק, ווי איך האָב שטאָלצירט דערמיט אַמאָל פאַר די אייראָפּעער. און אָט איז שוין דער צווייטער, דריטער יאהר, ווי עס געהען אָן, אָהן אַן אָבשטעל, בעשטראָפונגען, בעשטראָפונגען, בעשטראָפונגען.

איך נעהם די היינטיגע צייטונג.

היינט, דעם 9טען מאי, איז עטוואָס שוידערליכעס. אין דער צייטונג ווערט דאָס דערצעהלט גאַנץ קורץ: „היינט אין כערסאָן, אויף דעם סטרעלביצקען פעלד זיינען בעשטראָפט געוואָרען דורך אויפהענגען צוואַנציג בויערען פאַר א געוואַלט־בעפאַל אויף דעם מאַיאָנטעק פון א לאַנד־בעזיצער אין כערסאָנ־סקען אויעזד.“ *)

---

*) אין די צייטונגען איז נאכהער ערשיענען אַן אָבלייקענונג פון דיזע נייעס וועגען דעם טוידט־שטראָף פון צוואַנציג בויערען. איך קען נור פרעהען זיך, דאָס עס איז געוועזען א טעות: ווי דער־מיט, וואָס עס זיינען דערשטיקט געוואָרען מיט אַכט מענשען ווענִי־גער, ווי עס איז געוועזען צוערשט געמעלדעט, ווי אויך דערמיט, דאָס

צוועלף מענשען, און גערארדע יענע מענשען, פון וועמעס ארבייט מיר לעבען; דיזעלבע מענשען, וועלכע מיר האָבען פערדאָרבען און פערדארבען מיט אלע כחות, אַנפאנגענדיג מיט דעם סם פון בראנפען און ענדיגענדיג מיט יענעם שרעקליכען ליגען פון גלויבען, אין וועלכען מיר אליין גלויבען ניט, נור וועל־כען מיר ארבייטען מיט אלע קרעפטען אריינצופלאנצען אין זיי — צוועלף אזעלכע מענשען זיינען דערשטיקט געוואָרען מיט שטריק פון דיזעלבע מענשען, וועמען זיי ערנעהרען, שוכען, קליידען, בעבויען, און וועלכע האָבען זיי פערדאָרבען און פער־דארבען. צוועלף מענער, טאטעס, זיהן, יענע מענשען, אויף וועמעס גוטסקייט, ארבייטס־ליעבע און פּראַסטקייט עס האלט זיך נור דאָס רוסישע לעבען, האָט מען געכאפּט, אריינגעזעצט אין די אַסטראָגען, און געשמירט אין קייטען. נאכהער האָט מען זיי פערבונדען הינטער'ן רוקען די הענד, כדי זיי זאָלען זיך ניט קענען אָנכאפּען פאר'ן שטריק, אויף וועלכען מען געהט זיי הענגען, און מען האָט זיי געבראכט אונטער די תליות. עטליכע בויערען, אזעלכע ווי די יעניגע, וועלכע מען געהט הענגען, נור בעוואפענטע און אָנגעטהאָן אין גוטע שטיוועל און ריינע סאָלדאטסקע מונדירען, מיט ביקסען אין די הענד, בע־גלייטען די פעראורטהיילטע. זייט ביי זייט מיט די פער־אורטהיילטע, אין אַ זיידענעם מאנטעל מיט אַ צלם אין האנד, געהט אַ מענש מיט לאנגע האָר. דער אָנפיהרער פון דיזער גאנצער אנגעלעגענהייט רעדט עפּעס, דער סעקרעטאר לייענט אַ פּאפּיער, און ווען דער פּאפּיער איז איבערגעלייענט, רעדט דער מענש מיט די לאנגע האָר, ווענדענדיג זיך צו יענע מענשען, וועמען אנדערע מענשען קלייבען זיך צו דערשטיקען מיט שטריק

---

די שרעקליכע ציפער האָט מיך געצוואונגען אויף דיזע זייטלעך אויס־צודריקען יענעם געפיהל, וועלכער פּייניגט מיך שוין לאנג. און דער־פאר, איבערבייטענדיג בלויז דעם וואָרט צוואנציג אויף צוועלף, לאָז איך איבער אונגעענדערט אלעס דאָס, וואָס איז דאָ געזאָגט געוואָרען, ווייל דאָס געזאָגטע האָט ניט בלויז אַ שייכות מיט די צוועלף בע־שטראָפטע, נור מיט די אלע טויזענדע מענשען, וועלכע זיינען גע־טוידט און דערשטיקט געוואָרען אין דער לעצטער צייט.

— ער רעדט צו זיי עטוואס וועגען גאָט און קריסטוס. גלייך נאָך דיזע ווערטער, נעהמען זיך די הענקער — זיי זיינען עט־ליכע, איינער קען זיך ניט ספּראַווען מיט אזא פיעלפאַכיגע ארבייט — אויפלעזענדיג זייף און אַנזייפענדיג די פּעטליעס פון די שטריק, כדי זיי זאָלען זיך בעסער פערציהען — נעהמען זיי זיך צו די פערשמידטע, טהוען זיי אָן אין טוידט־קיטלען, פיה־רען זיי ארויף אויפ'ן בריקעל אונטער די תליות און לעגען ארויף אויף די העלזער די אַנגעזייפטע פּעטליעס פון די שטריק. און אָט איינער נאָך דעם צווייטען, ווערען לעבעדיגע מענשען אָב־געשטויסען פון די בענקלעך, וואָס ווערען ארויסגעשלעפּט פון אונטער זייערע פיס, און מיט זייער שווערקייט פערציהען זיי גלייך אויף זייער האלז די פּעטליע, און ווערען דערשטיקט. די מענשען, וואָס זיינען נאָך מיט א מינוט צוריק געווען לעבעדיגע, ווערען אומגעוואנדעלט אין טוידטע קערפּער, וואָס הענגען אויף שטריק. אַנפאַנגס שאָקלען זיי זיך אביסעל, דאַן ווערען זיי פערשטאַרבען אין אונבעוועגליכקייט.

דאָס אלעס ווערט געמאכט און צוגעטראכט מיט גרויסען פלייס פאַר זייערע ברידער־מענשען פון מענשען פון דעם העכערען קלאַס, מענשען געלערנטע, געבילדעטע. דאָס אלעס איז אזוי געמאכט, אז דאָס זאָל געשעהן שטיל, איידער די זון געהט אויף, אז קיינער זאָל זיי ניט זעהען; דאָס אלעס איז אזוי געמאכט, אז די פעראנטוואָרטליכקייט פאַר דיזע רציחות זאָל אזוי איינגעטהיילט ווערען צווישען די מענשען, וואָס פיה־רען זיי אויס, אז יעדער זאָל קענען דענקען און זאָגען: ניט ער איז שולדיג אין דעם. עס איז אזוי אויסגעטראכט, אז מען זאָל געפינען די סאַמע פערדאָרבענסטע און אונגליקליכסטע מענשען, און צווינגענדיג זיי צו טהון דאָס, וואָס מיר אליין האָבען אויס־געטראכט און צו וואָס מיר האָבען מסכים געווען, זאָלען מיר קענען מאכען אַן אַנשטעל, דאָס עס עקעלט אונז פון יענע מענשען, וועלכע טהוען דיזע זאַך. עס איז זאָגאַר אויסגעקלערט געוואָרען אזא איידעלער שטריך, דאָס עס פעראורטהיילען בלויז די קריעגס־געריכטען, און ביי דער אויספיהרונג פון דער שטראָף מוזען זיין ניט די קריעגס־מענשען, וועלכע האָבען פעראורטיילט,

נור בירגערליכע ריכטער. און די מענשען, וועלכע פיהרען אויס דיזע זאך, זיינען בעשווינדעלטע, פערדארבענע, פעראכטעטע, וועמען עס בלייבט נור איין זאך: ווי בעסער אנצוזייפען די שטריק, כדי עס זאלען זיך זיכער פערציהען די העלזער, און ווי בעסער זיך אנצוטרינקען מיט דעם גיפט, וועלכער ווערט זיי פערקויפט פון דיזע געלערנטע און געבילדעטע מענשען, כדי זיי זאלען אי גיכער אי פאלשטענדיגער פערגעסען אן זייער נשמה, אן זייער מענשליכען בערוף.

דער דאקטאר מאכט א שפאציער ארום די קערפער, בע־טאפט זיי, און מעלדעט דער נאטשאלסטווא, אז די זאך איז אויסגעפיהרט געווארען, ווי עס געהערט צו זיין: אלע צוועלף מענשען זיינען אהן א שום ספק טוידט. און די נאטשאלסטווא נעהמט זיך צוריק צו איהרע געוועהנליכע בעשעפטיגונגען מיט דעם בעוואוסטזיין פון א געוויסענהאפט־אויפגעטהאנענער, כאטש א שווערער, אבער א נויטיגער, פליכט. די פערקיהלטע קערפער נעהמט מען אראב און מען בעגראבט.

דאס איז דאך שרעקליך!

און דאס ווערט געטהאן ניט איין מאל, און ניט נור איבער צוועלף אונגליקליכע, אבגענארטע מענשען, נור דאס טהוט זיך אהן אן אויפהער, יאהרען לאנג, איבער הונדערטע און טויזענדע אבגענארטע מענשען, אבגענארט פון דיזעלבע מענשען, וועלכע פיהרען אויס איבער זיי דיזע שרעדערליכע רציחות.

און מען טהוט ניט נור דאס; אונטער דעמזעלבען אויס־רייד, און מיט דערזעלבער קאלטבלוטיגער גרויזאמקייט ווערען נאך געטהאן די פערשיעדענסטע פייניגונגען און פערגוואלטיגונ־גען אין די אסטראגען, פעסטונגען און קאטארגעס.

דאס איז שרעקליך. נור שרעקליכער פון אלץ איז דאס, וואס דאס ווערט ניט געטהאן אין א מינוט פון ליידענשאפט, ווען דאס געפיהל פערשטיקט דעם פערשטאנד, ווי דאס פאסירט אין א געשלעג, אויף א מלחמה, זאגאר ביי א רויבעריי, נור פערקעהרט, לויט דער פארדערונג פון דעם פערשטאנד, פון אן אויסרעכנונג, וואס פערשטיקט דעם געפיהל. דערמיט זיינען

דאָס אזוי בעזאָנדערס שוידערליך דיזע טהאטען. שרעקליך דערמיט, וואָס קיין זאך, ווי דיזע טהאטען, אויסגעפיהרט פון ריכטער ביז'ן הענקער, וועלכע ווילען זיי ניט טהון, קיין זאך ווייזט ניט אַרויס אזוי קלאָר, אזוי בולט די גאַנצע פערדערבליכ־קייט פון דעם דעספּאָטיזם פאר די מענשליכע זעעלען, די גאַנצע פערדערבליכקייט פון דער הערשאפט פון איינע מענשען איבער די אנדערע.

עס איז שרעקליך, ווען איין מענש קען צונעהמען פון צווייטען זיין אַרבייט, געלד, בהמה, פערד, קען זאָגאר צונעהמען זיין זוהן, זיין טאָכטער — דאָס איז שרעקליך, אָבער פיעל, פיעל שרעקליכער איז דאָס, וואָס איין מענש קען צונעהמען ביים צווייטען זיין נשמה, קען איהם צווינגען צו טהון דאָס, וואָס פערניכטעט זיין גייסטיגען „איך“, וואָס רויבט פון איהם זיין גייסטיגען גליק. און דאָסזעלבע טהוען יענע מענשען, וועלכע סטראָיען דאָס אַלעס איין, און רוהיג, צוליעב דעם מענשלי־כען גליק, צווינגען זיי מענשען, פון ריכטער ביז צום הענקער, מיט אונטערקויפונגען, מיט סטראשונקעס, מיט שווינ־דעל אויסצופיהרען יענע טהאטען, וועלכע רויבען פון זיי זיכער זייער אמת'ען גליק.

און אין דערזעלבער צייט, ווען דאָס אַלעס קומט פאָר איבער דעם גאַנצען רוסלאנד, איז די הויפּט־שולדיגע אין יענע טהאטען, יענע, אויף וועמעס בעפעהל דאָס אַלעס טהוט זיך, יענע, וועלכע וואָלטען געקענט אָבשטעלען דיזע טהאטען — די הויפּט־שולדיגע אין דיזע טהאטען מיט דער פולער זיכערהייט, אַז דיזע טהאטען זיינען ניצליכע און נויטיגע — איז אָדער זיי טראכטען און האַלטען רעדען וועגען דעם, ווי מען דארף שטערען די פינלענדער צו לעבען אזוי, ווי דאָס ווילען די פינלענדער, נור ניט אַנדערש צווינגען זיי צו לעבען אזוי, ווי דאָס ווילען עטליכע רוסישע מענשען, אָדער זיי גיבען אַרויס בעפעהלע, ווי עס זאָלען געמאַכט ווערען די אַרבעל און די קעלנער אויף די מונדירען פון די סאָלדאַטען אין די גוסארסקע פּאָלקען.

יא, דאָס איז שרעקליך.

II.

שרעקליכער אָבער פון אַלץ איז אין דעם דאָס, וואָס דיזע אַלע אונמענשליכע פערגעוואַלטיגונגען און מאָרדען, אַ חוץ די דירעקטע שלעכטסקייט, וואָס זיי טהוען אָן די קרבנות פון די פערגוואַלטיגונגען און זייערע פאַמיליען, טהוען זיי אָן נאָך אַ גרעסערען איבעל דעם גאַנצען פאָלק, פאַנאַנדערטראָגענדיג די ראש־זיך־פערשפּרייטענדע, ווי אַ פייער איבער טרוקענעם שטרוי, פערדאָרבונג פון אַלע שיכטען פון דעם גאַנצען רוסישען פאָלק. עס פערשפּרייט זיך אָבער דיזע פערדאָרבונג בעזאָנדערס ראש צווישען דעם פּראָסטען ארבייטענדען פאָלק דערפאַר, ווייל אַלע דיזע פערברעכען, וועלכע שטייגען איבער אין הונדערטע מאָל אַלעם דאָס, וואָס איז געטהאָן געוואָרען און ווערט געטהאָן פון איינפאַכע גנבים, מערדער און פון אַלע רעוואָלוציאָנען צו־זאמען, ווערען אויסגעפיהרט אונטער דעם אויסרייד פון עטוואָס נויטיגעס, גוטעס, וואָס ווערט ניט נור גערעכטפערטיגט, נור וואָס ווערט אויפגעהאַלטען פון די פערשיעדענע אינסטיטוציאָנען, וועלכע ווערען בעטראַכט פון פאָלק אלס די פערקערפּערונג פון אַלץ, וואָס איז גערעכט און הייליג — פון סענאַט, סינאָד, דומא, קירכע און צאַר.

און עס פערשפּרייט זיך דיזע פערדאָרבענהייט מיט אַ בעזאָנדערער ראשיגקייט.

עס איז נאָך גאָר ניט לאַנג, ווי מען האָט ניט געקענט געפי־נען אין דעם גאַנצען רוסישען פאָלק קיין צוויי הענקער; נאָך גאָר ניט לאַנג, אין די 80־ער יאהרען, איז געווען בלויז איין הענקער אין גאַנץ רוסלאַנד. איך געדענק, ווי דאַן האָט סאָלאָוויאָוו וולאַדימיר מיר דערצעהלט מיט שמחה, ווי מען האָט ניט געקענט געפינען איבער גאַנץ רוסלאַנד אַ צווייטען הענקער, און איינעם האָט מען געמוזט פיהרען פון פּלאַץ צו פּלאַץ.

איצט איז ניט דאָס..

אין מאָסקוואַ האָט אַ קרעמער, ביי וועמען די געשעפטען זיינען געגאַנגען שלעכט, פאָרגעשלאָגען זיינע דיענסטע פאר די אויספיהרונג פון מאָרדען, וועלכע די רוסישע רעגיערונג בע־שטעלט, און קריגענדיג צו הונדערט רובעל פון אַ געהאַנגענעם,

האָט ער אין אַ קורצע צייט אַזוי פערבעסערט זיינע געשעפטען, דאָס ער האָט זיך אויפגעהערט צו נויטיגען אין אַ זייטיגער פּראָפעסיע, און איצט פיהרט ער אָן זיין מסחר ווי אין די פריהעריגע צייטען.

אין אָריאָל אין די פערגאַנגענע מאָנאַטען, ווי איבעראַל, האָט מען געדאַרפט האָבען אַ הענקער, און גלייך האָט זיך געפונען אַ מאַן, וועלכער איז מרוצה געוואָרען צו טהון עס, אויסדינגענדיג זיך מיט דעם, וואָס האָט צו זאָגען איבער די רעגיערונגס־מאָרדען, צו 50 רובעל פון אַ געהאַנגענעם. אבער, דערוויסענדיג זיך נאָך דעם, ווי ער איז שוין מושוה געוואָרען איבער'ן פּרייז, דאָס אין אַנדערע ערטער צאָהלט מען טהייערער, האָט דער פּריוויליגער הענקער, אין דער צייט פון דער אויספיהרונג פון דער טוידט־שטראָף, אַנטהוענדיג אויף דעם פערורטהיילטען דעם זאַק, אנשטאַט איהם אוועקצופיהרען אויפ'ן בריקעל, האָט ער זיך אָבגעשטעלט, און צוגעהענדיג צום נאַטשאַלניק, האָט ער געזאָגט: „אייער עקסעלענץ, לעגט צו נאָך אַ 25־ער, אויב ניט, טהו איך עס ניט.“ מען האָט איהם דערלעגט, און ער האָט זיין זאַך ערפילט.

באַלד האָט מען געדאַרפט אויפהענגען גאַנצע פינף. ערב דער בעשטראָפונג איז צו דעם ממונה איבער די רעגיערונגס־מאָרדען געקומען אַן אונבעקאַנטער מענש, וואָס האָט פערלאַנגט זיך דורכרעדען מיט איהם וועגען אַ געהיימע אַנגעלעגענהייט. דער נאַטשאַלניק איז אַרויסגעקומען, און דער אונבעקאַנטער האָט געזאָגט:

„ניט לאַנג צוריק האָט איינער פון אייך גענומען דריי 25ער פאַר איינעם. היינט, הערט מען, דאַרף מען אויפהענגען פינף. בעפעהלט אַלע פינף איבערלאָזען צו מיר, איך וועל נעהמען צו פופצעהן רובעל פאַר יעדען אוי זייט רוהיג, איך וועל עס טהון, ווי מען דאַרף.“

איך ווייס ניט, צי עס איז אָנגענומען געוואָרען אָדער ניט דיזער פאָרשלאַג, אבער איך ווייס, אַזאַ אַזאַ פאָרשלאַג איז געמאַכט געוואָרען.

אַזוי ווירקען דיזע רעגיערונגס־פערברעכענס אויף די

ערגערע, אויף די וועניגער מאָראַלישע מענשען. אבער דיזע שרעקליכע טהאַטען קענען ניט בלייבען אָהן א ווירקונג אויף אויף די מייסטע דורכשניטליכע מענשען, אין דער היגזיכט פון מאָראַל. ניט אויפהערענדיג צו הערען און צו לעזען וועגען יענע שרעקליכע, אונמענשליכע רציחות, אויסגעפיהרט פון דער רעגי־רונג, דאָס הייסט, פון מענשען, וועמען דאָס פאָלק איז געוועהנט צו בעטראַכטען, אַלס די בעסערע מענשען — איז די מאיאָרי־טעט דורכשניטליכע מענשען, בעזאָנדערס יונגע, וועלכע זיינען פערנומען מיט זייערע פערזענליכע געשעפטען, אָנשטאַט זיי זאָלען פערשטעהען, אז די יעניגע מענשען, וועלכע טהוען אויף אזעלכע עקעלהאַפטע זאכען, פערדיענען ניט צו ווערען געאַכטעט, דענקען זיי פונקט קאַפויר. זיי טראַכטען: ווען די אַלגעמיין־געאַכטעטע מענשען טהוען אזעלכע זאכען, וועלכע שיינען אונז צו זיין העסליך, טו איז עס מסתמא דערפאַר, ווייל דיזע זאכען זיינען גאָר ניט אזוי העסליך, ווי עס דאַכט זיך אונז.

וועגען בעשטראָפען, אויפהענגען, מאָרדען, באָמבעם שרייבט מען און מען רעדט איצט פונקט ווי מען האָט פריהער גערעדט וועגען דעם וועטער. קינדער שפיעלען זיך אין אויפ־העגגען. כמעט נאָך קינדער, גימנאַזיסטען, געהען אויף עקס־פּראָפּריאַציעס פערטיג צו טוידט, פונקט ווי זיי זיינען פריהער געגאַנגען אויף געיעג. אויסצו'הרג'ענען די גרויסע לאַנד־בעזיצער, אום צו פערכאַפּען זייער לאַנד, שטעלט זיך איצט פאַר פיעלע מענשען, אַלס די ריכטיגע לייזונג פון דער לאַנד־פראַגע.

אין אַלגעמיין, א דאַנק דער טהעטיגקייט פון דער רעגיע־רונג, וועלכע דערלאָזט די מעגליכקייט פון מאָרד, אום צו דערגריי־כען איהרע צוועקען, ווערט יעדער פערברעכען: ראַבירען, גנב'ע־נען, זאָגען ליגען, פּייניגען, טוידטען — בעטראַכט פון די אונ־גליקליכע מענשען, וועלכע זיינען אונטערוואָרפען דעם פערדאַר־בענדען איינפלוס פון דער רעגיערונג, אַלס גאַנץ נאַטירליך פאַר'ן מענשען.

יא, ווי שרעקליך עס זיינען ניט די סאַמע טהאַטען, איז דער מאָראַלישער, גייסטיגער, אונזיכטבארער איבעל, וועלכער קומט אַרויס פון זיי גאָר ניט ערך שרעקליכער.

III.

**איהר זאָגט, דאָס איהר טהוט דיזע אלע שרעקליכע זאכען, אום צו ברענגען רוה, אָרדנונג?**

**איהר ברענגט רוה און אָרדנונג!**

מיט וואָס־זשע ברענגט איהר עס זי, **דיזע אָרדנונג?** דער־מיט, וואָס איהר, — די פאָרשטעהער פון דער קריסטליכער מאכט, די לעהרער, צו וועלכע עס זיינען מסכים די דיענער פון דער קירכע, — צושטערט אין די מענשען די לעצטע רעשטלעך פון גלויבען און מאָראל, בעגעהענדיג די גרעסטע פערברעכענס: ליגען, שפּיאָנעריי, יעדען סאָרט פּייניגונג און — דעם לעצטען, דעם שרעקליכסטען פערברעכען, וועלכער איז צו־ווידער יעדער ניט גענצליך־פערדאָרבענער מענשליכער הארץ: ניט מאָרד, ניט איין מאָרד, נור מאָרדען, אונענדליכע מאָרדען, וועלכע איהר מיינט צו רעכטפערטיגען מיט פערשיעדענע נארישע אָנווייזונ־גען אויף וועלכע עס איז בעשליסע, וועלכע איהר אליין האָט אָנגעשריעבען אין אייערע ליגנערישע ביכער, וואָס איהר רופט אָן מיט דעם פאלשען נאָמען געזעצע?

איהר זאָגט, אז דאָס איז דער איינציגער מיטעל צו בערו־היגען דאָס פאָלק און צו אונטערדריקען די רעוואָלוציאָן? אבער דאָס איז דאָך א פשוט'ער ליגען! עס איז אויגענשיינליך, דאָס, ניט בעפריעדיגענדיג די סאמע ערשטע גערעכטיגקייט פון דעם גאנצען רוסישען ארבייטער־פאָלק: די אָבשאפונג פון לאנד־אייגענטהום, נור פערקעהרט, מאכענדיג עס נאָך שטארקער און אויף אלע אופנים צורייצענדיג דאָס פאָלק און יענע לייכטזיניג־דערצאָרענטע מענשען, וועלכע האָבען אָנגעפאנגען א געוואלט־קאמפף מיט אייך, קענט איהר ניט בערוהיגען מענשען, פּייניגענ־דיג זיי, רייסענדיג, פערשיקענדיג, פערוואָגלענדיג, הענגענדיג פרויען און קינדער! ווי איהר זאָלט ניט וועלען פערטויבען אין זיך דעם פערשטאנד און ליעבע, וואָס זיינען אייגענטהימליך דעם מענשען, זיינען זיי דאָך דאָ אין אייך, און איהר דארפט נור בעדענקען זיך און א קלער טהון, אום צו דערזעהען, דאָס האנדלענדיג אזוי, ווי איהר האנדעלט, ד. ה., נעהמענדיג אָן אנטהייל אין דיזע שרעקליכע פערברעכענס, איז ניט נור, וואָס

איהר היילט ניט אוים די קראנקהייט, נור איהר פערשטארקט איהר נאך, אריינטרייבענדיג איהר אינווענינ.

דאס איז דאך צו קלאר.

די אורזאכע פון דעם, וואס קומט איצט פאר, איז ניט אין די מאטעריעלע פאסירונגען, נור די גאנצע זאך איז אין דעם גייסטיגען פיהלען פון פאלק, וועלכער האט זיך געגצליך געענדערט, און וועלכער קען ניט צוריקגעבראכט ווערען צום פריהעריגען צושטאנד מיט קיינע אנשטרענגונגען — פונקט ווי מען קען ניט אן ערוואקסענעם מענשען וויעדער מאכען פאר א קינד. די געזעלשאפטליכע אויפרעגונג אדער רוהיגקייט קען אויף קיין פאל ניט זיין אבהענגיג פון דעם, צי עס וועט לעבען אדער ווערען אויפגעהאנגען פעטראוו, אדער צי איוואנאוו וועט לעבען ניט אין טאמבאוו, נור אין נערטשינסק, אויף קאטארגע. די געזעלשאפטליכע צורייצטקייט אדער רוהיגקייט קען אבהענגען נור פון דעם, ווי ניט נור פעטראוו אדער איוואנאוו, נור ווי די גאנצע גרויסע מאיאריטעט פון די מענשען וועט בעטראכטען איהר לאגע, ווי דיזע מאיאריטעט וועט זיך פערהאלטען צו דער מאכט, צו דעם אייגענטהום אין לאנד, צו דעם געפרעדיגטען גלויבען — פון דעם וועט עס זיין אבהענגיג, וואס די מעהרהייט פון פאלק וועט בעטראכטען אלס גוט אדער שלעכט. די מאכט פון די פאסירונגען איז בשום אופן ניט אין די מאטעריעלע פערהעלטניסע פון לעבען, נור אין דעם גייסטיגען פיהלען פון פאלק. ווען איהר זאלט ערמארדען אדער פערמוטשען זאגאר א צעהנט־חלק פון דעם רוסישען פאלק, וועט דער גייסטיגער צושטאנד פון די איבריגע ניט ווערען דערפון אזעלכער, ווי איהר פערלאנגט עס.

אלזא, — אלעס וואס איהר טהוט איצט מיט אייערע הויזזוכונגען, שפיאנערייען, פערשיקונג, אסטראגען, קאטארגעס, תליות — דאס אלעס ברענגט ניט נור דאס פאלק אין יענעם צושטאנד, צו וועלכען איהר ווילט איהם ברענגען, נור פערקעהרט, דאס פערשטארקט נאך די אויפרעגונג און פערניכטעט יעדע מעגליכקייט פון בערוהיגונג.

„אבער וואס זאל מען טהון?“ פרעגט איהר. „וואס טהון?

ווי מאכט מען א סוף צו יענע רציחות, וועלכע ווערען איצט געטהאָן?"

דער ענטפער איז א גאנץ איינפאכער:

**אויפצוהערען צו טהון דאָס, וואָס איהר טהוט.**

ווען אפילו קיינער וואָלט ניט געוואוסט, וואָס מען מוז טהון, אום צו בערוהיגען דאָס פאָלק — דאָס גאנצע פאָלק (פיעלע ווייסען שוין זעהר גוט, וואָס עס איז אם נויטיגסטען פאר די בערוהיגונג פון דעם גאנצען רוסישען פאָלק: עס איז נויטיג די בעפרייאונג פון דער ערד פון אייגענטהום, ווי עס איז נויטיג געוועזען מיט פופציג יאהר צוריק די בעפרייאונג פון פאנשטיזנע), ווען אפילו קיינער וואָלט ניט געוואוסט, וואָס מען מוז איצט טהון אום צו בערוהיגען דאָס רוסישע פאָלק, איז פון דעסטוועגען קלאָר, דאָס פאר די בערוהיגונג פון דעם רוסישען פאָלק דארף מען אודאי ניט טהון דאָס, וואָס מאכט איהם נאָך מעהר אויפ־געררייצט. און איהר טהוט דוקא דאָס.

דאָס, וואָס איהר טהוט, טהוט איהר ניט פאר'ן פאָלק, נור פאר זיך, אום איהר זאָלט בלייבען ביי דעם, וואָס אין אייער פערוואלטונג האלט איהר פאר גוט פאר אייך, וואָס איז אָבער אין דער אמת'ען די העכסט־קלעגליכע און עקעלהאפטע לאגע, וואָס איהר פערנעהמט. טו זאָגט ניט, אז דאָס, וואָס איהר טהוט, טהוט איהר פאר'ן פאָלק: דאָס איז ניט אמת. די אַלע געמיינהייטען, וואָס איהר טהוט, טהוט איהר פאר זיך, פאר אייערע זעלבסטזיכטיגע, בעריהמערישע, גאוה'דיגע פערזענליכע צוועקען, צוליעב דעם, אום איהר זאָלט אליין נאָך לענגער אבי־סעלע קענען לעבען אין יענער הולטאיסטווא, אין וועלכער איהר לעבט, און וועלכע דוכט זיך אייך צו זיין א גליק.

אָבער וויפיעל איהר רעדט ניט וועגען דעם, אז אַלעס, וואָס איהר טהוט, טהוט איהר פאר דעם גליק פון פאָלק, איז די מענ־שען פערשטעהען אייך און אלץ מעהר און מעהר פעראכטען זיי אייך, און אויף אַלע אייערע מיטלען פון אונטערדריקונג קוקען זיי ניט ווי איהר וואָלט געוואָלט: ווי אויף די טהאטען פון וועלכער־עס־איז קאָלעקטיווער פערזענליכקייט, וואָס הייסט

רעגיערונג, נור ווי אויף פערזענליכע שלעכטע טהאטען פון בע־זונדערע שלעכטע עגאאיסטען.

IV.

איהר זאגט: ניט מיר האבען עס אנגעהויבען, נור די רע־וואלוציאנערען; און די שרעקליכע פערברעכענס פון די רעוואלו־ציאנערען קענען נור אונטערדריקט ווערען דורך די שטרענגע (אזוי רופט איהר אייערע פערברעכענס) מיטלען פון די רעגיערונגען.

איהר זאגט, אז די בייזע מעשים פון די רעוואלוציאנערען זיינען שרעקליך. איך בעשטרייט עס ניט און וויל נאך צולעגען, אז זייערע טהאטען, א חוץ דעם, וואס זיי זיינען שרעקליך, זיינען זיי נאך פונקט אזוי נאריש, און טרעפען פונקט אזוי שלעכט אין ציעל, ווי אייערע מעשים. אבער, ווי שרעקליך און נאריש עס זיינען זייערע האנדלונגען: די אלע באמבעס און אונטערגרא־בונגען, און דיעזע אלע העסליכע מארדען און געלד־רויבערייען, דאך דיעזע אלע טהאטען זייערע דערגרייכען ניט דעם גראד פון פערברעכערישקייט און נארישקייט פון די טהאטען, וועלכע איהר פיהרט אויס.

זיי טהוען גאנץ דאס זעלבע, וואס איהר, און צוליעב דיזעלבע טרייבענדע אורזאכען. זיי, פונקט ווי איהר, געפינען זיך אונטער דעמזעלבען (איך וואלט געזאגט קאמישען, ווען זיינע פאלגען וואלטען ניט געווען אזעלכע שרעקליכע) טעות, דאס איינצעלנע מענשען, אויסטראכטענדיג ביי זיך א פלאן וועגען דעם, ווי לויט זייער מיינונג עס איז ווינשענסווערטה און עס דארף זיין נעבויט די געזעלשאפט, האבען דאס רעכט און די מעגליכקייט איינצוארדנען נאך דיעזען פלאן דאס לעבען פון אנדערע מענשען. עס זיינען איינע און דיזעלבע מאטיווען, און עס זיינען איינע און דיזעלבע מיטלען אום צו דערגרייכען דעם זיך פארגעשטעל־טען צוועק. די מיטלען זיינען אלערליי פערגעוואלדיגונגען, וועלכע דערגעהען ביז צו מארד. גלייך איז אויך די רעכטפערטיגונג פאר די אויסגעפיהרטע פערברעכענס. די רעכטפערטיגונג בעשטעהט אין דעם, דאס א שלעכטע טהאט, אויסגעפיהרט פאר דעם

וואוילזיין פון פיעלע, הערט אויף צו זיין אן אונמאָראַלישע, און דאָס דערפאַר מעג מען, גאָר ניט פערברעכענדיג געגען די מאָראַל, זאָגנען ליגען, ראַבירען, טוידטען, ווען דאָס פיהרט צו דער פער־ווירקליכונג פון יענעם געפלאַנעוועטען צושטאַנד פון גליק פאַר פיעלע, וועלכען מיר שטעלען זיך פאָר, מיר ווייסען, און וואָס מען קען פאָראויסזעהן, און וועלכען מיר ווילען איינפיהרען.

איהר, רעגיערונגס־מענשען, האַלט די האַנדלונגען פון די רעוואָלוציאָנערען פאַר בייזע מעשים און געוואַלדיגע פערברע־כענס, אָבער זיי האָבען גאָר ניט געטהאָן און טהוען ניט אזעל־כעס, וואָס איהר וואָלט ניט געטהאָן, און האָט ניט געטהאָן אין א ניט דער ערך גרעסערער מאָס. זיי טהוען נאָר דאָס אייגענע, וואָס איהר. איהר האַלט שפּיאָנען, נאַרט, פערברייט ליגענס דורך די פּרעסע, און זיי טהוען דאָס זעלבע; איהר נעהמט אוועק פון מענשען דעם אייגענטהום דורך אַלערליי געוואַלד־מיטלען, און טהוט דערמיט, וואָס אייך געפעלט, און זיי טהוען דאָס זעלבע; איהר בעשטראָפט די יעניגע, וועמען איהר בעטראַכט אלס געפעהרליך — זיי טהוען דאָס זעלבע.

אַלזאָ, ווען זיי געברויכען יענע אונמאָראַלישע מיטלען, וועלכע איהר געברויכט פאַר אייערע צוועקען, איז עס ניט איהר וועמען עס פּאַסט צו מאַכען פאָרווירפע די רעוואָלוציאָנערען. דאָס, וואָס איהר קענט אָנפיהרען צו אייער פערטהיידיגונג, קענען זיי דאָס אָנפיהרען פאַר זיך, שוין ניט שמועסענדיג וועגען דעם, דאָס איהר טהוט פיעל שלעכטעס, וואָס זיי טהוען ניט: דאָס פערשווענדען פון די פאָלקס־רייכטהימער, די פערפערטיגונג צו מלחמות און דאָס פיהרען פון מלחמות, די בעזיעגונג און אונ־טערדריקונג פון פרעמדע פעלקער און פיעלעס אַנדערע.

איהר זאָגט, דאָס איהר האָט טראַדיציעס פון אַלטע צייטען, וועלכע איהר היט אָב, און וועלכע זיינען די מוסטערן פון דער טהעטיגקייט פון די גרויסע מענשען פון דער פערגאַנגענהייט. ביי זיי זיינען אויך דאָ טראַדיציאָנען, וועלכע שטאַמען שוין פון אַלטע צייטען, נאָך פריהער ווי פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן, און פון גרויסע מענשען, וועלכע זיינען פאַר זיי מוסטערן נאָכצוטהאָן, פון מאַרטירער, וועלכע האָבען זיך אויפ־

געפּפּערט פאַר וואהרהייט און פרייהייט, ניט וועניגער, ווי ביי אייך.

דערפאַר, אויב עס איז דאָ אַן אונטערשיעד צווישען אייך און זיי, איז עס נור אין דעם, וואָס איהר ווילט, אַז אַלעס זאָל בלייבען, ווי עס איז געווען, און ווי עס איז, און זיי ווילען אַן ענדערונג. און טראַכטענדיג, דאָס אַלעס קען ניט פערבלייבען, ווי עס איז פריהער געווען, וואָלטען זיי געווען גערעכטער פון אייך, ווען ביי זיי וואָלט ניט געווען דאָס, וואָס זיי האָבען איבער־גענומען פון אייך, דעם זאַנדערבארען און שעדליכען טעות וועגען דעם, דאָס מאַנכע מענשען קענען וויסען יענע פאָרמע פון לעבען, וועלכע געהערט דער צוקונפט פאַר אַלע מענשען, און דאָס דיעזע פאָרמע קען אויפגעריכט ווערען דורך געוואַלד. אין אַלעם איבע־ריגען אָבער טהוען זיי דאָס זעלבע, וואָס איהר טהוט און מיט דיזעלבע מיטלען. זיי זיינען אין גאַנצען אייערע תלמידים; זיי האָבען, ווי דאָס רעדט זיך, צונויפגעזאַמעלט אַלע טראָפּפענס; זיי זיינען ניט נאָר אייערע תלמידים, נור זיי זיינען אייער ווערק, אייערע קינדער. וואָלט איהר ניט געווען, וואָלטען זיי ניט געווען; און ווען איהר ווילט זיי דערשטיקען מיט געוואַלד, טהוט איהר דאָס, וואָס עס טהוט אַ מענש, ווען ער לעגט זיך אָן מיט זיין גאַנצען כח אויף אַ טהיר, וואָס עפענט זיך צו איהם צו.

אויב עס איז דאָ אַן אונטערשיעד צווישען אייך און זיי, איז עס געווים ניט צו אייער גונסטען, נור צו זייערען. די מילדע־רענדע אומשטענדען פאַר זיי בעשטעהען ערשטענס אין דעם וואָס זייערע שלעכטע מעשים בעגעהען זיי אונטער בעדינגונגען פון אַ גרעסערער פערזענליכער געפאהר, ווי די, אונטער וועלכע איהר זיינט; און די ריזיקע, די געפאהר רעכטפערטיגט פיעלעס אין די אויגען פון אַ צוהיצטער יוגענד. צווייטענס, אין דעם, וואָס זיי זיינען מייסטענס יונגע מענשען, וועמען עס איז אייגענ־טהימליך צו בעגעהן פעהלערען; איהר אָבער זיינט מייסטענס מענשען פאַרטיגע, אַלטע, וועמען עס פּאַסט אַ פערנינפטיגע רוהיגקייט און אַ מילדקייט צו די, וועלכע בלאָנדזשען. דריטענס, זיינען פאַר זיי די מילדערענדע אומשטענדען אין דעם, וואָס, ווי העסליך עס זאָלען זיין זייערע מאָרדען, זיינען זיי פון דעסטוועגען

ניט אזוי קאלט - סיסטעמאטיש גרויזאם, ווי אייערע שליסעל־
בורגס, קאטארגעס, תליות און צושיסונגען. דער פיערטער מיל־
דערענדער אומשטאנד פאר די רעוואָלוציאָנערען איז אין דעם,
דאָס זיי אלע פערווארפען גאנץ בעשטימט יעדע רעליגיעזע
לעהרע, זיי גלויבען, אז דער צוועק רעכטפערטיגט די מיטלען, און
דארום האנדלען זיי גאנץ קאָנזעקווענט, טוידטענדיג איינעם אָדער
עטליכע פאר דעם פאנטאסטישען גליק פון די פיעלע. איהר
אָבער, רעגיערונגס־מענשען, אָנהויבענדיג פון אייערע הענקער,
ביז זייערע העכסטע בעפעהלער, איהר אלע זיינט דאָך פאר רעלי־
גיאָן, פאר קריסטענטהום, וועלכער קען פאר קיין פאל ניט גע־
בראכט ווערען אין איינקלאנג מיט די טהאטען, וואָס איהר
בעגעהט.

און איהר, מענשען אלטע, פיהרער פון אנדערע מענשען,
וואָס גלויבען אין קריסטענטהום, איהר רעדט, ווי קינדער, וועלכע
צושלאָגען זיך, ווען מען זידעלט זיי דערפאר, וואָס זיי שלאָגען
זיך: „ניט מיר האָבען אָנגפאנגען, נור זיי“, און עטוואָס בעסע־
רעס ווי דאָס קענט איהר ניט און טאָרט איהר ניט זאָגען, איהר
מענשען, וועלכע האָבען גענומען אויף זיך די ראָליע פון פאָלקס־
רעגיערער. און וועלכע מענשען זיינט איהר? מענשען, וועלכע
אנערקענען אלס גאָט דעם, וועלכער האָט אויף א גאנץ בעשטימ־
טען אופן פערבאָטען ניט נור אירגענד א מאָרד, נור זאָגאר
יעדען צאָרן אויף א ברודער; וועלכער האָט פערבאָטען ניט נאָר
געריכט און בעשטראָפונג, נור אויך דאָס פעראורטהיילען פון
א ברודער; וועלכער האָט אין גאנץ בעשטימטע ווערטער פער־
וואָרפען יעדע בעשטראָפונג, האָט אנערקענט די אונפערמייד־
ליכקייט פון שטענדיגער פערצייהונג, וויפיעל מאָל דער פער־
ברעכען זאָל זיך ניט ווידערהאָלען; וועלכער האָט געהייסען
אונטערשטעלען די צווייטע באק צו דעם וועלכער האָט אייך
געשלאָגען אין די ערשטע, און ניט בעצאָהלען מיט שלעכטס
פאר שלעכטס; וועלכער האָט אזוי איינפאך, אזוי קלאָהר געווי־
זען מיט דער ערצעהלונג וועגען דער פרוי, וועלכע איז פער־
אורטהיילט געוואָרען צום טוידט דורך פערשטיינונג, אז עס איז
ניט מעגליך, אז מאנכע מענשען זאָלען פעראורטהיילען און בע־

שטראָפען אנדערע — אזעלכע מענשען, וועלכע אנערקענען דיעזען לעהרער אלס זייער גאָט, קענען ניט געפינען קיין אנדערע פערטהיידיגונג פאר זייערע בייזע מעשים, ווי נור דיעזע: „זיי האָבען אנגעהויבען, זיי טוידטען, נו, טאָ לאָמיר זיי טוידטען“.

V.

מיינער א בעקאַנטער מאלער האָט געפּלאַנעוועט אויסצו־מאָלען א בילד „דער טוידט־שטראָף“, און איהם איז נויטיג געווען פאר דאָס ריכטיגע אויפמאָלען פון בילד א פּנים פון א תליון. ער האָט זיך דערוואוסט, דאָס אין יענער צייט האָט אין מאָסקווא די ארבייט פון הענקער אויסגעפיהרט א הויז־וועכטער. דער קינסטלער איז אוועק צו איהם, דאָס איז געווען א יום־טוב־טאָג. די פאמיליע, אַן אויסגעפּוצטע, איז געזעסען ארום טיש. דער בעל־הבית אליין איז ניט געווען; ווי עס האָט זיך שפּעטער ארויסגעוויזען, האָט ער זיך בעהאַלטען, דערזעהענדיג אַן אונ־בעקאַנטען. די פרוי זיינע האָט זיך אויך דערשראָקען, און האָט געזאָגט, אז דער מאַן איז אין דער היים ניטאָ, נור א קליינע מיידעלע האָט איהם פערראַטהען. זי האָט געזאָגט: „טאַטע אויפ׳ן ביידעם“. זי האָט נאָך ניט געוואוסט, אז איהר טאַטע וויים, דאָס ער טהוט א שלעכטע זאַך, און דאָס דערפאר דאַרף ער ציטערען פאר אַלעמען. דער קינסטלער האָט ערקלעהרט דעם תליונ׳ס פרוי, אז ער דאַרף איהר מאַן, אום צו מאָלען פון איהם א פּאָרטרעט, ווייל זיין געזיכט פּאַסט זיך צום בילד, וואָס ער פּלאַנעוועט. (דער קינסטלער האָט, נאַטירליך, ניט געזאָגט, צו וועלכען בילד איהם איז נויטיג דער פּנים פון דעם הויז־וועכטער).

פונאַנדעררייידענדיג זיך מיט דער פרוי, האָט דער קינסט־לער פאָרגעשלאָגען, אום איהר צו ברענגען אויף זיין זייט, צו נעהמען אין די לעהרע איהר אינגעל. דיעזער פאָרשלאָג האָט געווירקט. זי איז ארויס, און באַלד איז אריין דער וועכטער, א פינסטערער, אַן אונרוהיגער, א דערשראָקענער, און האָט לאַנג אויסגעפרעגט ביין קינסטלער, צו וואָס און פאר וואָס דאַרף ער דוקא איהם האָבען. ווען דער קינסטלער האָט איהם געזאָגט, דאָס ער האָט איהם בעגעגענט אין גאַס, און זיין געזיכט האָט

זיך איהם אויסגעוויזען פאסענד פאר דאס געפלאנעוועטע בילד, האט דער הויז־וועכטער געפרעגט, וואו ער האט איהם געזעהן? ארום וועלכע צייט? און ווי איז ער געווען אנגעטהאן? און פערדעכטיגענדיג עטוואס בייזעס, האט ער זיך אבגעזאגט גאר אין גאנצען.

יא, דיעזער דירעקטער הענקער ווייס, דאס ער איז א הענקער, און אז דאס, וואס ער טהוט, איז שלעכט, און דאס מען האט איהם פיינט דערפאר און ער האט מורא פאר מענשען, און איך גלויב, דאס דיזער בעוואוסטזיין און שרעק זיינען מכפר כאטש א טהייל פון זיין שולד. איהר אלע אבער, פון די סעקרעטערען פון געריכט ביז דעם הויפט־מיניסטער און צאר, אינדירעקטע אנטהיילנעהמער פון טעגליך אויסגעפיהרטע פערברעכענס, איהר עפעס פיהלט גאר ניט אייער שולד, און איהר פערשפירט ניט יענעם געפיהל פון שאנדע, וועלכען עס האט בעדארפט ארויסרופען אין אייך דאס אנטהיילנעהמען אין די אויפגעטהאנענע שוידערליכקייטען. אמת, איהר האט פונקט אזוי מורא פאר מענשען, ווי דער הענקער, און איהר האט מורא דאס מעהר, וואס גרעסער עס איז אייער פעראנטוואָרטליכקייט פאר די בעגאנגענע פערברעכענס: דער פראקוראר האט מעהר מורא, ווי דער סעקרעטער, דער פארזיצענדער פון געריכט מעהר, ווי דער פראקוראר, דער גענעראל־גובערנאטאר מעהר ווי דער פארזיצענדער, דער פרעזידענט־מיניסטער נאך מעהר, דער צאר מעהר, ווי אלע. איהר אלע האט מורא, אבער ניט דערפאר, ווייל, ווי יענער תליון, איהר ווייסט, אז איהר האנדעלט שלעכט, נאר איהר האט מורא דערפאר, וואס אייך דוכט זיך, דאס מענשען האנדלען שלעכט.

און דארום דענק איך, דאס ווי ניעדריג עס איז געזונקען דער אונגליקליכער הויז־וועכטער, איז ער אבער מאראליש ניט דער ערך העכער פון אייך, אנטהיילנעהמער און טהיילווייז שולדיגע אין דיעזע שרעקליכע פערברעכענס — מענשען, וועלכע אורטהיילען אנדערע, און ניט זיך, און וועלכע האלטען שטאלץ זייערע קעפ.

## VI.

איך ווייס, דאס אלע מענשען זיינען מענשען; דאס מיר אלע זיינען שוואך, דאס מיר אלע בלאנדזשען, און דאס איין מענש טאר ניט ריכטען א צווייטען. איך האב לאנג געקעמפפט מיט יענעם געפיהל, וועלכען עס האבען ארויסגערופען און רופען ארויס אין מיר די שולדיגע פון דיעזע שרעקליכע פערברעכענס, און אלץ גרעסערע, וואס העכער עס שטעהען די מענשען אויף דעם געזעלשאפטליכען לייטער. אבער איך קען ניט און וויל ניט מעהר קעמפפען געגען דיעזען געפיהל. און איך קען ניט און וויל ניט ערשטענס, דערפאר, ווייל פאר די מענשען, וועלכע זעהען ניט דיעזע גאנצע פערברעכערישקייט איז נויטיג א בלויז־שטעלונג, נויטיג אי פאר זיי, אי פאר יענע מאסע מענשען, וועלכע אונטער דעם איינפלוס פון א געפיהל פון פערעהרונג צו דיעזע מענשען, זיינען זיי מסכים צו דיעזע שרעקליכע טהאטען, און זאגאר סטארען זיך זיי נאכצוטהאן. צווייטענס קען איך ניט און וויל ניט מעהר קעמפפען מיט דיעזען געפיהל, ווייל מיין בלויז־שטעלונג פון דיעזע מענשען וועט ארויסרופען פאר מיר די געוווינשטע ארויסשטויסונג אויף אזא אדער אויף אן אנדער אופן פון יענעם קרייז מענשען, צווישען וועלכע איך לעב און אין וועלכע איך קען זיך ניט־פיהלען אלס אנטהיילנעהמער אין די פערברעכענס, וואס ווערען בעגאנגען ארום מיר.

ווארים אלעס, וואס ווערט געטהאן איצט אין רוסלאנד, טהוט זיך דאך אין דעם נאמען פון דעם אלגעמיינעם וואהלזיין, אין דעם נאמען פון פערזיכערונג און בערוהיגונג פון דעם לעבען פון די מענשען, וועלכע לעבען אין רוסלאנד. און ווען דאס איז אזוי, טהוט זיך דאס אלעס אויך פאר מיר, וועלכער לעבט אין רוסלאנד. פאר מיר, אלזא, איז אויך די ארימקייט פון פאלק, וואס איז בערויבט פון דעם ערשטען, פון דעם סאמע נאטירליכען מענשליכען רעכט — פון צו בענוצען זיך מיט דער ערד, אויף וועלכער ער איז געבארען געווארען; פאר מיר זיינען דערהאלבער מיליאן מוזשיקעס אוועקגעריסען פון א גוטען לעבען, וועלכע ווערען אנגעטהאן אין מונדירען, און וועלכע ווערען געלערנט צו מארדען; פאר מיר דיעזע ליגנערישע, זאגענאנטע

גייסטליכקייט, וועמעס הויפט־פפליכט עס איז די פערדרעהונג און פערבעהאלטונג פון דעם אמת'ן קריסטענטהום; פאר מיר זיינען עס דיעזע ארויסשיקונגען פון מענשען פון איין פלאץ אויף אן אנדערען; פאר מיר זיינען די הונדערטע טויזענדע הונגערענדע, וואנדערענדע ארבייטער איבער רוסלאנד; פאר מיר דיעזע הונדערטע טויזענדע אונגליקליכע, וועלכע שטארבען פון טיפוס, פון צינגא אין די פעסטונגען און טיורמעס, וועלכע זיינען ניט גענוג פאר אלעמען; פאר מיר דאס ליידען פון די מאמעס, פרויען, טאטעס, פערטריבענע, פערשפארטע, אויפגע־האנגענע. פאר מיר דיעזע שפיאנען, אונטערקויפונגען, דיעזע מערדערישע פאליציייסקע, וועלכע קריגען א בעלוינונג פאר מארדען. פאר מיר דיעזע בעגראבונג פון צעהנדליגע, הונדערטע צושאסענע; פאר מיר דיזע שרעקליכע ארבייט פון די מענשען־הענקער, וועלכע עס איז געווען אזוי שווער צו קריגען, אבער וועלכע מיאוס'ען זיך שוין ניט איצט אזוי מיט דיעזער ארבייט; פאר מיר דיעזע תליות מיט אנגעזייפטע פעטליעס מיט די הענ־גענדע אויף זיי פרויען, קינדער און מענער; פאר מיר דיעזער צארן פון מענשען געגען מענשען.

און ווי זאנדערבאר עס איז די בעהויפטונג וועגען דעם, אז דאס אלעס טהוט זיך פאר מיר און דאס איך בין דער אנטהיילנעהמער אין דיעזע שרעקליכע טהאטען, פון דעסט־וועגען קען איך ניט ניט פיהלען, אז עס איז דא אן אונצווייפעל־האפטע שייכות צווישען מיין גראמען צימער, מיין מיטאג, מיין קלייד, מיין פרייע צייט און יענע שרעקליכע פערברעכענס, וועלכע ווערען בעגאנגען אום איינצושרעקען די יעניגע, וועלכע וואלטען געוואונשען אוועקצונעהמען פון מיר דאס, מיט וואס איך בענוץ זיך. און כאטש איך וויים אויך, דאס יענע אלע היימ־לאזע, דערצארנטע, פערדארבענע מענשען, וועלכע וואלטען אב־גענומען ביי מיר דאס, מיט וואס איך בענוץ זיך, ווען ניט די מורא פאר די רעגיערונג, זיינען בעשאפען פון דער רעגיערונג גופא, פון דעסטוועגען קען איך ניט ניט פיהלען, דאס אין דער מינוט הענגט פארט אב מיין רוה פון אלע יענע שרעקענס, וועלכע ווערען איצט אויפגעטהאן פון דער רעגיערונג.

און דאָס בעגרייפענדיג, קען איך עס לענגער ניט איבער־טראָגען, איך קען ניט און מוז זיך בעפרייען פון דיעזער פיינליכער לאַגע.

מען קען אזוי ניט לעבען. איך, לכל הפחות, קען אזוי ניט לעבען. קען ניט און וויל ניט.

דארום שרייב איך עס און וועל מיט אלע כחות פערשפריי־טען דאָס, וואָס איך שרייב אי אין רוסלאַנד און אי אויסער רוסלאַנד, אום עס זאָל קומען איינס פון דיביידע: אָדער עס זאָלען זיך ענדיגען די אונמענשליכע טהאטען, אָדער עס זאָל פערניכטעט ווערען מיין פערבינדונג מיט דיעזע טהאטען, דאָס מען זאָל מיך אָדער אריינזעצען אין געפענגניס, וואו איך זאָל קענען קלאָר פיהלען, אז ניט פאר מיר ווערען געטהאָן דיעזע אלע שרעקענס אָדער, וואָס עס וואָלט געווען נאָך בעסער פון אליץ (אזוי גוט, אז איך ערלויב זיך גאָר ניט צו טרוימען פון אזא גליק) מען זאָל אָנטהאָן אויף מיר ווי אויף יענע צעהן אָדער צוועלף מוזשיקעס דעם טוידטען־קלייד, מען זאָל מיך אויך אראָבשטויסען פון בענקעל, כדי איך זאָל מיט מיין וואָג פער־ציהען אויף מיין אלטען האלז די אָנגעזייפטע פעטליע.

VII.

און אָט אום צו דערגרייכען איינעם פון דיעזע צוויי צוועק־קען, ווענדע איך זיך צו די אלע אָנטהיילנעהמער אין דיעזע שרעק־ליכע טהאטען, איך ווענד זיך צו אלעמען, אָנפאַנגענדיג פון די, וועלכע טהוען אָן אויף די ברידער־מענשען די טוידטען־קיטלען און די פעטליעס, פון די געפענגניס־וועכטער און ביז אייך, די הויפט־בעפעהלער און בעשליסער פון דיעזע שרעקליכע פער־ברעכענס.

מענשען־ברידער! בעדענקט אייך, בעטראַכט, פערשטעהט וואָס איהר טהוט. דערמאָנט זיך, ווער זיינט איהר! וואָרים, פריהער איידער איהר זיינט הענקער, גענעראלען, ריכטער, פריים־מיניסטאָרען, צארען, זיינט איהר דאָך מענשען. היינט האָט איהר ארויסגעקוקט אויף גאָט׳ס וועלט, מאָרגען וועט איהר שוין ניט זיין (אייך הענקער פון יעדען סאָרט, וועלכע האָבען

ארויסגערופען און רופען ארויס געגען זיך א בעזונדערע שנאה, איהר מעגט עס אודאי געדענקען). צו דען איהר, וועלכע האָבען ארויסגעקוקט אויף א קורצען אויגענבליק אויף גאָט'ס וועלט — וואָרים, אויב מען וועט אייך ניט טוידטען, איז אָבער דער טוידט שטענדיג הינטער די פּלייצעס — צו דען זעהט איהר ניט אין אייערע ליכטיגע מינוטען, דאָס אייער בערוף אין לעבען קען ניט זיין, דאָס איהר זאָלט פּייניגען, טוידטען מענשען, אליין ציטערען פאַר שרעק צו ווערען גע'הרג'עט, און זאָגען ליגען זיך אליין, פאַר מענשען און פאַר גאָט, דאָס נעהמענדיג אנטהייל אין דיעזע טהאטען, טהוט איהר א וויכטיגע גרויסע זאך פאַר דאָס גליק פון מיליאָנען? צו דען ווייסט איהר אליין ניט, ווען איהר זייט ניט בערוישט פון דאָס ארומיגע, פון חניפה און פון די געוועהנליכע סאָפיזמען, אז דאָס אלעס איז בלויז ווערטער, אויסגעטראַכט נור צוליעב דעם, כדי מען זאָל זיך קענען האלטען פאַר א פיינעם מענשען אפילו ווען מען בעגעהט די ערגסטע פערברעכענס? איהר קענט עס ניט ניט וויסען, דאָס פאַר אייך, ווי פאַר יעדען פון אונז איז דאָ נור צו טהאָן איין ריכטיגע זאך, וועלכע שליסט שוין איין אין זיך אלע איבעריגע זאכען, און דאָס איז, אזוי דורכלעבען דיעזע קורצע צייט אויף דער ערד אין איינקלאַנג מיט יענעם ווילען, וועלכער האָט אונז געשיקט אין דיעזער וועלט, און אין איינקלאַנג מיט איהם פערלאָזען איהר. דיעזער ווילען אָבער וויל נור איינס: די ליעבע פון מענשען צו מענשען.

איהר אָבער, וואָס טהוט איהר? אויף וואָס גיט איהר אוועק אייערע גייסטיגע כחות? וועמען ליעבט איהר? ווער האָט אייך ליעב? אייער פרוי, אייערע קינדער? אָבער דאָס איז דאך ניט קיין ליעבע. די ליעבע פון א פרוי, קינדער — דאָס איז ניט קיין מענשליכע ליעבע. אזוי ליעבען נאך שטאַרקער די חיות. מענשליכע ליעבע — דאָס איז די ליעבע פון מענשען צו מענ־שען, צו יעדען מענשען, ווי צו גאָט'ס זוהן, און דאַרום אויך, א ברודער.

וועמען־זשע ליעבט איהר אזוי? קיינעם ניט. און ווער ליעבט אייך? קיינער ניט.

פאַר אייך האָט מען מורא, ווי פאַר'ן הענקער, אָדער ווי פאַר א ווילדע חיה. אייך חנפה'עט מען, ווייל אין הארצען פערּאכטעט מען אייך און מען האסט — און וואָס פאַר א האס! און איהר ווייסט עס, און איהר האָט מורא פאַר מענשען.

יא, בעדענקט זיך, איהר אַלע פון די העכסטע ביז די ניעדעּריגסטע אנטהיילנעהמער אין די פערברעכענס, בעדענקט זיך, ווער איהר זיינט און הערט אויף צו טהאָן דאָס, וואָס איהר טהוט. הערט אויף — ניט פאַר זיך, ניט פאַר אייער פערזענּליכקייט, און אויך ניט פאַר מענשען, נור צוליעב דעם, אז מענשען זאָלען אייך ניט אורטהיילען, נור פאַר אייער נשמה, פאַר יענעם גאָט, וועלכער, ווי איהר זאָלט איהם ניט וועלען פערשטיקען, לעבט אין אייך.

# יעדען איינציגענס פפליכט*)

## וואס איז אייגענטליך צו טהאָן?

„זאָגט אָבער וואס אייגענטליך זאָל מען טהאָן, אום איינצו־אָרדנען די געזעלשאפט?“ זאָגען געוועהנליך די מענשען פון די פערמעגענדע קלאסען.

דיזע מענשען זיינען שוין אזוי צוגעוואוינט צו זייער ראָליע פון שקלאפען־בעזיצער, דאָס ווען מען רעדט וועגען די פערבע־סעו׳ונג פון די ארבייטער־לאגע, הויבען זיי גלייך אָן צו טראכ־טען איבער פערשיעדענע פלענער פאר זייערע שקלאפען, און עס קומט זיי גאָר אויפ׳ן געדאנק ניט, דאָס זיי האָבען קיין רעכט צו געוועלטיגען איבער דעם לעבען פון אנדערע מענשען, און דאָס אויב זיי ווינשען ווירקליך גוטעס צו טהאָן, קענען זיי נור טהאָן איין זאך — און דאָס איז, אויפצוהערען צו טהאָן דאָס שלעכטע, וואס זיי האָבען ביז יעצט געטהאָן. און דאָס שלעכטע, וואס זיי טהוען, איז זעהר בעשטימט און קלאָר. עס איז ניט נור דאס. וואס זיי בענוצען זיך מיט די געצוואונגענע ארבייט פון די שקלאפען און ווילען זיך ניט ענטזאגען פון דיזען געברויך, נור אויך דאָס, וואס זיי אליין נעהמען אנטהייל אין די אויפ־בויאונג און אונטערשטיצונג פון דיזע געצוואונגענע ארבייט. אָט וואס זיי דארפען אויפהערען צו טהאָן.

די ארבייטער, וויעדער, זיינען אזוי פערדאָרבען געוואָרען פון זייער געצוואונגענער שקלאפעריי, דאָס די מייסטע פון זיי דוכט זיך אויס, דאָס אויב זייער לאגע איז א שלעכטע, זיינען

---

*) דיזער קאפּיטעל איז אייגענטליך דער לעצטער פון דעם בוך „די שקלאפעריי פון אונזער צייט“, וואס מיר דרוקען אין אָנפאנג פון דיזען בוך. מיר האָבען עס אָבער געהאַלטען פאר ראטהזאם צו דרוקען דיזען קאפּיטעל צו ענדע פון בוך, ווייל ער דריקט נאָך אונזער מיינונג אויס אם שארפסטען די פאָדערונגען, וועלכע טאָלסטאָי שטעלט צום איינצעלנעם בנוגע זיין לעבען אין דער געזעלשאפט. — איבערזעצער.

שולדיג אין דעם די בעלי־בתים, די בעזיצער פון די פּראָדוק־ציאָנס־מיטלען, וועלכע צאָהלען זייערע ארבייטער אזוי וועניג. עס פאלט זיי גאר ניט איין, דאָס זייער שלעכטע לאגע הענגט אָב פון זיי זעלבסט, און דאָס ווען זיי ווילען ווירקליך פערבעסערען זייער אייגענע לאגע, ווי אויך פון זייערע ברידער, איז די הויפּט־זאך, וואָס זיי מוזען טהאָן, אליין אויפהערען צו טהאָן שלעכטעס. און דאָס שלעכטע, וואָס זיי טהוען, בעשטעהט אין דעם, דאָס ווינשענדיג צו פערבעסערען זייער מאטעריעלע לאגע מיט דיעזלבע מיטלען, דורך וועלכע זיי זיינען פּרשקלאפּט געוואָרען, נעהמען די ארבייטער אָן, אום צו בעפרידיגען די געוואוינהייטען, וועלכע זיי האָבען זיך אָנגעאייגנעט, ערנידעריגענדע אונמאָראלישע שטעלען אָדער שאפען ניט־נויטיגע און שעדליכע זאכען, אויפאָפּפערענדיג אויף אזא אופן זייער מענשען־ווערדע און זייער פרייהייט. די הויפּט־זאך אָבער איז, דאָס זיי אונטערשטיצען די רעגיערונגען, און דערמיט פערשקלאפּען זיי זיך אליין.

אז די לאגע פון מענשען זאָל זיך פערבעסערען, מוזען אלע, ווי די ארבייטער, אזוי די פון די פערמעגענדע קלאסען, פערשטעהען, אז מען קען ניט פערבעסערען די לאגע פון מענשען, און טראכטען אין דערזעלבער צייט פון אייגענער וויגאָדע; דאָס מען קען ניט דיענען דער מענשהייט אָהן עטוואָס אויפצואָפּפערען, און דאריבער, ווען די מענשען ווילען ווירקליך פערבעסערן די לאגע פון זייערע ברידער, און ניט זייערע אייגענע, מוזען זיי זיין בערייט ניט נור אויף די אומענדערונג פון די גאנצע אָרדנונג פון לעבען, צו וועלכען זיי זיינען געוואוינט, און אויף דעם פערלוסט פון דיזע אלע בעקוועמליכקייטען, וועלכע זיי האָבען געהאט, נור אויך אויף אן ענערגישען קאמפף — ניט מיט די רעגיערונגען — נור מיט זיך און זייערע פאמיליען, זיי מוזען זיין פערטיג אריבערצוטראָגען די פערפאָלגונגען פאר די ניט־ערפילונג פון די רעגיערונגס־פאָרדערונגען.

און דארום איז דער ענטפער אויף די פראגע: „וואָס איז אייגענטליך צו טהאָן", א זעהר איינפאכער, און אויך גאנץ בעשטימט און אויספיהרבאר צוליעב דעם, ווייל ער פאָרדערט

אויף צו טהעטיגקייט די איינציגע פערזאָן, איבער וועלכע יע־
דער האָט א ווירקליכע, אונצווייפעלהאַפטע מאכט, און דאָס
איז — איבער זיך זעלבסט, און בעשטעהט אין דעם, דאָס אויב
א מענש — מאכט ניט אויס שקלאָף אָדער שקלאַפען־בעזיצער
— וויל ווירקליך פערבעסערען ניט נור זיין אייגענע לאַגע, נור
די לאַגע פון אלע, דארף ער ניט טהאָן דאָס שלעכטע, וואָס
מאכט איהם און זיינע ברידער צו לעבען אין שקלאַפעריי. און
אום ניט צו טהאָן דאָס, וואָס ברענגט אונגליק אויף איהם און
זיינע ברידער, מוז ער:

ערשטענס, ניט פרייוויליג און ניט דורך צוואַנג נעהמען
אירגענד וועלכען אנטהייל אין די רעגיערונגס־טהעטיגקייטען,
ער טאָר ניט ווערען ניט קיין סאָלדאַט, ניט קיין פעלדמארשאַל,
ניט קיין מיניסטער, ניט קיין טאַקס־קאָלעקטאָר, ניט קיין פּאָ־
ליסמאַן, ניט קיין מעיאָר, ניט קיין דזשורי־מען, ניט קיין גובער־
נאַטאָר, ניט קיין פּארלאַמענט־מיטגליעד. און איבערהויפּט
ניט אָננעהמען קיין אמט, וואָס איז פערבונדען מיט געוואַלד.

דאָס איז איינס.

צווייטענס, קיין מענש טאָר ניט געבען פרייוויליג קיין טעק־
סעס, ניט דירעקטע און ניט אינדירעקטע, און אויך טאָר ער זיך
ניט בענוצען מיט דעם געלד, געזאַמעלט פון טעקסעס, ניט אין די
געשטאַלט פון געהאַלט, פון פּענסיאָנען, מתנות און עהנליכעס.

דאָס איז צוויי.

דריטענס, דער מענש, וואָס פערלאַנגט די פערבעסערונג
פון די לאַגע פון אלע און ניט נור פון זיינע אייגענע, טאָר קיין
מאָל זיך ניט ווענדען צו די רעגיערונגס־געוואַלד פאר די בעשי־
צונג פון זיין בעזיצטהום פון לאַנד און אַנדערע זאכען, ניט פאר
די בעשיצונג פון געפאהר פון זיך און זיינע נאָהענטע, און האָבען
נאָר אין זיין בעזיץ אזוי פיעל לאַנד און אזוי פיעל זאכען, אויף
וויפיעל עס זיינען ניטאָ אויף זיי קיינע פאָרדערונגען פון אנדערע
מענשען.

„אָבער אזא טהעטיגקייט איז אונמעגליך: אָבצוזאָגען זיך
פון יעדען אנטהייל אין די רעגיערונגס־טהעטיגקייטען, הייסט
זיך אָבצוזאָגען פון לעבען“ — וועלען פיעלע ענטפערען.

דער מענש, וואָס וועט זיך ענטזאגען צו דיענען אלס סאָל־דאַט, וועט אריינגעוואָרפען ווערען אין אָסטראָג. דער מענש, וואָס צאָהלט ניט קיין טעקסעס, ווערט בעשטראָפט, און די טעקסעס ווערען אויפגעמאָהנט פון זיין אייגענטהום. דער מענש, וואָס וועט זיך ענטזאגען פון א רעגיערונגס־אמט, ניט האָבענדיג קיין אנדערע לעבענס־מיטעל, וועט שטארבען מיט זיין פאמיליע פון הונגער; דאָס זעלבע וועט אויך פאסירען מיט א מענשען, וואָס וועט זיך ענטזאגען פון דעם שוץ פון זיין אייגענטהום און זיין פערזאָן; און, וויעדער, ניט בענוצען זיך מיט די זאכען, וואָס זיינען געטעקסט, איז אונמעגליך, ווייל גאַנץ אָפט זיינען די נויטווענדיגסטע זאכען בעלאַסטעט מיט טעקסעס און מען קען דאָך אויך ניט אויסקומען אָהן אזעלכע רעגיערונגס־אנשטאַלטען, ווי די פּאָסט, די וועג, און אנדערע זאכען.

עס איז גאנץ אמת, דאָס א מענשען פון אונזער צייט איז גאַנץ שווער זיך צו ענטזאגען פון יעדען אנטהייל נעהמען אין די רעגיערונגס־געוואַלד. אָבער דאָס, וואָס ניט יעדער מענש קען אוועקשטעלען זיין לעבען אַזוי, דאָס ער זאָל גאָר ניט האָבען צו טהאָן מיט די רעגיערונג, בעווייזט נאָך ניט פאַר קיין פאַל, דאָס ער זאָל אַלץ מעהר און מעהר ניט קענען זיך בעפרייען פון איהר. ניט יעדער מענש וועט האָבען דעם מוטה זיך צו ענטזאגען פון צו זיין א סאָלדאַט (כאָטש עס זיינען דאָ און וועלען זיין אזעלכע), אָבער יעדער מענש קען ניט אונגערן, ניט מיט זיין ווילען, ווערען א פּאָליצייסקער, א ריכטער, און קען בעסער פערנעהמען א פריוואט־שטעלע, וואָס בעצאָהלט זיך ווענינער, ווי די רעגיערונגס־שטעלע. ניט יעדער מענש וועט זיך אָבזאָגען פון זיין אייגענטהום אין לאַנד (חאָטש עס זיינען דאָ אזעלכע, וואָס טהוען עס), אָבער יעדער מענש קען פערשטעהן די שלעכטסקייט פון אזא אייגענטהום און פערקלענערען איהרע גרענעצען. ניט יעדער מענש קען זיך ענטזאגען פון זיין קאַפּיטאַל (עס זיינען דאָ אויך אזעלכע), און פון בענוצען זיך מיט די זאכען, וואָס זיינען בעשיצט פון די רעגיערונגס־געוואַלד, אָבער יעדער קען פערקלענערען זיינע בעדירפניסע; אַלץ ווענינער און ווענינער נויטיגען זיך אין די זאכען, וואָס רופען ארויס די קנאה פון אנ־

דערע מענשען. ניט יעדער קען זיך אָבזאָגען פון א רעגיערונגס־געהאַלט (עס זיינען דאָ אַזעלכע, וואָס האַלטען פאַר בעסער צו פערהונגערען איידער אָנצונעהמען אַן אונעהרליכע רעגיערונגס־טהעטיגקייט), אָבער יעדער קען בעסער האָבען א קלענערען געהאַלט אָהן געוואַלד, איידער האָבען א גרעסערען געהאַלט, פערבונדען מיט געוואַלד. ניט יעדער קען זיך ענטזאָגען פון צו בענוצען זיך מיט רעגיערונגס־שולען (עס זיינען דאָ אויך אַזעלכע), אָבער יעדער קען פאָרציהען א פריוואַט־שול צו א רעגיערונגס־שול. יעדער קען אַלץ וואָס ווייניגער און ווייניגער זיך בענוצען מיט די זאַכען, וואָס ווערן געטעקסט, און וואָס ווייניגער און ווייניגער מיט די רעגיערונגס־אַנשטאַלטען.

צווישען די איצט עקזיסטירענדע אָרדנונג, וואָס איז געגרינדעט אויף די רויהע געוואַלד, און דעם אידעאַל פון לעבען, וועלכער בעשטעהט אין די געמיינשאַפטליכקייט פון די מענשען, געגרינדעט אויף א פערנינפטיגע איינפערשטענדניס, פערפעסטיגט דורך מנהגים, איז דאָ אַן אונענדליכע צאָהל פון שטופען, איבער וועלכער אָהן אַן אויפהער די מענשהייט איז געגאַנגען און געהט, און די דערנעהענטערונג צו דיזען אידעאַל ווערט אַלץ מעהר, וואָס מעהר די מענשען בעפרייען זיך פון דעם אַנטהייל נעהמען אין געוואַלד, פון דעם געברויך מיט איהר און פון די געוואָוינהייט צו איהר.

מיר ווייסען ניט און קענען ניט פאָראויסזעהען, און דאָס מעהר נאָך פאָרשרייבען, ווי דאָס טהוען די כלומר'שט־געלעהרטע, ווי אַזוי וועט אויסגעפיהרט ווערען דיזע שטופּענווייזע אָבשוואַכונג פון די רעגיערונגען, און ווי די מענשען וועלען ענדליך פריי ווערען פון זיי; מיר ווייסען ניט וועלכע פאָרמען וועט אָננעהמען דער מענשליכער לעבען אין איינקלאַנג מיט די שטופענווייזע בעפרייאונג פון מענשען פון די רעגיערונגס־געוואַלד, אָבער דאָס ווייסען מיר אָהן צווייפעל, דאָס דער לעבען פון די מענשען, וועלכע, בעגרייפענדיג די שעדליכקייט און שלעכטסקייט פון די טהעטיגקייט פון רעגיערונג, וועלען זיך געבען די מיה ניט צו בענוצען זיך און אַנטהייל צו נעהמען אין איהר, וועט זיין א גאַנץ אַנדערער, און מעהר אין איינקלאַנג מיט די

לעבענס־געזעצע און מיט אונזער געוויסען, ווי דער איצטיגער, ווען די מענשען אליין, נעהמענדיג אנטהייל אין די געוואלד פון די רעגיערונגען און בענוצענדיג זיך מיט איהר, מאכען אן אנ־שטעל, דאָס זיי קעמפפען מיט איהר, שטטרעבענדיג מיט א נייע געוואלד־טהאט צו פערניכטען די אלטע.

די הויפטזאך איז אָבער די, דאָס די איצטיגע אָרדנונג פון לעבען איז שלעכט. אין דעם זיינען אלע איינפערשטאַנען. די אורזאכע פון די שלעכטע לאַגע און פון די שקלאַפעריי איז צו זוכען אין די געוואלד פון די רעגיערונגען, און אום צו פערניכ־טען די רעגיערונגס־געוואלד, איז דאָ נור איין מיטעל: מענ־שען זאָלען זיך צוריקהאלטען פון צו נעמען אנטהייל אין גע־וואלד, און דארום, ווי שווער אָדער ניט שווער פאר די מענשען דאָס איז צו טהאָן, צו שנעל אָדער ניט שנעל וועלען זיך ארויס־ווייזען די רעזולטאטען פון אזא האנדלונג — דאָס אלעס זיינען איבעריגע פראגען, ווייל פאר די בעפרייאונג פון מענשען פון שקלאַפעריי איז דאָ נור דיזער איינציגער מיטעל, קיין אנדערער איז ניטאָ.

אין וואָס פאר א גראד, וויעדער, און ווען וועט פערווירק־ליכט ווערען אין יעדער געזעלשאפט און אין דער גאנצער וועלט די אומענדערונג פון געוואלד אויף א פערנינפטיגע איינפער־שטענדניס, דאָס וועט אָבהענגען פון די קראפט פון דעם בע־וואוסטזיין פון די מענשען אין אלגעמיין און פון די צאָהל פון די איינצעלנע מענשען, וואָס האָבען זיך אָנגעאייגנעט דיזען בע־וואוסטזיין. יעדער פון אונז איז א בעזונדער מענש און יעדער פון אונז קען זיין א שותף אין די אלגעמיינע מענשליכע בעווע־גונג דורך א מעהר אָדער ווענינער קלאָרען בעוואוסטזיין, אָדע־ער קען זיין א געגנער פון דיזע בעוועגונג. יעדען שטעהט פריי אויסצוקלייבען איינע פון דיזע צוויי וועגען.

אָבער, עס קען זיין, אז איך האָב א טעות, און פון די געשיכ־טע דער מענשהייט קען מען מאכען גאנץ אנדערע שליסע, און דאָס די מענשהייט געהט ניט צו בעפרייאונג פון געוואלד און פיעללייכט קען מען בעווייזען, דאָס געוואלד איז א נויטיגער פאקטאָר פון פראָגרעס; דאָס דער שטאאט מיט זיין געוואלד איז

א נויטוועגדיגע לעבענס־פּאָרמע, דאָס מענשען וועט זיין ערגער, ווען עס וועלען ניט זיין קיין רעגירונגען, קיין אייגענטהום און קיין שוץ.

לאָמיר צוגעבען, אז עס איז אזוי, דאָס אַלע פריהעריגע אר־גומענטען זיינען פאַלש, אָבער איסער די פראגע פון דעם לעבען פון די מענשהייט אין אַלגעמיין, איז דאָך ביי יעדען מענשען דאָ אַ פראגע וועגען זיין אייגענעם לעבען, און אונגעאכטעט אויף אירגענד וועלכע ארגומענטען וועגען די אַלגעמיינע לעבענס־געזעצע, קען דאָך ניט דער מענש טהאָן דאָס, וואָס ניט נור ער אָנער־קענט פאַר שעדליך, נור פאַר שלעכט און געמיין.

„זעהר מעגליך, דאָס דער ארגומענט, אז דער שטאאט איז אַ נויטיגע פּאָרמע פאַר די ענטוויקלונג פון די פערזאָן, דאָס די שטאאטס־געוואַלד איז נויטיג פאַר דעם געזעלשאפטליכען גליק, זעהר מעגליך, אז דאָס אַלעס קען מען בעווייזען פון דער גע־שיכטע", וועט ענטפערען יעדער עהרליכער און אמת'ער מענש פון אונזער צייט; „אָבער מאָרדען איז דאָך אַ פערברעכען. דאָס ווייס איך בעסער פון אַלע ארגומענטען; פאָדערענדיג אָבער פון מיר, איך זאָל אליין ווערען אַ סאָלדאט, אָדער געלד, אום צו דינגען און בעוואַפענען אנדערע, אָדער אום צו קויפען קאַנאָנען און קריעגס־שיפען, ווילט איהר דאָך מיר מאַכען פאַר אַ טהייל־האָבער אין מאָרד, און דאָס, ניט נור, וואָס איך וויל ניט, נור איך קען ניט. פונקט אזוי וויל איך אויך ניט געברויכען די געלד, וועלכע איהר האָט ארויסגעריסען פון די הונגעריגע, סטראשענדיג זיי צו ערמאָרדען, ווען זיי זאָלען זיך ענטזאגען נאָכצוקומען אייער וואונש; איך וויל אויך ניט בענוצען זיך מיט די לאַנד און די קאַפּיטאַלען, וועלכע איהר בעשיצט, ווייל איך ווייס, אז איהר בעשיצט עס דורך מאָרד.

איך האָב עס אַלעס געקאָנט טהאָן, ביז איך האָב ניט פער־שטאַנען דעם גאַנצען פערברעכען פון דיזע טהאטען, אָבער אזוי שנעל, ווי איך האָב עס דערזעהן, קען איך עס שוין מעהר ניט אויפהערען צו זעהען און קען מעהר ניט אנטהייל נעהמען אין דיזע טהאטען.

איך ווייס, דאָס מיר זיינען אַלע אזוי פערבונדען דורך גע־

וואלד, דאָס עס איז זעהר שווער איהר גענצליך צו בעזיעגען, דאָך וויל איך טהאָן אלעס, וואָס איך קאָן, אום איהר אויסצומיי־דען, איך וועל גאָר ניט טהאָן, אום איהר אין עטוואָס צו העלפען, און איך וועל מיר געבען די מיה ניט צו בענוצען זיך מיט קיין זאַך, וואָס איז ערוואָרבען געוואָרען און ווערט בעשיצט דורך מאָרד.

איך האָב מעהר ניט, ווי איין לעבען, און צו וואָס זאָל איך אין דיזען קורצען לעבען מיינעם, האַנדלענדיג געגען מיין געווי־סען, האָבען עטוואָס צו טהאָן מיט אייערע מעשים תעתועים? — איך וויל עס ניט און וועל עס ניט!

און וואָס דערפון וועט ארויסקומען — ווייס איך ניט! איך דענק נור, דאָס שלעכטעס וועט ניט ארויסקומען פון דאָס, וואָס איך וועל טהאָן, ווי מיין געוויסען וועט מיר הייסען.“

אזוי דארף ענטפערען יעדער עהרליכער און אמת׳ער מענש פון אונזער צייט אויף יעדער ארט פון ארגומענטען וועגען די נויטוועדיגקייט פון רעגיערונגען און געוואלד און אויף יעדע פאָרדערונג אָדער איינלאדונג צו האָבען אירגענד וואָס צו טהאָן מיט איהר.

זאָ דאָס דער העכסטער ריכטער — די שטימע פון געווי־סען — בעשטעטיגט פאר איהם דאָס, צו וואָס עס פיהרען איהם די אלגעמיינע ארגומענטען.

